MEIR CORONA

# FARLOYRENE VEGN

## (Caminos Perdidos)

### NOVELA

EDITORIAL "MACOR"
MEXICO, D. F. 1953

---

:אדרעס פון מחבר
Meir Corona, Nuevo León 95-2, Tel. 11-37-80.
México, D. F.

## אינהאלט:

זייט

זייט

„אל יחפשו דרכים אובדות,
כי לעולם לא ימצאון".
(מ׳זאָל נישט זוכן פאַרלוירענע וועגן,
מ׳וועט זיי קיינמאָל נישט געפינען)

פון דאָקטאָר גאָרדאָנס צוואָה.

## פאַרלוירענע וועגן

(פאָרוואָרט)

ביים צוריק
צו זוכן גליק —
שווערער גאַנג.
עס דערוואַרט:
אַ לעבן האַרט,
צער און באַנג.

אויף יעדן וועג
גיב אַ פרעג
אויף דיין גליק,
נאָר מייד אוים
איין וועג בלויז —
דעם צוריק.

וואָס פאַרלוירן,
צום באַדויערן,
שוין אַוועק.
נאָך אַ ווינט,
וואָס פאַרשווינדט,
—פוסט געיעג!

# דאָקטאָר מאַקס קיזעלשטיין און זיין מוטער

פון פיר ביז זיבן נ. מ. זענען געווען די אויפנאַם־שעה'ען פון דעם יונגן קינדער־דאָקטאָר, מאַקס קיזעלשטיין, און שוין פון לאַנג פריער האָבן יונגע מאַמעס מיט זייערע קינדער פאַרנומען די לוקסוסדיקע וואַרט־סאַלאָנען פון דער קאָנסולטאַריע.

דעם דאָקטאָרס מוטער, בערטאַ קיזעלשטיין, איז געווען די וואָס האָט שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז די יונגע מאַמעס זאָלן נישט דאַרפן זיך לאַנגווייליקן אין דער צייט פון וואַרטן. זי האָט זיי אונטערגע־האַלטן מיט פאַרשידענע טשיקאַווע און פּיקאַנטע מעשה'ס, וואָס האָבן געקענט אינטערעסירן די יונגע ווייבלעך. זי, בערטאַ, האָט זיך אויסגעטויגט צו דעם. זי האָט געהאַט אַ וועלט מיט אַזעלכע מעשה'ס צו דערציילן. ווי פון אַ פליסיקן קוואַל האָבן אירע מעשה'ס גאָר קיינמאָל זיך נישט אויסגעשעפּט. דערביי האָט זי שוין אַזוי אויס־שפּעקולירט, אַז פון איר יעדער מעשה זאָל „צופעליק" אַרויסקומען אַ שמועס וועגן איר זון דעם דאָקטאָר.

פאַר די קינדער ווידער, די קליינטשיקע פּאַציענטן, איז געווען אַ ספּעציעלער, גרויסער סאַלאָן מיט אַלערליי שפּיל־פּאַרווייִ־לונגען אַזוי, אַז די קינדער זאָלן קענען זיין פאַרנומען אַליין מיט זיך און זיי זאָלן נישט דאַרפן באַלעסטיקן און שטערן זייערע מוטערס אויסצוהערן מיט אויפמערקזאַמקייט די אַלע געשיכטעס מיט וועלכע בערטאַ האָט זיי פאַראינטערעסירט.

בערטאַ קיזעלשטיין, דעם דאָקטאָרס מוטער, איז געווען אַ הויכע, אַ בלאָנדע, מיט לעבהאַפטע, בלויע אויגן און מיט אַ ליכטיק,

## מ א י ר  ק אָ ר אָ נ אַ

קיילעכדיק־אויסגעפולט פנים. איר גאַנצער שטעל און האַלטונג, בפרט נאָך אינם ווייסן פאַרטוך, האָט איר צוגעגעבן אַריסטאָקראַטישן חן, געמאַכט זי אימפּאָזאַנט און אָנגענעם.

בערטאַ איז געווען אַ פרוי שוין אין די ווייטע פופציקער יאָרן, אָבער ס'איז אוממעגלעך געווען איר דאָס צוצוגעבן. אירע בלאָנדע האָר האָבן טאַקע טיילווייז זיך שוין געריסן גרוי צו ווערן; איר שיין, ליכטיק פנים האָט אפילו חשק געהאַט צו קנייטשן זיך, אָבער בערטאַ האָט געהאַט געגוג מיטלען נישט צו דערלאָזן צו דעם. צווישן די יונגע מאַמעס, באַזוכערינס פון איר זונס קאָנסולטאַריע, האָט בערטאַ זיך געהאַלטן אַזוי יונג און שטיפעריש, גלייך ווי איינע פון זיי, כאָטש זי איז שוין געווען מער ווי טאָפּלט עלטער פון זיי.

עס איז געווען ערשט עטלעכע יאָר אינגאַנצן, ווי די קאָנסולטאַריע פון דאָקטאָר מאַקס קיזעלשטיין איז געעפנט געוואָרן און שוין איז דעם דאָקטאָר קיזעלשטיינס באַרימטקייט געווען אַ סך גרעסער ווי פון עלטערע, באַקאַנטע דאָקטוירים אויף דעם געביט. עס איז שוין געוואָרן אינם „אַריסטאָקראַטישן" טאָן פון יונגע, רייכע, יידישע מאַמעס, צו קענען זיך באַרימען, אַז זייערע קינדער געפינען זיך אונטער דער אויפזיכט פונם יונגן דאָקטאָר קיזעלשטיין.

עטלעכע וויכטיקע פאַקטאָרן האָבן צוגעפירט צו דעם, אַז דער יונגער דאָקטאָר קיזעלשטיין זאָל אַזוי פרי באַרימט ווערן.

עס איז געווען נישט קיין קליינער פאַקטאָר: די רייכע, לוקסוסדיקע אויסשטאַטונג פון דער קאָנסולטאַריע, מיט אירע פּרעכטיק־אויסמעבלירטע וואַרט־סאַלאָנען. דאָס איז געווען אַ געשאַנק פונם דאָקטאָרס רייכן שווער, סאַלאָמאָן גרינשפּאַן.

אַ פאַקטאָר איז אויך געווען: די גרויסע פריינדשאַפט־באַציונגען, וואָס דעם דאָקטאָרס עלטערן האָבן געהאַט מיט דער יידיש־דייטשישער קאָלאָניע פון מעקסיקע, פון וועלכער דער דאָקטאָר האָט געהאַט אַ גרויסע צאָל פּאַציענטן.

עס איז אויך געווען אַ פאַקטאָר דאָס, וואָס דאָקטאָר קיזעלשטיין, שוין נאָכדעם ווי ער האָט באַקומען זיין דאָקטאָראַט אין מעקסיקע איז אַוועק לערנען אין פילאַדעלפיער אוניווערסיטעט, פון די פאַראייניקטע שטאַטן, כדי דאָרטן צו פאַרפולקאָמען זיך אין זיין

# פאַרלוירענע וועגן

מעדיצינישן שטודיום, וואָס האָט אים צוגעגעבן פּרעסטיזש און פאַרגרויסט זיין נאָמען.

א גאַנץ גרויסער פאַקטאָר איז אויך געווען: דער אימפּאָזאַנטער, שיינער אויסזען פון דעם דאָקטאָר אַליין. דאָס האָט אין א היפּשער מאָס צוגעבראַכט, אַז יונגע ווייבלעך זאָלן וועלן קומען אָפט מיט זייערע קינדער, און מיט זיך, צו וויזיטירן דעם יונגן שיינעם דאָקטאָר אין זיין קאָנסולטאָריע און צו רופן דעם דאָקטאָר אויף וויזיטן אין זייערע היימען.

א הויכער איז ער געווען, דאָקטאָר מאַקס קיזעלשטיין, מיט א לענגלעך, גוטמוטיק, צעשמייכלט, ברונעט פּנים, מיט קלוגע, שוואַרצע, פלאַמיקע אויגן, מיט א הויכן שטערן, איבער וועלכן עס האָט זיך געהויבן א פּעך־שוואַרצע, געקרויזטע שטופּרינגע. אינגאַנצן האָט ער אויסגעזען ווי א לעגענדאַרישער, אָריענטאַלער, יונגער פּרינץ.

נאָך א פאַקטאָר, און גאָר א וויכטיקער, אין דאָקטאָר קיזעל־שטיינס גרויסער פּראַקטיק, איז געווען די מוטער זיינע, בערטאַ קיזעלשטיין.

פון מאַקס קינדער־יאָרן אָן האָט די מוטער זיינע געשטעלט זיך פאַר אַן אויפגאַבע, די גרעסטע אין איר לעבן, צו מאַכן פון איר זון א גרויסע, באַרימטע פּערזענלעכקייט. טריט נאָך טריט האָט זי די דאָזיקע אויפגאַבע אירע נאָכגעפאָלגט. פריער האָט זי זיך איינגערעדט, אַז פון איר מאַקסן דאַרף אויסוואַקסן א וועלט־באַרימטער מוזיקער. אָבער ווען, שפּעטער נאָך יאָרן, זי האָט אייגעזען, אַז דאָס וועט איר נישט געלינגען, האָט זי באַשלאָסן אַז פון איר זון דאַרף אויסוואַקסן, ווייניקסטנס, א באַרימטער מעדיקער.

יעדע געלעגנהייט האָט בערטאַ אויסגענוצט צו רעדן וועגן איר זונס געניאַליטעט, צו שאַפן אַרום אים א גלאָריע פון וווּנדערלעכ־קייט און גרויסקייט, און צו פאַרשפּרייטן וועגן אים פאַרשידענע, אויסטערלישע מעשה׳ס, אויספאַנטאַזירטע און צוגעטראַכטע.

ווען מאַקס איז נאָך געווען א סטודענט האָט זיין מוטער שוין געלאָזט אין גאַנג איר גאַנצן פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַט וועגן איר זונס חכמה און געניאַלע פעיקייטן. ווען מאַקס, א דאָקטאָר שוין, איז גע־ווען אין פילאַדעלפיער אוניווערסיטעט, צו פאַרפולקאָמען זיך אין

זיין מעדיצינישן שטודיום, האָט בערטא, צווישן אירע באַקאַנטע, געהאַלטן אַן איין שיטן מיט אויסטערלישע געשיכטעס וועגן איר זונס וווּנדערלעכן פאַרנעם. איינמאָל האָט זי דערציילט, אַז באַרימטע אַמעריקאַנער פּראָפעסאָרן באַראָטן זיך מיט איר מאַקסן אין שווערע, קאָמפּליצירטע, מעדיצינישע ענינים. אַ צווייט מאָל איז זי אַרויס מיט אַ מעשה, אַז איינער אַ וועלט־באַרימטער פּראָפעסאָר האָט דער־פונדן אַ ניי מיטל קעגן טובערקולאָז, האָט ער זיין דערפינדונג נישט געוואָלט אַרויסלאָזן ביז וואַנען איר זון, דאָקטאָר קיזעלשטיין, וועט נישט געבן אויף דעם זיין אָנערקענונג. נאָך אַ מעשה, האָט זי צוגע־טראַכט, אַז דער באַרימטער רוסישער מעדיקער, פּראָפעסאָר פון פילאַדעלפיער אוניווערסיטעט, דאַניעל פּעטראָוו, ווען ער האָט באַדאַרפט מאַכן אַ שווערע אָפּעראַציע צו איינעם פון די אַמעריקאַנער מיליאָנערן, האָט ער נישט געוואָלט זיך אונטערנעמען מאַכן אָט די אָפּעראַציע ביז וואַנען איר זון, דאָקטאָר קיזעלשטיין, וועט נישט שטיין דערביי. נאָך האָט בערטא דערציילט, אַז אַ גרויסער פּראָפעסאָר פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט געשריבן צו דער מעקסיקאַנער רעגירונג, אַז ס'איז אַ שטאָלץ פאַר מעקסיקע, וואָס אויף איר באָדן איז אויסגעוואַקסן אַזאַ ליכטיקער שטערן ווי ד"ר קיזעלשטיין, וועלכער וועט נאָך באַליכטן און באַרייכערן די מעדיצינישע פּראָפעסיע מיט זיינע גאָונישע אויפטועונגען. בערטא האָט אויך געלאָזט אין גאַנג אַ ידיעה, וואָס זי האָט כלומרשט באַקומען פון איר זון, אַז מ'האָט אים פאָרגעלייגט צו ווערן פּראָפעסאָר אין איינער פון די גרעסטע אוניווערסיטעטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אָבער איר מאַקס האָט זיך דערפון אָפּגעזאָגט, ווייל ער איז — שרייבט ער — צוגעבונדן צו מעקסיקע, צום לאַנד וווּ ער איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן. ער וויל בעסער, מיט זיין מעדיצינישער קענטשאַפט, דינען דעם מעקסיקאַנער פאָלק.

אַזוי האָט בערטאס פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַט נישט אָפּגעשטעלט זיך, אויף קיין איין טאָג נישט, אויך שוין אין און אַרום דער קאָנסולטאַריע פון איר זון.

— פּראָפּאַגאַנדע — האָט בערטא געגעבן צו פאַרשטיין איר מאַן — איז דער גרעסטער פאַקטאָר פאַר דערפאָלג, אַזוי לערנען אונדז די אַמעריקאַנער פּראַקטישע ביזנעס־לייט.

דאָקטאָר קיזעלשטיין ווידער איז אין זיין כאַראַקטער געווען

# פאַרלוירענע װעגן

זײער אַ באַשײדענער יונגערמאַן. ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן זײַן מאַמעס גוזמאַדיקע, אױסגעטראַכטע מעשה׳ס װעגן אים, מעשה׳ס װעלכע האָבן אין זיך נישט פאַרמאָגט קײן אײן פּונק אמת. עס איז אים שרעקלעך איבערדריסיק געװען צו הערן, װען מ׳האָט אים איבערדערצײלט װאָס זײַן מוטער זאָגט אַלץ װעגן אים. אַז מ׳האָט אים געפרעגט, צי ס׳איז טאַקע אַלצדינג אמת װאָס זײַן מוטער דערצײלט, האָט ער געשװיגן. ער האָט נישט געקענט באַשטעטיקן און ער האָט מורא געהאַט אָפּצולײקענען. ער איז נישט בכוח געװען זיך אַנטקעגן צו שטעלן זײַן מוטער, און אװדאי האָט ער נישט געהאַט דעם מוט אָפּצושטעלן איר פון די פאַנטאַסטישע, אױסגעטראַכטע מעשה׳ס אירע. בײַ בערטאַ קיזעלשטײן אין הױז זענען אַלע געװױנט געװען, פון שטענדיק אָן, סײַ איר מאַן, לעאָן, און סײַ אירע צװײ קינדער, מאַקס און פּערלאַ, צו זײַן געהאָרכזאַם אירע באַפעלן, אױסצופאָלגן אַלע איר פאָדערונגען און אין קײן זאַך איר נישט איבערשפּאַרן, צי עס געפעלט יאָ װעמען צי נישט. בפרט נאָך װען דאָקטאָר קיזעלשטײן האָט אײַנגעזען, אַז סוף כל סוף האָבן זײַן מאַמעס געשיכטעס אים געבראַכט אַ גרױסן דערפאָלג אין זײַן מעדיצינישער פּראַקטיק, האָט ער געגומען טראַכטן, אַז אפשר איז זײַן קלוגע מאַמע טאַקע גערעכט; אפשר איז דאָס טאַקע דער װעג צו שטײַגונג און דערגרײכונג. ער אַלײן, האָט דאָקטאָר קיזעלשטײן געטראַכט, װאָלט טאַקע אױף קײן פאַל נישט אומשטאַנד געװען צו באַניצן זיך מיט אַזעלכע מיטלען, איז גוט דאָס זײַן קלוגע מאַמע טאָר אים. אױב אַזױ דאַרף ער דאָך גאָר איר דאַנקבאַר זײַן פאַר דעם.

אַזױ האָבן צװײ קעגנגעזעצטע געפילן אין דאָקטאָר קיזעלשטײן געפירט אַ געראַנגל צװישן זיך.

## דאָס פאָטאָגראַפישע בילד פון פראָפעסאָר פעטראָוו

אין איינעם פון די וואַרט־סאַלאָנען, אין דאָקטאָר קיזעלשטיינס קאָנסולטאַריע, איז געהאָנגען אַ גרויס פאָטאָגראַפיש בילד, ווו פראָפעסאָר פעטראָוו, פון פילאַדעלפיער אוניווערסיטעט, זיצט אין אַ קרייז פון יונגע דאָקטוירים, זיינע תלמידים, צווישן זיי — אויך דאָקטאָר קיזעלשטיין.

דאָס דאָזיקע בילד האָט בערטאַן, דעם דאָקטאָרס מוטער, געדינט פאַר אַ סך טעמעס פון אירע אויסגעפאַנטאַזירטע געשיכטעס. אָפט איז איר אויסגעקומען צו קוקן און אָנווייזן אויף אָט דעם בילד. אָבער עס איז געווען נאָך עפּעס אין דעם בילד, וואָס האָט בערטאַן געצויגן צו האַלטן אין איין קוקן אויף אים. זי האָט זיך אַליין נישט געקענט אָפּגעבן קיין חשבון, וואָס אַזוינס זי האָט דערזען אינעם רוסישן פראָפעסאָר פעטראָוו מיט זיין שפּיציק בערדל, וואָס זי האָט נישט געקענט אָפּרייסן די אויגן פון אים.

ווען קיינער איז אין סאַלאָן נישט געווען האָט בערטאַ געקענט אָפּשטיין ווי לאַנג און איינעסן זיך מיט די אויגן אינעם פּנים פון אָט דעם פראָפעסאָר. טיילמאָל האָט זיך בערטאַן געדאַכט, אַז זיין פּנים איז איר זייער גוט באַקענט. זי וואָלט געקענט שווערן, אַז ערגעץ ווו האָט זי שוין אים אַמאָל געזען, אָבער זי האָט אויף קיין פאַל נישט געקענט זיך דערמאָנען ווו און ווען דאָס איז געווען. פלעגט זי אַזוי אָפּשטיין אַמאָל שעה'ען לאַנג פאַרן בילד און באַטראַכטן יעדן שטריך פון פראָפעסאָרס פּנים און נישט געקענט זיך אָפּרייסן פון אים. עפּעס ווי אַ געהיימע קראַפט האָט איר צוגעשמידט צו אָט דעם שיינעם און

## פאַרלוירענע וועגן

סימפּאַטישן מענטש. עס האָט זיך גענומען וועקן אין איר אַ פאַר־
לאַנג נאָך צו זען אַמאָל פּערזענלעך דעם דאָזיקן מאַן, וועמענס
פאָטאָגראַפיע האָט איר ווי פאַרכישופט.

גאַנץ אָפט האָט בערטאַ נישט געלאָזט צורו איר זון, נאָר ער זאָל
איר דערציילן אַלץ וואָס ער ווייסט וועגן זיין פּראָפעסאָר פעטראָוו.
און וויפל מאָל דער דאָקטאָר קיזעלשטיין האָט איר שוין דערציילט,
אַז ער, פּראָפעסאָר פעטראָוו, איז זייער אַ סימפּאַטישער און ליבער
מענטש; צו זיינע סטודענטן, די יונגע דאָקטוירים, האָט ער וואַרעמע,
פאָטערלעכע באַציונג; ער העלפט זיי אַרויס מיט עצות און ער ווייזט
אָן יעדן איינעם אין וועלכן געביט פון דער מעדיצינישער פּראַקטיק
עס איז ראַטזאַם, אַז ער זאָל זיך ספּעציאַליזירן און נאָך אַזוי ווייטער,
האָט דאָס בערטאַן נאָך אַלץ נישט באַפרידיקט. זי האָט געוואָלט
וויסן נאָך און נאָך, וואָס איר זון האָט שוין אַליין נישט געוווסט
וואָס צו דערציילן.

בערטאַן פלעגט טיילמאָל אויפקומען אַ מאָדנער געדאַנק, אַז זי
איז פאַרליבט אין אָט דעם שיינעם מאַן מיטן שפּיציקן בערדל. כאָטש
זי, די פּראַקטישע און קלוגע בערטאַ, האָט אַליין אין זיך אויסגע־
לאַכט אָט דעם נאַרישן געדאַנק, אָבער דאָך, קענען איר אייגענער לאָגיק,
האָט אַ פאַרבאָרגן געפיל זיך אַריינגעריסן צו איר אין הארצן
אַריין און אַ געהיימע שטים האָט איר אַריינגעשריגן אין די אויערן
אַריין: „יאָ, ס׳איז אמת בערטאַ, דו ביסט פאַרליבט אין אָט דעם
פּראָפעסאָר מיטן שפּיציקן בערדל, וואָס שטייט דאָ פאָטאָגראַפירט
אויפן בילד!״

וויפל בערטאַ האָט זיך אָנגעשטרענגט אָפּצוטרייסלען פון זיך
אָט די איינגערעדטע נאַרישקייט און זי האָט זיך אַליין פאָרוורף
געמאַכט, פאַר וואָס זי, אַ קלוגע פרוי אין די ווייטע פופציקער, זאָל זיך
לאָזן פאַרפירן פון אַזעלכע אומגעלומפּערטע איינרעדענישן, וואָס
פּאַסטן פאַר יונגע צוציקעס אָבער נישט פאַר איר, אַ מאַמע פון צוויי
דערוואַקסענע קינדער, האָט זי דאָך נישט געקענט זיך באַפרייען פון
אַ מאַכט וואָס איז געווען שטאַרקער פון איר לאָגישן פאַרשטאַנד.
און אַ פאַרכישופטע פלעגט זי ווידער שטיין לאַנג, לאַנג פאַרן בילד
פון פּראָפעסאָר פעטראָוו. און געשטאַנען איז זי פאַר אים, מיט אַזאַ
רעליגיעזער זעלבסטפאַרגעסנקייט, מיט אַזאַ געהיימניספולער פאַר־

## מ א י ר  ק אָ ר אָ נ אַ

ליבטיקייט, מיט אַזאַ פאַרהיפּנאָטיזירטקייט און מיט אַזאַ נשמה־ציטער, פּונקט ווי אַ פרומע קריסטלעכע פרוי שטייט קניענדיק פאַר אַ הייליקער איקאָניע.

בערטאַ פלעגט אָפטמאָל, קוקנדיק אויפן בילד, אַריינפאַלן אין אַזאַ טראַנס, אַז אירע ליפּן האָבן אָנגעהויבן עפּעס צו שעפּטשען און רעדן צו פּעטראָוון ווי צו אַ לעבעדיקן מענטשן און איר האָט זיך געכומען אויסווייזן, אַז אויך ער רעדט צו איר און ער ענטפערט אויף אַלץ וואָס זי פרעגט אים.

איינמאָל ווען איר מאַן, לעאָן קיזעלשטיין, איז אַריין אין קאָנסולטאַריע און איר געטראָפן ווי זי שטייט אַזוי פאַרטיפט אַריינגעטראַכט אינם פאָטאָגראַפיע־בילד וואָס הענגט אויף דער וואַנט, אַז זי האָט אַפילו נישט געהערט ווי מ׳איז אַריינגעקומען, איז ער אינדערשטיל צו צו איר און צערטלעך זי אַרומגענומען.

בערטאַ האָט אַ קאָנוואולסיוון ציטער געטאָן, פּונקט ווי מ׳זאָל איר האָבן פּלוצלונג אויפגעוועקט פון שלאָף און זי האָט אַ היסטערישן געשריי געגעבן:

— אוי לעאָן, האָסט מיך איבערגעשראָקן שיר צום שטאַרבן! ווען ביסטו אַריין ?! כ׳האָב דאָך גאָרנישט געהערט!

— אַז דו ביסט אַזוי אַריינגעטאָן געווען אינם בילד. איך ווייס נישט וואָס דו האָסט דאָרטן אַזוינס דערזען פאַר אַ נייעס. דאַכט מיר אַז דו האָסט שוין דעם בילד געזען אוודאי הונדערטער מאָל.

בערטאַ האָט אַרומגעכאַפּט איר מאַן, ווי זי זאָל ווען זיך אָנכאַפּן אין אים, אַזוי ווי אײנער וואָס טרינקט זיך כאַפּט זיך אָן אין אַ רעטונג, און זי האָט צו אים געזאָגט אין אַ ליבלעך־צעפּיעשטשעטן טאָן:

— זע נאָר זע, לעאָן, ווי שיין און סימפּאַטיש עס איז אָט דער פּראָפעסאָר פּעטראָוו!

— מיר דאַכט זיך, בערטאַ — האָט לעאָן געזאָגט מיט איראָניע — אַז דו ביסט אין אים פאַרליבט.

— גלייב מיר, לעאָן, עס קען אפשר זיין.

— גיי שוין ניי, בערטאַ, עס איז שוין נישט פאַר דיינע יאָרן, לאָז שוין איבער אַזעלכע זאַכן פאַר דיינע קינדער.

# פ אַ ר ל ו י ר ע נ ע   ו ו ע ג ן

— האָסט אַ טעות, מיין ליבער לעאָן, כ'בין נאָך נישט אַזוי אַלט ווי דו מיינסט.

— אַבי כ'האָב דיך שטענדיק געהאַלטן פאַר אַ קלוגע, צום סוף רעדסטו גאָר נאַרישקייטן.

בערטאַ איז שוין איצט געווען אינגאַנצן באַפרייט פון איר פריערדיקן בילד־היפנאָז און זי האָט שוין געענטפערט מיט איר שטענדיק־געוויינטלעכן שטאָלצן טאָן:

— אוודאי, אַז מ'רעדט צו מיר נאַרישקייטן ענטפער איך מיט נאַרישקייטן!

## לעאָן קיזעלשטיין, דעם דאָקטארס פאָטער

קוקנדיק אויפן דאָקטאָר, מאַקס קיזעלשטיין, האָט מען גאַנץ גענוי געקענט זיך פאָרשטעלן ווי עס האָט אויסגעזען זיין פאָטער, לעאָן קיזעלשטיין, אין זיינע יונגע יאָרן. דער אונטערשייד איז נאָר געווען, וואָס לעאָנס פּנים איז אַ סך טונקעלער געווען און מען האָט אים געקענט אָננעמען פאַר אַ מולאַט־מעקסיקאַנער אָדער אַן אַראַבער. די וואָס האָבן געקענט לעאָנען בלויז פון זען, האָבן טאַקע אים געהאַלטן פאַר אַזעלכן.

אַ הויכער איז ער געווען, לעאָן, מיט אַ לענגלעך מאָגער פּנים, מיט אַ קאָפּ געקרויזטע שוואַרץ־גרויע האָר און מיט אַ פּאָר שוואַרצע, מילדע און קלוגע אויגן, פון וועלכע ס׳האָט אַרויסגעשפּיגלט אַ ליבע נשמה, פול מיט גוטסקייט און באַרמהאַרציקייט. אַזעלכער איז לעאָן קיזעלשטיין ווירקלעך געווען. ער איז שטענדיק גרייט געווען צו טאָן אַ מענטש אַ טובה, פון דער קלענסטער ביז דער גרעסטער. עס האָט גאָרנישט געקענט עקזיסטירן פאַר לעאָנען אַן אָפּהאַלט, אָדער וועלכע ס׳איז שטערונג, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן באַהילפיק זיין אַ פריינד, צי אַפילו גאָר אַ פרעמדן. לעאָן קיזעלשטיין האָט שוין נישט איינמאָל באַצאָלט געגנוג רבי־געלט פאַר זיין גוטסקייט, פאַר טובה־וועקסלען, פאַר וועלכע ער האָט דערנאָך געמוזט אַליין באַצאָלן גאַנץ גרויסע סומעס, פונדעסטוועגן איז אויף קיין איין מאָמענט אים נישט געקומען אויפן געדאַנק, אַז דאָס זאָל אים אָפּהאַלטן פון ווייטער טאָן טובות, צו מענטשן וועלכע האָבן באַדאַרפט זיין הילף.

גאָך בולטער האָט זיך אַרויסגעוויזן לעאָנס בריליאַנטענער כאַראַקטער אין זיין אייגנאַרטיקן אופן, באַציונג און צוגאַנג צו דעם

## פ אַ ר ל ו י ר ע נ ע   ו ו ע ג ן

עניִן הילף. ער האָט באַין אופן נישט דערלאָזט, אַז דער יעניקער, וואָס האָט באַדאַרפט צו אים אָנקומען, זאָל זיך חלילה פילן געקוועלט און דערשלאָגן פון דעם. אָפטמאָל האָט זיך גאָר אויסגעדאַכט, אַז יענער טוט גאָר אים, לעאָנען, אַ גרויסע טובה דערמיט, וואָס ער וויל אָננעמען זיין הילף. דערביי האָט לעאָן יענעם געמוטיקט, אויפגעמונ־טערט און געגעבן צו פילן, אַז עס איז גאָרנישט קיין טובה, נאָר עס איז מענטשלעך און גאַנץ נאַטירלעך. ער האָט יענעם געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אַזוי איז דאָס לעבן. עס איז נישט מער ווי קעגנזייטיקע הילף:

— היינט דאַרפסטו פון מיר אַ טובה, מאָרגן קען זיין וועל איך דאַרפן פון דיר אַ טובה.

# די קינדער-יאָרן און יוגנט פון דאָקטאָר סאַלוואַדאָר בעלטראַן, לעאָנס פריינד

לעאָן קיזעלשטיין האָט געהאַט, בשותפות מיט א מעקסיקאַנער, א פאַבריק פון צעלאָלאָיד־אויסאַרבעטונגען און ער איז זייער רייך געווען.

פון פאַך איז קיזעלשטיין געווען א בעמיקער־פאַרמאַצעווט. ביי זיין אָנקומען קיין מעקסיקע, מיט בערך א דרייסיק יאָר צוריק, איז ער אריין ארבעטן אין א מעדיצין־לאַבאָראַטאָריע, וואָס האָט געהערט צו דייטשישע יידן.

דאָרטן, אין דער זעלביקער לאַבאָראַטאָריע, האָט געאַרבעט, אלס שעף פון פראָפאַגאַנדע, א יונגער מעקסיקאַנער דאָקטאָר־מעדיצין, סאַלוואַדאָר בעלטראַן. אין די יאָרן פון זייער צוזאַמענאַרבעטן האָבן זיי, לעאָן און סאַלוואַדאָר, זיך זייער נאָענט באַפריינדעט. און אַזוי זענען זיי זיך פאַרבליבן, די נאָענטסטע און אינטימסטע חברים, פריינד און שפּעטער — אויך געשעפטלעכע שותפים.

נישט געקוקט אָבער אויף זייער פּערזענלעכער, גוטער פריינד־שאַפט און קעגנזייטיקע, חברישע באַציונגען, זענען צווישן זיי אָפט געפירט געוואָרן הייסע און העפטיקע דיסקוסיעס, וועגן דער פּראָבלעם „יידן": „צי קענען יידן פאַררעכנט ווערן ווי א פאָלק, גלייך ווי אַנדערע פעלקער". טיילמאָל זענען אין די דאָזיקע דיסקוסיעס אריינגעצויגן געוואָרן אויך אַנדערע פער:אָנען, ביידנס געמיינזאַמע פריינד, יידן און גויים. און קיינמאָל איז צווישן אָט די ביידע נאָענטע פריינד, סאַלוואַדאָר און לעאָן, נישט געקומען צו קיין איינ־שטימיקייט אין דער דאָזיקער פראַגע.

# פאַרלוירענע וועגן

אָנגעהויבן האָבן זיך די דיסקוסיעס צווישן זיי צוליב אַ געווסן פאַל. און פאַרגעקומען איז עס אַזוי:

אַמאָל, מיט אַ סך יאָרן צוריק, באַלד נאָכדעם ווי לעאָן איז אָנגעקומען אין מעקסיקע, האָט סאַלוואַדאָר דערציילט לעאָנען זיין גאַנצע ביאָגראַפיע און ווי ער האָט דורכגעמאַכט, פון קינדוויַיז אָן, אַ שווערן עקשנותדיקן קאַמף אין לעבן, ביז ער האָט דערגרייכט צו זיין דאָקטאָר־טיטל.

— מיין טאַטן — האָט סאַלוואַדאָר אָנגעהויבן צו דערציילן — האָב איך נישט געקענט און ווער ער איז געווען האָב איך אויך קיינ־מאָל נישט געוווסט. וואָס איך ווייס יאָ איז נאָר, אַז ווען איך בין נאָך געווען גאָר אַ פּיצלם האָט מיין מאַמע מיך געבראַכט צו זיידע־באָבע אין שטוב אריין. מיין זיידע האָט מיך אַדאָפּטירט אַלס זיינס אַ קינד און מיין מאַמע האָט מיך געהאָדעוועט ביים זיידן אין הויז. מיין זיידע האָט אַ טעפּעריי אין שטעטל סאַן כואַן דעל ריאָ. דאָרטן אין דער טעפּעריי ווערן אויסגעאַרבעט און געברענט אַלערליי ערדענע טעפּ, שיסלען און נאָך אַזעלכע ערדענע כלים. די גאַנצע באַשעפטיקונג אין און אַרום דער טעפּעריי, סיי אין דער אַרבעט און סיי אין פאַרקויף, ווערט געפירט בלויז פון אונדזער פאַמיליע אַליין. מיין מאַמע האָט זיך אָפּגעגעבן מיטן פאַרקויף און איך פלעג זיך פּלאָנטערן אַרום איר אויף יעדן טריט. ווי לאַנג מיין באָבע האָט געלעבט האָט מיין מאַמע געוווינט צוזאַמען מיט אונדזער גאַנצער פאַמיליע. באַלד אָבער ווי מיין באָבע איז געשטאָרבן איז מיין מאַמע אויך פאַרשוווּנדן געוואָרן פון שטוב און ביז היינט ווייסט נישט קיינער ווו זי געפינט זיך. דער זיידע האָט לאַנג נישט געוואַרט און ער האָט באַלד נאָכאַמאָל חתונה געהאַט. דעם זיידנס נייע ווייב איז גלייך אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער אַרבעט פון דער טעפּעריי און זי האָט — אַ חוץ דעם קינד, אַ מיידעלע, וואָס זי האָט מיט זיך מיטגעבראַכט — גענומען צושטעלן דעם זיידן ניי־געבוירענע קינדער.

— נאָך מיין מאַמעס פאַרשווינדן ווערן — האָט סאַלוואַדאָר וויַיטער דערציילט — האָב איך זיך דערפילט פאַריתומט אין פאַר־איינזאַמט. די בענקשאַפט נאָך מיין מאַמען האָט מיך צערודערט און צעטרייסלט. איך האָב זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען. מיין קאָפּ האָט נישט געוווסט וואָס די הענט טוען. איך האָב געהאַלטן

# מ א י ר   ק אָ ר אָ נ אַ

אין איין מאַכן שאָדנס, פאַר וועלכע איך פלעג געגוג קלעפּ אריינכאַפּן. מיר איז געוואָרן ענג אין פאַרביטערט דעם זיידנס שטוב. האָב איך אין איין שיינעם טאָג פאַרלאָזט אַלץ מיט אַלעמען און כ׳האָב זיך אַוועקגעלאָזט אויף גאָטס באַראָט, וווהין די אויגן האָבן מיך געטראָגן. איך האָב זיך געשלעפּט פון שטעטל צו שטעטל, ביז איך בין איינמאָל אָנגעקומען אין דער שטאָט קערעטאַרא. איך האָב זיך אַוועקגעשטעלט פאַר דער טיר פון אַ קירכע און, ווי מיין שטייגער איז שוין געווען, האָב איך גענומען בעטן נדבות און רחמנות ביי גוטע מענטשן. מיך האָט באַמערקט דער גלח פון דער קירכע, פּאַדרע פראַנציסקאָ איבאַנעז. ער האָט מיך באַלד אַריינגערופן צו זיך און ער האָט מיר אויסגעפרעגט, ווער איך בין און פון וואַנען איך קום. איך האָב זיך שטאַרק צעוויינט און כ׳האָב אים דערציילט דעם גאַנצן אמת וועגן זיך. פון דאַמאָלסט אָן האָט דער ליבער פּאַדרע איבאַנעז מיך געהאַלטן ביי זיך, ער האָט מיך באַקליידט און אויס־געהאַלטן מיט אַלע באַדערפעגישן. דערפאַר פלעג איך אים באַדינען, צוהעלפן ביי די תפילות און אין אַלע זיינע הייליקע אַרבעטן.

— איך בין דאַמאָלסט — האָט סאַלוואַדאָר וויטער דערציילט — שוין אַלט געווען אַכט יאָר. שרייבן און לייענען האָב איך אפילו קיין אות נישט געקענט. פּאַדרע איבאַנעז האָט מיר אָנגעהויבן צו לערנען לייענען און שרייבן. דערנאָך האָט ער מיך אַריינגעגעבן אין אַ פאָלקס שולע. ווען דער פּאַדרע האָט געזען אַז איך באַזיץ גוטע פעיקייטן און איך האָב אַ שטאַרקן חשק צום לערנען האָט ער באַשטימט פאַר מיר מיין צוקונפט. זיין פּלאַן איז געווען, מיך צוצו־גרייטן אַז איך זאָל קענען אָנקומען אין אַ גלחים־סעמינאַר. וואָס איך בין געוואָרן עלטער איז מיין חשק צום לערנען, וויסן און קענען געוואָרן אַלץ שטאַרקער און מיין ליבשאַפט און טריישאַפט צום האַרציקן און ליבן פּאַדרע איבאַנעז איז ביי מיר געוואָרן גרעסער פון טאָג צו טאָג. איך האָב זיך צו אים געטוליעט ווי אַ קינד צו אַ פאָטער. איך האָב דאַמאָלסט פאַרשטאַנען און געפילט, אַז אַלצדינג וואָס ער טוט און פּלאַנט פאַר מיר איז אַלץ פאַר מיין טובה וועגן. און צו מיין דאַנקבאַרקייט איז גאָר קיין גרענעץ נישט געווען.

— ווען איך האָב געענדיקט די פאָלקס שולע — האָט סאַלוואַדאָר וויטער דערציילט — בין איך, מיט דער דערלויבעניש פון פּאַדרע איבאַנעז, געפאָרן קיין סאַן כואַן דעל ריאָ, צו זען דעם זיידן,

# פאַרלוירענע וועגן

נאָך יאָרן ווי איך בין פון אים אוועק. מיין זיידע און די גאַנצע פאַמיליע האָבן זיך מיט מיר שטאַרק דערפרייט. ווען איך האָב זיי דער־ציילט ווי איך לערן זיך, ווי דער ליבער פּאַדרע איבאַנעז פון קערע־טאַראָ האָלט מיך ווי אַן אייגן קינד און ווי ער וויל אַז איך זאָל אַריין אין אַ גלחים־סעמינאַר, האָט די גאַנצע פאַמיליע זיך גענומען באַציִען צו מיר מיט גרויס רעספּעקט און מ'האָט שוין געקוקט אויף מיר ווי אויף אַ פּאַרטיקן גלח, פאַר וועמען אַלע דאַרפן אַראָפּנעמען די היטלען, זיך בויגן און קושן די הענט. מיטאַמאָל אָבער איז מיט מיר געשען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט צעשטערט אַלע פּלענער פון טייערן הארציקן פּאַדרע איבאַנעז און וואָס האָט געפירט מיין לעבנס וועג גאָר אין אַ גאַנץ אַנדערער ריכטונג.

סאַלוואַדאָר האָט זיך פאַרטראַכט אויף אַ ווייל, ווי ער וואָלט וועלן נאָכאַמאָל דורכלעבן יענע מאָמענטן, וועלכע ער האָט זיך גע־גרייט צו שילדערן, און ער האָט ווייטער דערציילט:

— דאָרטן, ביים זיידן אין הויז, האָב איך דערזען אַ מיידל ווי פון אַ יאָר צען, אָדער עפּעס מער. זי איז געווען דעם זיידנס אַ שטיף־טאָכטער פון צווייטן ווייב. ווייס איך אַליין נישט וואָס מיט מיר איז דאַמאָלסט פאָרגעקומען. איך בין מיט איין מאָל פולשטענדיק איבערגעביטן געוואָרן. עס האָט פּלוצלינג, מיט שטורמישן אימפּעט, אויפגעוואַכט אין מיינע בלוטן מענלעכע רייפקייט. מיין גאַנצער קערפּער האָט גענומען פיבערדיק ציטערן און כ'האָב אינגאַנצן פאַרלוירן די גלייכגעוויכט פון מיין באַוווסטזיין. דאָס אַלץ איז געשען אין דעם מאָמענט, ווען די קליינע פּעטראַ האָט מיר געגעבן די האַנט צו באַגריסן מיין קומען און מיר האָבן זיך צעקושט. ביז היינטיקן טאָג האָב איך נאָך אַזאַ רייצנדיקע שיינקייט פון אַ מיידל נישט געזען, ווי איך האָב דאַמאָלסט געזען אין פּעטראַן. אַ צאַרט בליענדיק עפּל־פּנימל, מיט הייסע קאַרשן־ליפּלעך און מיט אַ פּאָר ליכטיקע און רעדעוודיקע ברוינע אויגן. און די אויגן אירע האָבן געקוקט אויף מיר, ווייט נישט קינדיש, נאָר דערוואַקסן מיידליש, מיט מאַנענדיקער דרייסטקייט. איך האָב שוין פון איר קיין אויג נישט געקענט אַראָפּנעמען. איך האָב פּעטראַן געגעסן מיט די אויגן און מיט יעדן ציטער פון מיין נשמה. פּעטראַ האָט עס געפילט און זי איז, קענטיק, זייער צופרידן געווען פון דעם. די עטלעכע טעג וואָס איך בין געווען ביים זיידן האָב איך, צוליב

## מאיר קאַראַנאַ

דער קליינער פעטרא, נישט געהאַט קיין רויקייט, נישט בייטאָג און נישט ביינאַכט. ערשט אין די נעכט האָב איך דערפילט די אויפ־פלאַמונג פון ערשטן פייער פון מיינע יוגנט־באַגערן. ערשט דאַמאָלסט ביים זיידן האָב איך איינגעזען אַז קיין הייליקער גלח וועל איך שוין נישט ווערן... און לענגער בלייבן ביים זיידן האָב איך שוין אויך נישט געקענט. אין די מינוטן פון ישוב הדעת האָב איך איינגעזען אַז ביים זיידן אין הויז קען נאָך געשען איינס פון דיביידע: אָדער, אין מיין ווילדער צערייצטקייט, קען איך נאָך אָפּטאָן עפּעס שרעק־לעכעס. אָדער איך וויל משוגע ווערן. האָב איך געכאַפּט שנעל און בין אַנטלאָפן פון זיידנס הויז. אָבער איך בין שוין נישט געפאָרן צוריק אין קערעטאַראָ, נאָר איך בין אָוועק קיין מעקסיקע. איי וואָס וועל איך טאָן אין מעקסיקע? פון וואָס וועל איך זיך אויסהאַלטן? און ווו וועל איך זיך אַהינטאָן אין מעקסיקע, אין אַ פרעמדער גרויסער שטאָט, ווו איך האָב נישט קיינעם, קיין פריינד און קיין באַקאַנטן? ווענן דעם אַלעם האָב איך דאַמאָלסט אפילו נישט געטראַכט. מיין שטרעבונג צו לערנען איז געווען זייער גרויס. אין מיין נאַאיווער אומדערפאַרנקייט האָב איך דאַמאָלסט געדענקט, אַז דאָס וועט מיר שווער נישט אָנקומען.

— ווען איך בין אַראָפּ פון באַן אין שטאָט מעקסיקע — האָט סאַלוואַדאָר ווייטער דערציילט — איז שוין געווען פאַרנאַכט צו. איינ־דרויסן האָט שוין גענומען טונקלען. אַ שטיקל צייט בין איך געזעסן אויף אַ באַנק אין וואקזאַל און געטראַכט וואָס מ'הייבט אָן צו טאָן און וווהין גייט מען. ערשט דאַמאָלסט האָב איך איינגעזען ווי נאַריש, יינגליש און אומבאַרעכנט עס איז געווען פון מיר וואָס איך בין געלאָפן איינער אַליין אין אַ פרעמדער גרויסער, אומבאַקאַנטער שטאָט אַריין. „אָבער וואָס טוט מען פאַרט? פון זיצן אין וואקזאַל וועט דאָך גאָרנישט ווערן!" האָב איך זיך געלאָזט סתם אין דער וועלט אַריין, וווהין די אויגן האָבן מיך געפירט, גאַס איין גאַס אויס. ווו איך געפין זיך האָב איך נישט געוווסט און וווהין איך גיי — אויך נישט. ביז איך בין פאַרקראָכן ערגעץ צו אַ קליינעם פאַרק, ווו עס זענען געווען בלויז עטלעכע שיטערעביימער און אַ פּאָר בענק. מיד ביז איך געווען און וווהין ווייטער צו גיין האָב איך נישט געוווסט, האָב איך דאָרטן זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק. באַלד האָב איך דערזען ווי נעבן מיר זיצט איינע, אַ דיקע פרוי. איך האָב נישט פאַרשטאַנען פון וואַנען די פרוי

# פארלוירענע וועגן

אין פלוצלינג אויסגעוואקסן נעבן מיר. איך האָב גאָרנישט געזען ווען זי האָט זיך אַוועקגעזעצט. די פרוי האָט גענומען צו מיר רעדן אַזוי זיס, צערטלעך און אַזוי מוטערלעך־טריי. זי האָט מיך אויסגע־פרעגט, ווער איך בין, פון וואַנען איך קום און וואָס איך וויל טאָן אין מעקסיקע. איך האָב איר אַלץ דערציילט, דעם גאַנצן אמת. דורך אָט דער פרוי און איר באַציונג צו מיר האָב איך מיטאַמאָל דערפילט אַ פאַרלייכטערונג אין מיין עלענדער איינזאַמקייט. דאַמאָלסט האָב איך געטראַכט, אַז נישט אַנדערש, נאָר אַ מלאך איז צו מיר צוגעשיקט געוואָרן פון הימל. די פרוי האָט מיך מיטגערופן צו זיך אַהיים. איר היים איז באַשטאַנען פון איין אָרעם צימערל, אָבער זייער ציכטיק אויפגעראַמט. זי האָט געמאַכט קאַווע און מיר געגעבן מיט קיכלעך. הונגעריק בין איך געווען האָב איך זיך צוגעכאַפּט צום עסן מיט אַ וואָלפישן אַפּעטיט. דערנאָך האָט מיר די פרוי דערקלערט אַז זי מוז אַוועקגיין, ווייל זי אַרבעט ערגעץ ביינאַכט, אַז זי וועט מיך לאָזן דערווייל אַליין און אַז איך קען זיך פילן ביי איר אין שטוב ווו ביי זיך אינדערהיים. זי האָט פאַר מיר צורעכט געמאַכט דאָס בעט, אַז איך זאָל זיך לייגן שלאָפן, וואָרן איך מוז דאָך אַוודאי זיין מיד פון וועג, און זי איז אַוועק. דאָ איז מיר געקומען אויפן געדאַנק די ווערטער פון ליבן פאַדרע איבאַנעז: „אַ מענטש קען קיינ־מאָל נישט וויסן פון וואַנען זיין הילף קען קומען". מיד בין איך געווען, האָב איך זיך, אויסגעטאָן, געלעגט זיך אין בעט אַריין און איך בין האַסטיק אַנטשלאָפן געוואָרן. עס האָט שוין געמוזט זיין שפּעט אין דער נאַכט ווען איך האָב דערפילט נעבן זיך אַ וואַרעמען, נאַקעטן פרויען־קערפּער און איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף. די פרוי האָט מיך צוגעטוליעט צו זיך, מיך געקושט און אין מיר אַריינגעשעפּטעט אַ־עלכע ליבע, צאַרטע און זיסע ווערטער, און — איך בין ביי איר דאַמאָלסט דאָס ערשטע מאָל אַ מאַן געוואָרן...
בעת מעשה האָב איך געפילט ווי אַ זיסע וואַרעמע אַנגענעמלעכקייט צעגיסט זיך איבער מיין גאַנצן קערפּער און איך ווער פאַטראָגן ערגעץ אין אַן אַנדערער העכערער גן־ערן־וועלט. אָבער באַלד דערנאָך האָט מיך מיטאַמאָל אָנגעכאַפּט אַ ווייסטער עקל צו אָט דער פרוי און אויך צו זיך אַליין. מיין געדאַנק האָט זיך דאַמאָלסט פאַרנומען בלויז מיט טראַכטן ווי אַזוי אַרויסצוקריכן פון דאָרטן וואָס גיכער. איך האָב צוגעמאַכט די אויגן און געמאַכט זיך שלאָפנדיק. אַלע מאָל האָב איך געעפנט אַן אויג, אַ קוק צו געבן צי זי שלאָפט שוין. ווען איך האָב

# מאיר קאָראָנאַ

שוין דערהערט איר שטאַרקן כראָפּען פון שלאָף האָב איך זיך פּאַמעלעך אַרויסגעכאַפּט פון בעט, שטיל זיך אָנגעטאָן, אַרויס פון שטוב און כ׳האָב זיך געלאָזט, נישט גיין נאָר לויפן. איך בין געלאָפן ווי מען אַנטלויפט פון אַ שריפה און איך האָב כסדר זיך אומגעקוקט, צי מען יאָגט מיך נישט נאָך.

ווייטער:

— אין דרויסן האָט שוין גענומען בלויען אויף טאָג ווען איך האָב זיך אָפּגעשטעלט פון מיין לויפן און דערזען, אַז איך געפין זיך אויף אַ ברייטער, שיינער גאַס אין צענטער פון שטאָט. איך האָב גענומען זוכן אין מיינע קעשענעס, און צו מיין אומגליק האָב איך דערזען, אַז מיינע קעשענעס זענען אויסגעליידיקט געוואָרן. פון די עטלעכע פּעזעס וואָס מיין גוטער פּאַדרע איבאַנעז האָט מיר מיטגע־געבן און אויך פון די עטלעכע פּעזעס וואָס מיין זיידע האָט מיר געגעבן, פון דעם אַלעם האָט מען קיין איין סענט נישט איבערגעלאָזט אין מיינע קעשענעס. האָב איך זיך אַזוי שפּאַצירט איבער דער ברייטער גאַס, מיט ליידיקע קעשענעס, מיט אַ זויערקייט אויף דער נשמה, מיט אַ ווייטיק אין האַרצן, מיט אַ פאַרביטערט געמיט און מיט אַ פולן קאָפּ פאַרפּלאָנטערטע געדאַנקען, וואָס איין געדאַנק האָט זיך נישט געקלעפּט צום צווייטן. דערוויייל האָב איך דערזען ווי עס גייען גרופּעס קינדער, באַלאָדענע מיט ביכער און העפטן, און אַלע ציען צו איין פּונקט, האָב איך זיך געלאָזט גיין גלייך מיט זיי. ווען איך בין אַריין אין שולע האָט דער דירעקטאָר גלייך אין מיר דערקענט דעם פרעמדן. ער האָט זייער פריינדלעך מיר אויסגעפרעגט, ווער איך בין און וואָס איך פאַרלאַנג. איך האָב אים אַלצדינג דערציילט וועגן זיך און כ׳האָב זיך פאַר אים אָפּגערעדט מיין גאַנצע פאַרביטערונג. איך האָב אים געוויזן מיין ציינגעניש פון דער פאַלקס שולע אין קערעטאַראָ און איך האָב אים דערקלערט, אַז איך האָב אַ שטאַרקן חשק פאַרצוזעצן מיין לערנען אָבער כ׳האָב נישט די מעגלעכקייטן. ווייזט אויס, אַז איך האָב אויפן דירעקטאָר פון שולע געמאַכט אַ גוטן איינ־דרוק. ער האָט מיר געהייסן דערוויייל אַריינגיין צו אַ קלאַס־לעקציע און ווען די לעקציעס וועלן זיך ענדיקן וועט ער שוין זען וואָס ער קען טאָן פאַר מיר.

נאָך די לעקציעס האָט דער דירעקטאָר מיך אָוועקגעפירט צו זיין פאָטער, אַ סטאָלער, און דאָרטן בין איך איינגעאָרדנט געוואָרן צו

# פארלוירענע וועגן

העלפן אין דער סטאָלעריי. דערפאַר זאָל איך קריגן עסן, אַ פּלאַץ צום שלאָפן און נאָך עפּעס קליינגעלט, אויף דעם נויטיקסטן וואָס איך דאַרף, און אין די אָוונטן זאָל איך באַזוכן אַ מיטל־שולע (סע־קונדאַריע).

אין אָנהייב בין איך דערפון שטאַרק צופרידן געווען און מיין דאַנקבאַרקייט צום דירעקטאָר פון שולע איז געווען גאָר אָן אַ שיעור. בפרט נאָך ווען דעם דירעקטאָרס פאָטער, דער סטאָלאַר, האָט מיך באַהאַנדלט זייער פיין. שפּעטער אָבער, ווען איך האָב שוין געהאַט אָפּגעאַרבעט עטלעכע חדשים אין דער סטאָלעריי, האָב איך דערפילט, אַז איך פאַל פון די כוחות. אַרבעטן אַ גאַנצן טאָג אין דער סטאָלעריי, און די אַרבעט איז געווען גענוג שווער, דערנאָך אין די אָוונטן גיין אין שולע און שפּעטער צוגרייטן די אַרויסגעגעבענע שול־אַרבעט, דאָס אַלץ איז מיר געפאַלן זייער שווער. האָב איך זיך מישב געווען און אָנגעשריבן אַ בריוו צום ליבן פאַדרע איבאַנעז אין קערעטאַראָ. איך האָב אים אַלצדינג אויסגעשריבן וואָס מיט מיר איז. לאַנג האָב איך נישט באַדאַרפט וואַרטן אויף אַן ענטפער. איך האָב באַקומען פון אים אַ בריוו. קודם האָט ער מיר גוט אָנגעזידלט, פאַרוואָס איך בין אַוועק קיין מעקסיקאָ און איך האָב ביי אים פריער נישט אָנגע־פרעגט. צוזאַמען מיט דעם איז געווען בייגעלייגט אַ רעקאָמענדאַציע בריוו צו זיינעם אַ פריינד, וואָס האָט אַ בוך־האַנדל אין מעקסיקאָ, אַז יענער זאָל, דעם פאַדרע צוליב, מיר אַרויסהעלפן מיט וואָס ער קען.

דער בוכהענדלער איז געווען אַן עלטערער מענטש, אַ בייזער, אַ נערוועישער און אַ קאַפּריזנער. ער האָט מיך גלייך צוגענומען, אַלס געהילף, אין זיין ביכער־געשעפט. ער האָט מיר געגעבן אַ פּלאַץ צום שלאָפן, טאַקע דאָרטן אינם ביכער־געשעפט, און מיר געצאָלט וואָכן־געלט, אַז איך זאָל האָבן גענוג אויף עסן און אייגענער אויס־האַלטונג, און אין די אָוונטן האָב איך ווייטער באַזוכט די שולע.

פונם דאָזיקן נייעם אַרבעט־פּלאַץ בין איך שוין, אין אַ סך הינזיכטן, געווען צופרידענער: ערשטנס, איז די אַרבעט געווען גאָר אַ לייכטע, אַנטקעגן דער אַרבעט אין דער סטאָלעריי; צווייטנס, איז מיר שטאַרק געפעלן געווען צו געפינען זיך שטענדיק צווישן ביכער. איך האָב טאַקע דאַמאָלסט דאָס אויסגענוצט און איך האָב אַ סך געלייענט; דריטנס, האָב איך דאָרטן געהאַט מער פרייע צייט, רויק

צו קענען מאכן מיין שול־ארבעט; פּערטנס, בין איך צופרידן געווען פון דעם, וואָס איך האָב נישט באַדאַרפט עסן ביי אַ פרעמדן טיש. איך בין געווען אַ פרייער מענטש, צו קענען עסן ווו איך האָב געוואָלט און אַליין באַצאָלט. אָבער דאָך, נאָך אַלע גליקן, איז מיר דער דאָזיקער ארבעט־פּלאַץ פּאַרמיאוסט געוואָרן. איך האָב נישט געקענט איבערטראָגן די נערוועזע קאַפּריזן פון דעם אַלטן. ער פלעגט שטענדיק אויף מיר שרייען און מיך זידלען. וואָס כ׳האָב געטאָן איז אים נישט געפעלן געווען. עטלעכע מאָל האָט ער אַפילו זיך געכאַפּט מיך שלאָגן. ביז איך האָב שוין אַליין זיך אָפּגעזוכט אַן אַנדערן ארבעט־פּלאַץ און כ׳האָב דעם קאַפּריזנעם אַלטעטשקן איבערגעלאָזט.

אַזוי האָב איך זיך געמוטשעט און געפּלאָגט, פון איין ארבעט־פּלאַץ אויפן צווייטן, פון איין צרה אַרויס און אין דער אַנדערער אַריין. און דאָך האָב איך געענדיקט די מיטל־שולע מיט אַן אויסער־געוויינלעכער אויסצייכענונג.

זייענדיק שוין אין דער פּרעפּאַראַטאָריע איז מיין מאַטעריעלע לאַגע געוואָרן אַ סך אַ בעסערע און אַ באַקוועמערע. אַ דאַנק עטלעכע פון מיינע שול־חברים, ביי וועמען איך בין זייער באַליבט געווען, האָב איך געקריגן גוט־באַצאָלטע לעקציעס, אָפּצוגעבן צו צוריק־געשטאַנענע שילערס, וועמען איך האָב באַדאַרפט צוגרייטן צו די עקזאַמענעס.

איך האָב טאַקע שוין גוט פאַרדינט פון מיינע לעקציעס, אָבער זיי האָבן מיך גענוג אויסגעמאַטערט אויך.

אַ שטיק צייט זענען מיר די לעקציעס שרעקלעך פאַרמיאוסט געוואָרן און איך האָב אַפילו געטראַכט זיי אָוועקצוואַרפן. דאָס איז געווען צוליב אַ געשעעניש וואָס האָט מיט מיר פּאַסירט, כמעט די זעלביקע געשיכטע ווי אין דער ביבעל, צווישן יוספן מיט פּוטיפרס ווייב.

איך האָב געהאַט אַ לעקציע אין אַ שטוב, ווו מיין שילערס פאָטער איז געווען אַ רייזנדער אַגענט. די מוטער איז שוין נישט געווען קיין יונגע פרוי, אָבער זייער אַ שיינע. דער פאָטער פלעגט זעלטן זיין אין דער היים און די מוטער האָט אָפט געהאַלטן אין איין באַשיטן מיר מיט קאָמפּלימענטן, מיט מתנות און מיט דרייסטע אָנצו־הערענישן. איך האָב זיך אָבער געמאַכט נאַאיוו־טאַמעוואַטע, אַז איך

# פארלוירענע וועגן

פארשטיי נישט וואס זי מיינט און וואס אירע אנצוהערענישן באדייטן. פלעגט זי שוין דערנאך אזוי קאמבינירן, אז ווען איך בין געקומען אויף דער לעקציע איז מיין שילער נישט געווען אין שטוב און די מוטער האט געמוזט אוועקשיקן די דינסט, אז זי זאל אים רופן. אין אט דער קורצער ווייל, ביז מיין שילער מיט דער דינסט זענען געקומען, פלעגט די מוטער מיך ארומכאפן און קושן. דערביי איז זי געווען אנגעטאן אזוי, אז אירע נאקעטע בריסטן האבן געבריט מיין פנים און מיך אינגאנצן צעפלאמט. עס איז שוין געווען איבער מיינע כוחות זיך צו באהערשן און זיך צוריק צוהאלטן. איך בין שוין אזוי פארשיכורט געווען פון איר צעהיצטן קערפער, אז איך האב שוין אליין געווארט, מיט נערוועזער אומגעדולד, אויף די דאזיקע מאמענטן ווען מ׳האט באדארפט רופן מיין שילער צו דער לעקציע. דערנאך האט מיין שילערס מוטער שוין איינגעארדנט אזוי, אז איך זאל קומען צו איר אויך אין א צייט ווען קיינער איז אין שטוב נישט געווען. און צווישן אונדז האבן זיך איינגעשטעלט אינטימע באציונגען. זי איז געווען אינגאנצן איין שטיק פייער. ווען א מענטש וואלט אפילו געווען פון אייזן וואלט ער נעבן איר געקענט פארברענט ווערן. דאס האט צווישן אונדז אזוי אנגעהאלטן א לאנגע צייט. ביז איינמאל, ווען איך בין געקומען אויף דער לעקציע, ווי שטענדיק, איז קיינער פון די שטוביקע אין הויז נישט געווען, בלויז נאר מיין שילערס פאטער. באלד ווי איך בין אריין אין שטוב און פארמאכט די טיר איז דער פאטער מיך באפאלן ווי א בייזער טיגער. ער האט מיך אזוי צעפאטשט, צעהרגעט און צעבלוטיקט, אז איך בין קוים אנטלאפן מיטן לעבן און א גאנצע וואך בין איך געלעגן קראנק אין בעט. אט די גאנצע געשיכטע האט מיך דאמאלסט אזוי צעבראכן, צעשרויפט און צערודערט, אז איך האב שוין געהאט פעסט באשלאסן ביי זיך, צו נעמען זיך צו דער שווערסטער ארבעט אבי פטור ווערן פון די לעקציעס. אבער דער דראנג פאר עקזיסטענץ איז שטענדיק שטארקער פון אלע פארויס־באשטימונגען און איך האב געמוזט אזוי ווייטער אנגיין מיט מיינע לעקציעס.

ערשט אין צווייטן יאר פאקולטעט בין איך, מיט מזל, אינגאנצן באפרייט געווארן פון אלע לעקציעס, צרות און זארגן. איך בין דאמאלסט א חתן געווארן פאר סאפיאן. איר פאטער איז א שפאניאל, א רייכער מאן. איך בין אים שטארק געפעלן געווארן און ער האט

## מאיר קאָראָנאַ

דורכאויס פאַרלאַנגט פון מיר, אַז איך זאָל זיך באַפרייען פון דער זאָרג פאַר מיין אויסהאַלטונג. ער האָט דאָס גענומען איננאַנצן אויף זיך, כדי איך זאָל קענען מיט אַ רויקן קאָפּ זיך אָפּגעבן צו מיין מעדיצינישן שטודיום. דאָס האָט טאַקע מיר געהאָלפן, אַז איך זאָל קענען אַזוי גלענצנדיק דורכגיין מיינע עקזאַמענעס און צוגרייטן מיין טעזיס, וועלכער האָט אַזוי גוט אויסגענומען ביי מיינע פּראָפעסאָרן.

## סאַלוואַדאָר מיט לעאָנען באַגעגענען זיך מיט פּעטראַן אין סאַן כואַן דעל ריאָ

נאָך דעם ווי סאַלוואַדאָר האָט געענדיקט דערציילן די געשיכטע פון זיין לעבן, וואָס ער האָט אַלץ דורכגעמאַכט ביז ער האָט באַקומען זיין דאָקטאָר־טיטל, האָט ער געזאָגט צו לעאָנען:

— ווייסטו וואָס, לעאָן, מיר איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק: עס וואָלט געווען אַ פּלאַן צו צופאָרן קיין סאַן כואַן דעל ריאָ, צו זען זיך מיט מיין משפחה. נאָך אַזוי פיל יאָרן ווי איך בין דאָרטן נישט געווען. פאָלג מיר, לעאָן, פאָר מיט מיר מיט. אין „סעמאַנאַ סאַנטאַ" וועט די לאַבאָראַטאָריע זיין פאַרמאַכט, וועלן מיר אַלע דריי, דו, סאָפיאַ און איך, צופאָרן אַהין. דו ביסט דאָך אין ערגעץ אין מעקסיקע נאָך נישט געווען. דו קענסט דאָך נאָך גאָרנישט אונדזער פּראָווינץ. עס וועט דיר זיין אינטערעסאַנט צו באַקענען זיך מיטן לעבן פון די קליינע פּראָווינץ־שטעטלעך. מיר וועלן אויך זיין אין קערע־טאַראָ און זען זיך דאָרטן מיטן טייערן, ליבהאַרציקן גלח, פּאַדרע איבאַנעז. מיר וועלן אַרומפאָרן איבער נאָך אַנדערע שטעטלעך און מיר וועלן אַזוי אַרום גוט פאַרברענגען די וואַקאַציע־צייט.

לעאָנען איז דער פּלאַן געפעלן געוואָרן און ער האָט איינ־געשטימט.

געפאָרן זענען זיי נאָר אין צווייען, סאַלוואַדאָר און לעאָן. סאָ־פיאַ, סאַלוואַדאָרס פרוי, האָט קיין חשק נישט געהאַט מיטצופאָרן.

ווען זיי זענען אָנגעקומען אין סאַן כואַן דעל ריאָ האָט עס סאַלוואַדאָרן געצויגן צו זיין דאָס ערשטע אויפן מאַרק־פּלאַץ, וווּ ער איז אַמאָל, קינדערווייז, געשטאַנען מיט זיין מאַמען ביי די ערדענע טעפּ.

# מאיר קאַראַנאַ

קומענדיק אויפן מאַרק־פּלאַץ האָט סאַלוואַדאָרן געפרייט צו זען, וואָס נאָך אַזוי פיל יאָר איז נאָך אַלץ געווען פּונקט ווי אַמאָל. קיין זאַך איז דאָרטן נישט געענדערט געוואָרן. אָבער ביי די ערדענע טעפּ און שיסלען האָבן ביידע פריינד דערזען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט געהאַלטן געשפּאַנט זייערע בליקן, פאַרכאַפּט זייער אויפמערקזאַמ־קייט, אַרויסגערופן זייער באַוווּנדערונג און שטוינענדיק זיי איבער־געראַשט.

ביי די ערדענע כלים איז אַלס פאַרקויפערין געשטאַנען אַ קעניגלעכע פּרינצעסין: אַ מיידל ווי פון אַ יאָר צוואַנציק, אַ שלאַנקע, מיט אַ לענגלעך, פול, בלוט און מילך־פּנים, אין וועלכן ס'איז אויפ־געשניטן געווען אַ קליין מיילעכל מיט דינע, ראָזעווע ליפּעלעך; אַ פּאָר גרויסע, פלאַמיקע, בורשטינענע אויגן האָבן פון פּנים אירן אַרויסגעלויכטן מיט אַזאַ שאַרפקייט, אַז אַפילו אין אַ פינצטערער נאַכט וואָלטן זיי געקענט באַלייכטן אויף אַ מרחק ווייט; דאָס קליינע אַפּגעטאָקטע פאַררייסן נעזל אירס האָט צוגעגעבן איר פּנים אַ באַזונדערן, אייגנאַרטיקן, עלעגאַנטן חן; אירע שאָטינע האָר, פאַרקעמט אין אַ מיטן־שריגט, זענען גלאַט אָפּגעצויגן געווען פון ביידע זייטן קאָפּ, מיט צוויי לאַנגע גרדיכטע צעפּ, אַריבערגעוואָרפן אויף פאָרנט איבער איר בוזעם; אַ שיינער, הויכער אַלאַבאַסטער האַלדז האָט מיט גראַציעזן שטאָלץ געטראָגן אויף זיך אָט דעם פּרעכטיקן קאָפּ פון דער יונגער טעפּ־פאַרקויפערין; און די עלאַסטישע, שלאַנקע און צאַרטע פיגור אירע, וועלכע האָט געשפּרייט אַרום זיך יוגנט־רייץ און גאָרטן־פרישקייט, האָט דערמאָנט אין אַ בליענדיקער גלאַדיאָל־בלום אינם מאָרגן־טוי פון פרילינג.

ביידע פריינד זענען געשטאַנען פון ווייטן ווי פאַרהיפּנאָטיזירטע. זיי האָבן גאָרנישט געקענט אָפּרייסן די אויגן פון אָט דער ווונדער־באַרער געשטאַלט פון דער טעפּ־פאַרקויפערין, וועלכע האָט ווייט נישט אַריינגעפּאַסט זיך, נישט צום דאָזיקן פּלאַץ און נישט צו דער דאָזיקער באַשעפטיקונג.

— דו ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגן, סאַלוואַדאָר — האָט לעאָן זיך אָנגערופן — איך קען זיך מיט דיר וועטן, אַז אָט דאָס מיידל איז נישט קיין מעקסיקאַנערין. אַפילו אין פּאַריז, וווּ איך האָב געוווינט עטלעכע יאָר, האָב איך אַזאַ צאַרטע און ראַפינירטע שיינהייט

## פאַרלוירענע וועגן

נישט באַגעגנט. איך בין זיכער ווען אַ פילם־פּראָדוצירער פון האָלי־ווּד זאָל זי זען וואָלט ער איר באַשאָטן מיט גאָלד. אַ שאָד וואָס אַזאַ שיינהייט איז פאַרוואָלגערט געוואָרן ערגעץ אין אַ מעקסיקאַנעם קליינעם פּראָווינץ־שטעטעלע.

— אָך לעאָן — האָט פון סאַלוואַדאָרן אַרויסגערעדט דער פּאַטריאָטישער שטאָלץ — דו קענסט נאָך נישט אונדזערע מעקסיקאַנער שיינע מיידלעך. ביי אונדז אין מעקסיקע זענען פאַראַן אַ סך אַזעלכע און גראָד אין די קליינע שטעטלעך. און ווייסטו ווער אָט די טעפּ־פּאַרקויפערין איז? איך בין כמעט זיכער, אַז דאָס איז אָט יענע קליינע פּעטראַ, מיין זיידנס שטיף־טאָכטער, וועגן וועלכער איך האָב דיר דערציילט. אָך ווי שיין זי איז אויסגעוואַקסן! איך האָב עס אין איר נאָך דאַמאָלסט געזען, ווען זי איז נאָך אַ קינד געווען.

— איז וואָס זשע שטייסטו פון וויטן. לאָמיר צוגיין צו איר און זיך באַגריסן.

פאָרויס איז געגאַנגען סאַלוואַדאָר און הינטער אים — לעאָן. סאַלוואַדאָר איז צו איר צוגעקומען. ער האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט ווי פאַרלוירן און אומדרייסט איר אַ פרעג געטאָן:

— צי ביסטו נישט אַמאָל פּעטראַ, מיין זיידנס טאָכטער?

זי האָט זיך פאַררויטיקט און געענטפערט מיט אַ געשריי, פון אומגעריכטער איבערראַשונג:

— יאָ, איך בין פּעטראַ. און דו ביסט סאַלוואַדאָר!

ביידע האָבן זיך אַרומגעכאַפּט, זיך געקלאַפּט אין די פּלייצעס, אויפן מעקסיקאַנעם שטייגער ביי אינטימער באַגריסונג.

סאַלוואַדאָר האָט פאָרגעשטעלט לעאָנען:

— דאָס איז מיין בעסטער פריינד, לעאָן קיזעלשטיין.

פּעטראַ מיט לעאָנען האָבן זיך דערלאַנגט די הענט.

— דו ווייסט, סאַלוואַדאָר — האָט פּעטראַ געזאָגט, נאָך אַלץ אונטערן איינפלוס פון דער פּלוצלינגער איבערראַשונג — לאַנג, לאַנג נאָך דיין אַוועקפאָרן האָב איך שטאַרק געבענקט נאָך דיר.

— איך נאָך דיר אויך, פּעטראַ, — האָט סאַלוואַדאָר געענטפערט הכנעהדיק און דערביי געפילט זיך ווי פאַרשעמט און פאַר־שולדיקט — אָבער איך מיין, אַז נאָכדעם ווי דו ביסט געוואָרן עלטער

און שענער האָסטו שוין מער נישט געבענקט נאָך מיר און אפשר גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן אין מיר.

פּעטרא האָט זיך צעלאַכט מיט אַ קלינגענדיקן געלעכטער און זי האָט פאַרדרייט דעם שמועס אויף עפּעס אַנדערש.

— זאָג מיר נאָר, סאַלוואַדאָר, דו האָסט דאָך געזאָלט ווערן אַ גלח, אַלע אין שטוב האָב תּמיד גערעדט וועגן דעם. נו, ביסטו טאַקע געוואָרן אַ הייליקער גלח?

אין איר פראַגע האָט זיך באַמערקט אַ באַהאַלטענע איראָניע.

— ניין, איך בין נישט געוואָרן, נישט קיין הייליקער און נישט קיין גלח. איך האָב זיך אויסגעקליבן בעסערע צוויי פּראָפעסיעס, איך בין געוואָרן אַ דאָקטאָר־מעדיצין און אַ מאַן פון אַ ווייב.

עס איז געווען לייכט צו באַמערקן אין פּעטראַן, אַז פון סאַלוואַדאָרס לעצטע ווערטער האָט מיט אַמאָל אַ שאָטן זיך פאַרצויגן אויף איר פּנים און זי איז געבליבן פאַרטראַכט.

— ווייסטו וואָס סאַלוואַדאָר — האָט פּעטרא אויפגעכאַפּט זיך ראַפּטום פון איר פאַרטראַכטקייט — דו וועסט דאָ שטיין אַ מינוט מיט דיין פריינד און איך וועל צולויפן אהיים, אָנזאָגן, אַז דו ביסט געקומען. עס וועט זיין אַ גרויסע איבערראַשנדיקע פרייד אין דער גאַנצער פאַמיליע דיך ווידער צו זען.

— ניין, מ׳דאַרף נישט. איך וועל אַליין צוגיין. איצט זאָג מיר נאָר, פּעטרא, וואָס מאַכן אַלע? וואָס מאַכט דער זיידע? וואָס מאַכט דיין מאַמע און אַלע אין שטוב?

— דער אַלטער פילט זיך שוואַך. ער ווערט אָפט קראַנק. אַרבעטן קען ער שוין נישט. ווייטער אַלע אין שטוב — אַלץ ווי געווען. נאָר דאָס, וואָס מיר אַלע זענען עלטער געוואָרן.

און אומגערעכט איז פּעטרא אַריינגעפאַלן מיט אַ פראַגע:

— סאַלוואַדאָר, דו האָסט געזאָגט, אַז דו האָסט געבענקט נאָך מיר. זאָג זשע מיר, פאַרוואָס ביסטו דאַמאָלסט אַזוי פּלוצלינג אַנטלאָפן פון מיר, פון שטוב מיין איך?

— עס איז פאַראַן אַ סך צו דערציילן. מיר וועלן נאָך רעדן וועגן דעם.

פּעטרא האָט זיך ווידער צעלאַכט. זי האָט שאַרף אָנגעקוקט

# פאַרלוירענע וזעגן

סאַלוואַדאָרן מיט אירע פלאַמיקע אויגן, וועלכע האָבן אין יענעם מאָמענט גערעדט מער ווי מויל־ווערטער. סאַלוואַדאָר האָט נישט געקענט ביישטיין איר דורכדרינגענדיקן בליק אויף זיך. האָט ער פאַר־שעמטערהייט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, כלומרשט אַ קוק צו געבן אויף זיין פריינד.

— איך בין נישט אַזאַ גרויסער נאַר — האָט פּעטראַ ענדלעך איבערגעטראָגן אירע ווערטער פון די אויגן צום מויל — אַפילו נאָך דאַמאָלסט, ווען איך בין אַ קליין מיידעלע געווען, בין איך אויך קיין נאַר נישט געווען. איך האָב אַלצדינג פאַרשטאַנען. אפשר נאָך צו גוט פאַרשטאַנען... נו, בין איך גערעכט, סאַלוואַדאָר?

סאַלוואַדאָר האָט גאָרנישט געענטפערט.

די גאַנצע צייט וואָס סאַלוואַדאָר האָט גערעדט מיט פּעטראַן האָט לעאָן נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון איר. ער האָט זיך אַריינ־געטיפט אין יעדער מינע אירע און אין איר יעדער באַוועגונג. ער האָט געשלונגען יעדעס וואָרט וואָס זי האָט אַרויסגעבראַכט. ער האָט געהערט אַפילו די ווערטער וואָס אירע רעדעוודיקע ליכטיקע אויגן האָבן געזאָגט. לעאָן איז פאַרכישופט געווען פון פּעטראַס גאַנצן וועזן און ער האָט, אין איר אָנוועזנהייט, לגמרי פאַרגעסן אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער געפינט זיך.

## די דיסקוסיע צווישן לעאָנען מיט סאַלוואַדאָרן וועגן יידן

וועןביידע פריינד זענען אוועק פון פעטראַן האָט סאַלוואַדאָר געפרעגט לעאָנען:

— זאָג, לעאָן, דו וואָלסט געוואָלט חתונה האָבן מיט אַזאַ מיידל ווי פעטראַ?

— אה, וואָס האָסטו געזאָגט?

— וואָס איז מיט דיר, לעאָן, וואָס ביסטו אַזוי פאַרחלומט? מיר דאַכט אַז פעטראַ האָט דיך אינגאַנצן צעשרויפט. איך האָב דיר געפרעגט, צי דו וואָלסט גערן געוועזן חתונה צו האָבן מיט פעטראַן?

— אה, מיט פעטראַן — האָט לעאָן צעצויגן די ווערטער, נאָך אַלץ פאַרטראַכטערהייט — חתונה האָבן מיט פעטראַן, פרעגסטו. צי איך וואָלט געוואָלט מיט איר חתונה האָבן? גליקלעך, איבערגליקלעך וועט זיין דער מאַן וואָס וועט האָבן פעטראַן פאַר אַ ווייב. זי איז נישט נאָר אויסערגעוויינלעך שיין, זי איז אויך זייער קלוג. אָבער — צי איך וואָלט געוואָלט מיט איר חתונה האָבן? קאַטעגאָריש, ניין! וואָלט זי געווען אַ קינד פון מיין פאָלק, אַ יידישע טאָכטער, וואָלט איך קיין איין סעקונדע נישט געטראַכט און איך וואָלט געכאַפּט דאָס גליק מיט ביידע הענט. אָבער, ליידער, איז דאָס נישט אַזוי. איך וועל קיינמאָל נישט פועלן ביי זיך חתונה צו האָבן מיט אַ טאָכטער פון אַ צווייטן פאָלק. ניין, דאָס קען קיינמאָל נישט געשען. איך קען זי באַוווּנדערן. איך קען זי פאַרגעטערן. איך קען ווערן פון איר באַגייסטערט. איך קען אפילו, דורך אַזאַ פעטראַ, מיין הארץ פאַרלירן, אָבער דעם קאָפּ — קיינמאָל נישט. צו מיין גרויס באַדויערן און צער

## פאַרלוירענע וועגן

קען פּעטרא, אָדער אַן אנדערע אזא ווי פּעטרא, נישט ווערן מיין לעבנס באַגלייטערין.

מיט פאַרגלאָצטע אויגן, מיט גרימאַסן אויפן פּנים און מיט הייבן די אַקסלען פון שטוינונג און פאַרוווּנדערונג, האָט סאַלוואַדאָר אויסגעהערט די אומבאַגרייפלעכע ווערטער פון זיין פריינד. סאַלוואַדאָרן איז פאַרגעקומען ווי ער זאָל הערן אײנעם דערציילן, אז אַ קו איז געפלויגן, צי אַן אנדערע אַזעלכע, אומגעלומפּערטע, פאַנטאַסטישע מעשה, וואָס האָט נישט קיין שום גרונט אין דער רעאַלער ווירקלעכקייט. און ער האָט גענומען אָפּווענדן לעאָנס רייד.

— איך פאַרשטיי דיך אבסאָלוט נישט, לעאָן; איך קען בשום אופן נישט באַגרייפן און באַנעמען דיין אַרגומענט. צום ערשטן מאָל הער איך אזא מאָדנעם, משונהדיקן צוגאַנג צום ענין חתונה האָבן. איך האָב גענוג געהערט פאַרקריפּלטע סאָפיסטישע געדריידלעך, אָבער אַזאַ סאָפיזם, ווי דו האָסט דאָ פאַרפּלאָנטערט, האָב איך נאָך נישט געהערט. עס זעט ביי מיר אוים ווי איינער זאָל זאָגן, אז דערפאַר וואָס מ'טוט אריין זאַלץ אין ברויט דעריבער גייען קאַטשקעס באָרוועס. מיין קאָפּ קען עס נישט באַנעמען.

— וואָס איז, סאַלוואַדאָר, דאכט זיך אז איך האָב גערעדט צו דיר גאַנץ קלאָרע דיבורים.

— שיינע קלאָרע דיבורים הייסט דאָס ביי דיר! איך מיין, אז ענגלענדער, פראַנצויזן, דייטשן און נאָך אנדערע אויסלענדער זענען אַזעלכע מיוחסים ווי ידין, און איך וועל דער ווייזן, אז גאָר אַ סך פון זיי, וואָס וווינען אין מעקסיקע, האָבן חתונה געהאַט מיט מעקסיקאַנער מיידלעך און זיי פירן אַ גליקלעך און צופרידן פאַמיליע־לעבן. און נאָך — דו האָסט גערעדט וועגן אַ יידיש פאָלק, אָבער צי דען איז פאַראַן אַזעלעכס ווי אַ יידיש פאָלק, מיט די אַלע אַטריבוטן וואָס אַ גרופּע מענטשן דאַרף באַזיצן, אז זי זאָל קענען אָנגערופן ווערן פאָלק? יאָ, איך ווייס, עס איז פאַראַן אַ יידישע רעליגיע. איז ערשטנס, די מענטשן וואָס זענען אָנגעשלאָסן אין דער יידישער רעליגיע געהערן צו פאַרשידענע פעלקער, פּונקט ווי די וואָס זענען אָנגעשלאָסן אין דער קאַטוילישער רעליגיע געהערן צו פאַרשידענע פעלקער. צווייטנס, ווייס איך אז דו ביסט נישט קיין רעליגיעזער פאַנאַטיקער. דו אַליין האָסט עס מיר עטלעכע מאָל געזאָגט. איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, לעאָן, זאָלסט מיר אַנטשולדיקן וואָס איך וועל

# מאיר קאָראָנאַ

דיר זאָגן, איך דער צו דער ווי אַן אויפריכטיקער פריינד: טיילמאָל מיין איך אַז איך קען דיך זייער גוט. איך קען דיך פאַר אַ לאָגישן, באַרעכנטן, פאַרשטאַנדיקן מענטש און טיילמאָל זאָגסטו אַרויס אַזעלכע אַבסורדאַלע, אומלאָגישע געדאַנקען, וועלכע איך הייב נישט אָן צו באַגרייפן. עפּעס אַזעלכע מאָדנע געדאַנקען וואָס פּאַסטן פאַר אַ קינד, נישט פאַר אַ דערוואַקסענעם און דערפאַרענעם קולטור־מענטש, ווי דו ביסט.

לעאָן האָט רויק אויסגעהערט זיין פריינדס טענה׳ס און זיינע מוסרדיקע פאָרווורפן, און מיט דער זעלביקער רויקייט האָט ער אים געענטפערט:

— איך וועל דיר ענטפערן אויף אַלע דיינע פראַגעס און טענה׳ס קלאָר און דייטלעך: קודם דאַרפסטו וויסן, אַז נישט פאַרשטיין און נישט באַגרייפן דעם באַשטאַנד פון אַ זאַך הייסט נאָך נישט, אַז צוליב דעם הערט די זאַך אויף צו עקזיסטירן. דו ביסט דאָך אַ מעדיקער, ווייסטו דאָך אַז אויף צו היילן קראַנקהייטן באַניצט מען זיך מיט אַלערליי מעדיצינישע דערפינדונגען. מיליאָנען מענטשן פאַרשטיין נישט און באַגרייפן נישט דעם באַשטאַנד פון די מעדיצינען. אפילו די גרעסטע צאָל דאָקטוירים פאַרשטייען דאָס אויך נישט. פונדעסט־וועגן באַניצן זיך אַלע מיט די דאָזיקע מעדיצינען. מיר אַלע באַניצן זיך מיט אַ סך טעכנישע דערפינדונגען, כאָטש מיר האָבן קיין אנונג נישט אין זייערע קאָמפּליצירטע מעכאַניזמען. נישט פאַרשטיין, ליבער פריינד, באַרעכטיקט נישט די אָפּלייקענונג פון דער עקזיסטענץ. די וואָס האָבן נישט געלערנט און נישט געפאָרשט די פאַרשטייען נישט. דאַרף מען זיך פריער לערנען ביי יענע וואָס פאַרשטייען יאָ, אָבער נישט אָפּלייקענען. איצט לאָמיר צוגיין דירעקט צום ענין יידיש פאָלק. דו זאָגסט אַז עס איז גאָרנישטאָ אַזעלעכס ווי אַ יידיש פאָלק, ווייל יידן באַזיצן נישט אָט יענע אַטריבוטן, וועלכע, לויט דיין מיינונג, זענען עס די איינציקע וואָס באַרעכטיקן די עקזיסטענץ פון אַ פאָלק. איך פאַרשטיי אַז דער הויפּט־אַטריבוט, נאָך דיין מיינונג, איז אַן אָפּגעשלאָסענע, פאַרזיכערטע, נאַציאָנאַלע טעריטאָריע. יאָ, אַ סך מיינען אַזוי.

— יאָ, יאָ — האָט סאַלוואַדאָר איבערגעריסן — דאָס טאַקע מיין איך איז דער עיקר, און עס זענען פאַראַן נאָך אַנדערע אַטריבוטן, ווי אייגענע שפּראַך, אייגענע קולטור, אייגענע עקאָנאָמיק, אייגענע

## פאַרלוירענע וועגן

פאָלקס קונסט, אייגענע פאָלקס טראַדיציעס און נאָך אזוי ווייטער.

— הער זשע מיך פריער אוים. הער מיך אוים געלאַסן. רייס מיר נישט איבער אינטימן. דערנאָך וועסטו מיר קענען ענטפערן.

— נו גוט, גוט, איך בין גרייט צו הערן מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט.

— עס זענען פאַראַן פאַרשידענע מאָטיוון, צוליב וועלכע מענטשן גרופּירן זיך אין געשלאָסענע קערפּערשאַפטן און זיי ווערן צווישן זיך ענג פאַרבינדן. די מאָטיוון קענען זיין: מאַטעריעלע, פּאָליטישע, רעגיאָנאַלע, מיליטערישע, רעליגיעזע, וויסנשאַפטלעכע, פילאַנטראָפּישע, גייסטיקע, פאַמיליארע און נאָך אַ סך אזעלכע. צווישן די מאָטיוון זענען פאַראַן אזעלכע וואָס זענען צייטווייליקע, נישט וויכטיק ווי לאַנג די צייטווייליקייט האַלט אָן, און עס זענען פאַראַן מאָטיוון אייביקע, וועלכע קענען זיך קיינמאָל נישט ענדיקן. עס טרעפט אויך טיילמאָל, אַז ביי איין און דער זעלביקער גרופּע קומען זיך צונויף עטלעכע מאָטיוון צוזאַמען און דאָס מאַכט איר פאַרייניקונג ענגער, שטאַרקער און דויערהאַפטיקער.

ווייטער:

— לאָמיר נעמען עטלעכע ביישפּילן: מענטשן דינען צוזאַמען אין איין רעגימענט אין מיליטער. זיי זענען אַלע גלייך אונטערגעוואָרפן אונטער די זעלביקע באַדינגונגען, אונטער דער זעלביקער דיסציפּלין. אַלע לעבן זיי צוזאַמען איין אַרט לעבן. דאָס פאַרבינדט זיי און מאַכט פון זיי איין געשלאָסענע גרופּע. אָבער דאָס איז נאָר אַ צייטווייליקייט. די מענטשן ענדיקן די צייט פון זייער מיליטער־דינסט, יעדער פון זיי גייט אַוועק צו זיין היים, צו זיין באַשעפטיקונג, און עס האָט זיך געענדיקט מיט זייער געמיינזאַמער פאַרבינדונג. אוים מאָטיוו איז אוים מיט זייער געמיינשאַפט. אזוי איז אויך מיט מאַטעריעלע מאָטיוון, וואָס שאַפן פאַרבינדונגען צווישן מענטשן, ווי למשל אַרבעטער־סינדיקאַטן, וואָס זייערע צילן זענען מאַטעריעלע. זיי קענען זיין אזוי לאַנג עפעקטיוו און פאַרבינדן די מענטשן וואָס זענען אָנגעשלאָסן אין זיי, ווי לאַנג די מאַטעריעלע אינטערעסן פון מענטש, אַלס אַרבעטער, נויטיקט זיך אין זיי און ער ציט פון זיי אַ נוצן. אָבער מיט דעם מאָמענט ווען דער מענטש הערט אויף צו לעבן פון אַרבעט, ער ציט זיין חיונה פון אַנדערע קוואַלן, דאַמאָלסט ענדיקט

זיך דער מאָטיוו און עס פאַרבינדט שוין נישט אָט דעם מענטש מיטן ארבעטער־פאַרבאַנד. דאָס זעלביקע איז אויך מיט רעגיאָנעלע מאָטיוון: מענטשן וווינען אין איין שטאָט, צי אין איין דאָרף. די געמיינזאַמע אינטערעסן פון דער שטאָט, צי פון דעם דאָרף, פאַרבינדט אַלע דאָרטיקע איינוווינער און עס שאַפט זיך צווישן זיי אַ מין געשלאָסענע געמיינשאַפט, וועלכע ווערט נאָך באַקרעפטיקט דורך לאָקאַלן פאַטריאָטיזם. הגם אַזאַ מאָטיוו איז אַ מער דוירהאַפטיקער, אָבער דאָך איז ער נישט קיין אייביקער. מענטשן מוזן צוליב געוויסע סיבות איבערוואַנדערן פון איין וווין־אָרט אין אַ צווייטן. איז ווען דער מענטש וווינט שוין אין אַ צווייטער שטאָט איז שוין פאַר אים געענדיקט דער מאָטיוו פון דער פריערדיקער רעגיאָנעלער פאַרבינדונג. עס איז שוין פון אים אוועק דער פריערדיקער לאָקאַלער פאַטריאָטיזם און ממילא עקזיסטירט שוין פאַר אים נישט דער פריערדיקער אָרט־פאַרבאַנד. אַזוי איז אויך מיט אַנדערע מאָטיוון.

ווייטער:

— איצט לאָמיר באַטראַכטן דעם רעליגיעזן מאָטיוו. לאָמיר נעמען, למשל, די קריסטלעכע רעליגיע. דער דאָזיקער מאָטיוו, וואָס פאַרבינדט ריזיקע מיליאָנען־מאַסן אונטער איין פאָן, איז טאַקע אַ דויערהאַפטיקער און אַן אייביקער, אָבער דער פאַרבאַנד איז זייער אַ לויזער און אַ שוואַכער. פאַרוואָס? ווייל עס קומט אַ צווייטער מאָטיוו, אַ שטאַרקערער און אַ מעכטיקערער, און ער צעברעכט די מענטשן־פאַרבינדונג וואָס דער רעליגיעזער מאָטיוו שאַפט. דער שטאַרקערער מאָטיוו איז דער טעריטאָריאַל־פאַטריאָטישער פון יעדן לאַנד באַזונדער. זעען מיר דעריבער, אַז פעלקער פון דער זעלביקער קריסטלעכער רעליגיע פירן אָפט צווישן זיך שוידערלעכע און בלוטיקע מלחמות, און זייער געמיינזאַמע קריסטלעכע רעליגיע איז נישט בכוח אָפּצוהאַלטן זיי, די פעלקער, פון ווילן פאַרניכטן און פאַרשקלאַפן איינס דאָס צווייטע. זעען מיר דערפון, אַז בלויז דער רעליגיעזער מאָטיוו, כאָטש ער איז אַן אייביקער, פונדעסטוועגן קען ער נישט ביישטיין אַנטקעגן אַן אַנדערן מאָטיוו, וואָס איז שטאַרקער פון אים.

ווייטער:

— איצט לאָמיר זען, צי איז דער טעריטאָריאַל־פאַטריאָטישער מאָטיוו, וועלכער האַלט פאַרבונדן אַ גאַנץ פאָלק אין איין ענגן

# פאַרלוירענע וועגן

צוזאַמענבונד, צי איז ער טאַקע אַזאַ שטאַרקער און אייביקער כוח. לאָמיר אדרבה דורכבלעטערן די וועלט־געשיכטע וועלן מיר זען, וויפל מעכטיקע פעלקער זענען אראָפּ פון דער וועלט־אַרענע און זענען אונטערגעגאַנגען. נאָך דעם ווי זיי האָבן פאַרלוירן זייער נאַציאָנאַלע טעריטאָריע איז פון זייער גאַנצער פאָלקס איינהייט און פאָלקס גאַנצקייט גאָרנישט געוואָרן. די קינדער פון יענע פעלקער זענען צעשטויבט געוואָרן צווישן אַנדערע פעלקער און זייער פריערדיקער, אייגנאַרטיקער פאָלקס פרצוף איז לגמרי אָפּגעמעקט געוואָרן. האָבן מיר ווידער אַ באַווייז, אַז בלויז נאַציאָנאַלע טעריטאָריע איז נאָך נישט קיין גענוגנדיקער מאָטיוו אויף צו פאַראייביקן פאָלקס גאַנצקייט.

איצט איז לעאָן צוגעקומען צו זיין עיקרדיקן ציל, וואָס ער האָט געוואָלט אַרויסברענגען און ער האָט געזאָגט:

— לאָמיר אָבער נעמען דאָס יידישע פאָלק. יאָ טאַקע פאָלק. שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר ווי מיר האָבן פאַרלוירן אונדזער נאַציאָנאַלע טעריטאָריע און אונדזער פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט. מיר זענען צושפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. און דאָך, ווו מיר זאָלן זיך נישט געפינען זענען מיר ענג פאַרבונדן צווישן זיך מיט טויזנטער אומצערייסבארע פעדים. עס איז נישט ריכטיק, סאַלוואַדאָר, וואָס דו האָסט געזאָגט, אַז יידן געהערן צו פאַרשידענע פעלקער. עס איז אַבסאָלוט נישט ריכטיק. מיר וווינען בלויז צווישן אַנדערע פעלקער. מיר זענען גוטע לאָיאַלע בירגער אין די לענדער ווו מיר וווינען. מיר זענען זייער דאַנקבאַר די פעלקער וואָס האָבן אונדז געגעבן אַזיל און בירגער רעכט. אָבער נאַציאָנאַל־פאָלקיש זענען מיר, אַלע יידן, אָנגעשלאָסן נאָר אין איין פאָלק, אינם יידישן. און מיטן יידישן פאָלק זענען מיר — און מיר וועלן זיין עד סוף כל הדורות — פאַרבונדן מיט אונדזערע קערפּערס און נשמות, אויף לעבן און אויף טויט.

ווייטער:

— ווילסטו וויסן, סאַלוואַדאָר, פאַרוואָס דאָס איז אַזוי? וועל איך עס דער דערקלערן. ווייל אונדזער פאָלקס עקזיסטענץ איז באַזירט, נישט בלויז אויף איין מאָטיוו, נאָר אויף אַ גאַנצער ריי מאָטיוון. קודם כל — רעליגיע. און רעליגיע מיינט נישט ביי אונדז בלויז דינען גאָט און בעטן צו אים, אונדזער רעליגיע באַשטייט פון אַ

גאַנץ אייגנאַרטיקן, עטישן וועלט־באַנעם; ווי אַזוי יעדער ייד דאַרף זיך פירן פאַר זיך אַליין; ווי אַזוי ער דאַרף זיך אויפפירן אין זיין פאַמיליע־לעבן; ווי אַזוי ער דאַרף זיך באַציען צו זיינע עלטערן און צו זיינע קינדער; ווי אַזוי ער דאַרף זיך באַנעמען מיט זיינע מיטמענטשן; ווי אַזוי ער דאַרף האַנדלען אָנשטענדיק, אין אַלע פאַלן ווי עס קומט אים אויס; וואָס ער מעג יאָ טאָן און וואָס ער טאָר נישט טאָן, ווייל עס נישט פאַסיק און ארענטלעך, און נאָך אַזוי ווייטער. דעריבער קען ביי אונדז זיין, אפילו ווען איינער איז נישט קיין גלויביקער און דאָך זיין אַ רעליגיעזער ייד, בלויז ווייל ער איז אַ ייד. נאָך אַ מאָטיוו איז פאַראַן פאַר אונדזער פאָלקס עקזיסטענץ — פאַמיליע. מיר יידן זענען מער ווי אַ פאָלק, מיר זענען איין גרויסע פאַרצווייגטע פאַמיליע, אין וועלכער אַלע מיטגלידער אירע זענען ענג־משפחהדיק פאַרבונדן צווישן זיך. מיר זענען זיך משדך דורכאויס נאָר צווישן זיך. דאָס איז איינער פון אונדזערע גרונטיקע פאַמיליע־פרינציפּן. איצט נאָך אַ מאָטיוו איז פאַראַן, וועלכער האָט צוגעפירט צו אונדזער ענגער געטוליעטקייט צווישן זיך. דאָס איז, וואָס מיר זענען אומעטום און אין אַלע צייטן גערודפט געוואָרן; פון אַלע זייטן האָט מען אונדז געיאָגט און געפּלאָגט און געברענט אונדזערע טריט. דאָס האָט פאַרשטאַרקט אונדזערע אינערלעכע גייסטיקע כוחות און פאַרפעסטיקט אין אונדז אַן אומגעהוירע עקשנות צום קאַמף פאַר אונדזער זעלבסטדערהאַלטונג. און נאָך גאָר אַ וויכטיקער מאָטיוו, וועלכער האָט אונדז געגעבן כוח און מוט פאַר אונדזער פאָלקס עקזיסטענץ, איז אונדזער נאַציאָנאַלע טעריטאָריע, ארץ ישראל. מיר האָבן קיינמאָל, אין די אַלע הונדערטער יאָרן פון גלות, נישט אויפגעהערט צו שטרעבן און בענקען נאָך אונדזער היימלאַנד, דאָס לאַנד פון אונדזערע אבות. מיר האָבן נישט אויפגעהערט צו גלייבן און האָפן, אַז עס וועט נאָך קומען אַ צייט ווען מיר וועלן ווידער ווערן אַ פּאָליטיש, פריי, זעלבסשטענדיק פאָלק אין אונדזער אייגענעם לאַנד. און דאָס איז אויך, נישט אַזוי צוליב בלויז טעריטאָריע אַן און פאַרזיך, נאָר דער עיקר — כדי מיר זאָלן קענען זיי פריי, נישט באַלעסטיקט און געשטערט פון אויסערלעכע פאַקטאָרן, אויסצולעבן זיך אויף אונדזער אייגענעם אופן, אין אונדזער אייגנאַרטיק־עטישן לעבנס באַנעם, ווי אונדזערע גרויסע געלערנטע האָבן פאַר אונדז פאַרגעשריבן.

סאַלוואַדאָר האָט מיט שפּאַנונג און פאַרגאַפונג אויסגעהערט

# פאַרלוירענע וועגן

אַלצדינג וואָס לעאָן האָט אים אויפגעקלערט. כאָטש נישט אַלץ האָט ער גוט באַנומען און נישט מיט אַלץ איז ער געווען איינשטימיק. אָבער לעאָן האָט פאַר אים אַנטדעקט אַ נייע וועלט מיט נייע באַגריפן, פון וועלכע ער האָט קיינמאָל פריער גאָר קיין אַנונג נישט געהאַט. סאַלוואַדאָר האָט זיך געקליבן איבער צו פרעגן לעאָנען וועגן אַ סך זאַכן וואָס ער האָט נישט גוט פאַרשטאַנען און אויף אַ טייל פון לעאָנס אַרגומענטן צו געבן זיינע אָפּווענדונגען.

אָבער, אינדעם האָט סאַלוואַדאָר דערזען ווי דער אַלטער זיידע זיינער מיט דער גאַנצער פאַמיליע זענען אַרוים אים מקבל פנים זיין.

די דיסקוסיע אָבער וועגן דעם, צי יידן זענען אַ פאָלק צוגלייך מיט אַלע פעלקער, האָט זיך דאַמאָלסט נאָכנישט געענדיקט.

שוין באַלד דרייסיק יאָר זענען אַריבער פון דאַמאָלסט אָן.ביידע פריינד האָבן שוין גרויע האָר און דערוואַקסענע זין און טעכטער, און די דיסקוסיע צווישן זיי גייט נאָך אַלץ אָן.

ערשט ווען עס איז אויפגעקומען די פרייע, סוווערנע, זעלבסטשטענדיקע, יידישע מדינה און די גיבורי ישראל האָבן באַוויזן צו באַזיגן אי די ענגלענדער אי די אַראַבער, ערשט דאַמאָלסט האָט סאַלוואַדאָר בעלטראַן, ווי אַ סך אַנדערע פון די אומות העולם, טיילווייז געביטן זיינע מיינונגען.

# די באַקאַנטשאַפט פון דזשאָרזש פעטראָוו מיט פערלאַ קיזעלשטיין

ווען צוויי מענטשן פאָרן צוזאַמען אַ לאַנגן וועג, פון הונדערט און צוואַנציק שעה נאָכאַנאַנד, אין זעלביקן אויטאָבוס, און זייערע זיץ־פּלעצער זענען איינער נעבן צווייטן, איז עס נאַטירלעך אַז גאַנץ פרעמדע, וואָס האָבן זיך פריער אפילו נישט געקענט, זאָלן ווערן נאָענט צווישן זיך און אויך באַפריינדעט. אָפט טרעפט, אַז די דאָזיקע רייזע־פריינדשאַפט בלייבט, צווישן אָט די צוויי, אַ שטענדיקע, אויף לאַנג, לאַנג נאָכדעם ווי ביידע האָבן שוין אפילו פאַרגעסן אין זייער ערשטן צוזאַמענטרעף אינם צוזאַמענדיקן רייזע־וועג.

בפרט נאָך ווען די צוויי זענען יונגע מענטשן, ער און זי, ביי וועמען דער יוגנטלעכער רייץ און ברען האַלט ערשט אין רעכטן אָנהייב פון צעבליונג, איז עס אוודאי נאַטירלעך.

אַזוי, אויף אַזאַ וועג, האָט זיך אָנגעהויבן און אַנטוויקלט די באַקאַנטשאַפט, פריינדשאַפט, נאָענטקייט און נאָכמער, צווישן די צוויי יונגע מענטשן, דזשאָרזש פעטראָוו און פערלאַ קיזעלשטיין.

אין דעם אויטאָבוס־וואָקזאַל אין ניו־יאָרק האָבן זיי צופעליק זיך באַגעגנט און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ביידע זענען געקומען אַהין מיטן זעלביקן ציל, צו פאָרן קיין מעקסיקע, און זייערע זיץ־פּלעצער זענען איינער נעבן צווייטן.

דזשאָרזש פעטראָוו, אַ הויכער, מיט אַ מאָגער־לענגלעך פנים, מיט העל גרינע אויגן און מיט אַ געדיכטער טשופּרינע פלאַקסענע האָר, איז אַ זון פון רוסן־עלטערן. ער אַליין איז שוין אַ געבוירענער

# פאַרלוירענע וועגן

אין די פאַראייניקטע שטאַטן. זיין פאָטער, דאַניעל סערגייעוויטש פּעטראָוו, איז שוין באַלד דרייסיק יאָר אין די פאַר. שטאַטן. ער איז אַ באַרימטער דאָקטאָר־מעדיקער און פּראָפעסאָר אין פילאַדעלפיער אוניווערסיטעט. דזשאָרזש פּעטראָוו איז אַ געענדיקטער אינזשעניר־מעכעניק און געפאָרן איז ער קיין מעקסיקע סתם אויף אַ שפּאַציר־רייזע.

פּערלאַ קיזעלשטיין, אַ הויכע, אַ טונקל־בלאָנדע, מיט בלויע לעבהאַפטע אויגן, מיט אַ פול קיילעכדיק פּנים און מיט רירעוודיקע, טעמפּעראַמענטפולע באַוועגונגען, איז אַ טאָכטער פון רייכע יידישע עלטערן אין מעקסיקע. זי שטודירט קונסט־מאַלעריי אין אַ ניו־יאָרקער קונסט־אַקאַדעמיע. זי איז געפאָרן, מיטן זעלביקן אויטאָבוס, אַהיים צו די עלטערן.

אָט די צוויי יונגע מענטשן האָבן נאַרוואָס געהאַט אַריבער־געשפּאַנט דעם צווייטן צענדליק פון זייערע לעבנס יאָרן.

אין דער לאַנגער און צעצויגענער פינפטאָגיקער רייזע זענען ביידע יונגע, אינטעליגענטע מענטשן אַריינגעטאָן געוועזן אין שמועסן און דיסקוסיעס איבער מאַלעריי, מוזיק און ליטעראַטור, פּראָבלעמען צו וועלכע ביידע האָבן געהאַט אַ גרויסן אינטערעס און אַן אינטימע באַציונג. צוזאַמען האָבן זיי באַוווּנדערט און זיך אַנטציקט מיט די דרויסנדיקע, פּרעכטיקע נאַטור־שיינקייטן, דורך וועלכע דער אויטאָבוס איז פאַרבייגעלאָפן. און אויך האָט אַן אָנשפּראַכיקע און אַ קעגנזייטיקע יוגנט־צעברויזטקייט נישט דערלאָזט די צוויי יונגע מענטשן צו רייזע־לאַנגווייליקייט.

נישט איין מאָל, אין לויף פון דער רייזע, איז ביי יעדן איינעם פון די צוויי אויפגעקומען דער זעלביקער געדאַנק:

— אפשר וואָלט געווען אַ פּלאַן, אַז מ'זאָל אינמיטן וועג זיך אָפּשטעלן ערגעץ אויף אַ סטאַנציע; זיך אָפּרוען דאָרטן צוזאַמען אויף איין טאָג; אויפן צווייטן טאָג פאָרזעצן ווייטער די רייזע און נישט דאַרפן פאַרמאַטערט ווערן פון אַזאַ לאַנגן נאָכאַנאַנדיקן פאָרן.

יעדער איינער פון זיי האָט דאָס זעלביקע געטראַכט פאַר זיך. אָבער — עפּעס האָט אָפּגעהאַלטן, אָט דעם געמיינזאַמען געדאַנק, אַרויסגעבראַכט צו ווערן פון איינעם צום אַנדערן מיט ווערטער.

# מ א י ר  ק אָ ר אָ נ אַ

אזוי האָט די אויטאָבוס־רייזע זיך געצויגן פינף טעג נאָכאַנאַנד פון ניו־יאָרק ביז דער שטאָט מעקסיקע.

ביז מיט איין האַלבער שעה פאַר איר אָנקומען אין מעקסיקע איז פאַר דעם יונגן מיידל, פּערלאַ קיזעלשטיין, געווען גאַנץ קלאָר, וואָס איר מיטרייזנדער, דער יונגער בחור דזשאָרזש פּעטראָוו, באַדייט פאַר איר. קיין מינדסטער צווייפל, קיין וועלכער ס'איז שטער און קיין שום חשבונות זענען שוין נישט געווען אומשטאַנד איינצולעשן און אָפּצוהאַלטן דעם פלאַקער פון אירע ליבע־געפילן, וואָס דער יונגער פּעטראָוו האָט אין איר האַרצן אָנגעצונדן.

אָבער וואָס איז מיטאַמאָל געשען?!

וואָס נענטער דער אויטאָבוס האָט זיך גערוקט צו דער שטאָט, ווען עס האָבן זיך גענומען באַווייזן די ערשטע פאַבריקס קוימענס און געדיכטער זענען געוואָרן די ערשטע, אַלטע, אָפּגעלאָזענע הייזער פון דער פאָרשטאָט, אַלץ גרעסער איז געוואָרן די כמאַרע וואָס האָט זיך אויף פּערלאַן פלוצלינג אַראָפּגעלאָזט. אירע לעבהאַפטע אויגן זענען פאַרצויגן געוואָרן מיט אַן אומעט. איר שיין, ליכטיק, שטיפעריש פנים איז ווי פאַרוואָלקנט געוואָרן. אירע ליפּן האָבן גענומען צוקן אין נערוועזער באַוועגונג און אין איר מוח האָט אומדערוואַרט אָנגעהויבן צו טאָטשען, ווי אַ וואָרעם, אַ שרעקלעכער געדאַנק, וואָס ביז מיט איין האַלבער שעה פריער האָט זי וועגן דעם אפילו נישט געטראַכט:

— דזשאָרזש איז דאָך אַ קריסט...! ס'טייטש וואָס וועט זאָגן דער טאַטע...! און די מאַמע...! און דער ברידער...! און אַלע פריינד...!

— וואָס איז מיט דיר געשען, פּערלאַ טייערע? — האָט דזשאָרזש זי ליבלעך אַרומגענומען און געפרעגט דערשראָקן, ווען ער האָט דערזען איר נערוועזע צערודערטקייט און איר דערשלאָגנקייט — וואָס איז דיר, מיין ליבע פּערלאַ, צי פילסטו זיך עפּעס נישט גוט?

אַנשטאָט אַן ענטפער האָט פּערלאַ זיך צעוויינט. ערשט נאָך עטלעכע מינוט האָט זי שלוכצנדיק קוים אַרויסגערעדט:

— מיר איז גאָרנישט, דזשאָרזש, באמת גאָרנישט. איך בין נאָר אַ ביסל נערוועזיש פון דערוואַרטונג צו זען זיך ווידער מיט מיינע ליבע עלטערן.

# פּאַרלוירענע וועגן

און אַט האָט דער אויטאָבוס זיך אָפּגעשטעלט, איינס אַזייגער בייטאָג, אויף דער לעצטער סטאַנציע.

אויף דער סטאַנציע איז פּערלאַ אָפּגעוואַרט געווען פון איר פאָטער, לעאָן קיזעלשטיין און איר מוטער בערטאַ.

דאָס ערשטע איז פּערלאַ צוגעפאַלן צו איר מוטער און זי האָט זיך היסטעריש צעוויינט, אַז מ׳האָט זי קוים געקענט באַרויקן; דערנאָך איז זי צו צום פאָטער, האָט אים אַרומגעכאַפּט און לאַנג, לאַנג מיט אים זיך צעקושט.

דזשאָרזש איז געשטאַנען אין א זייט און ער האָט מיט פאַרוווּנדערונג באַטראַכט ווי אידענטיש ענלעך עס זענען מוטער און טאָכטער, ממש ווי צוויי טראָפּן וואַסער. ער האָט אויפמערקזאַם זיך צוגעקוקט צו דער האַרציקער באַגעגעניש־סצענע פון טאָכטער און עלטערן און ער האָט געטראַכט: „טאַקע נאָר ביי יידן איז פאַראַן אַזא קעגנזייטיקע, האַרציקע און אינטים־נשמהדיקע ליבשאַפט־באַציונג פון קינדער מיט עלטערן", און דאָס איז אים שטאַרק געפעלן געווען.

דזשאָרזש איז געשטאַנען און געוואַרט, אַז פּערלאַ זאָל אים פאָרשטעלן פאַר אירע עלטערן. פּערלאַ איז אָבער געווען אַזוי עמאָציאָנירט און צעטראָגן אין דעם מאָמענט, אַז עס איז איר גאָר אַראָפּ פון זינען דזשאָרזשס געפינען זיך דאָרט. מיטאַמאָל האָט זי דערפילט אויף זיך זיינע שאַרפע בליקן און זי האָט זיך צו אים אומגעדרייט. ערשט דאַמאָלסט איז זי צו צו אים, האָט זיך פאַר אים אַנטשולדיקט, האָט אים צוגעפירט צו די עלטערן און אים פאָר־געשטעלט מיטן גאַנצן יחוס זיינעם:

— דאָס איז אינזשעניר דזשאָרזש פּעטראָוו, א זון פון באַרימטן מעדיקער, פּראָפעסאָר פון פילאַדעלפיע אוניווערסיטעט.

פערלאַס פאָטער האָט אים באַגריסט גאַנץ העפלעך, אָבער קאַלט. עפּעס איז אים דער דאָזיקער גוישקער בחור, מיט די פלאַקסענע האָר, נישט שטאַרק געפעלן געווען.

פערלאַס מוטער אָבער, ווען זי האָט דערהערט „פּראָפעסאָר פּעטראָווס זון" האָט זי אים זייער וואַרעם באַגריסט, שטאַרק געדריקט די האַנט און מיט באַגייסטערונג געזאָגט צו אים:

# מ א י ר  ק אָ ר אָ נ אַ

— זענט איר פּראָפעסאָר פּעטראָווס זון פון פילאַדעלפיע! אַך וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן ס'איז פאַר אונדז אייך צו זען ביי אונדז!

דאָ האָבן פאָטער און טאָכטער זיך איבערגעקוקט און זי האָט זיין אָנווערטערדיקע פראַגע גוט פאַרשטאַנען.

באַלד האָט לעאָן זיך געווענדעט צום ווייב מיט אַ פראַגע:

— פון וואַנען קענסטו, בערטאַ, דעם פּראָפּעסאָר פּעטראָוו?

— וואָס פרעגסטו, לעאָן — האָט בערטאַ געענטפערט אין אַ געהויבענער שטימונג — וואָס הייסט פון וואַנען. ס'טייטש אונדזער מאַקס זון, האָט דאָך ביי אים געלערנט אין פילאַדעלפיער אוניווערסיטעט און מאַקס רעדט פון זיין פּראָפּעסאָר, פּעטראָוו, מיט אַזוי פיל ליבשאַפט, מיט אַזוי פיל אַכטונג און באַגייסטערונג. און צי דען האָסטו נישט געזען, אַז ביי מאַקסן אין דער קאָנסולטאַריע הענגט אַ גרויס בילד פון אַ גרופּע יונגע דאָקטוירים צוזאַמען מיט זייער פּראָפּעסאָר פּעטראָוו!

— ה־מ־מ־ם אַזוי — האָט לעאָן אַרויסגעמורמלט מיט אַן איראָנישן שמייכל — אַזוי איז עפּעס אַנדערש...!

און בערטאַ האָט זיך געווענדעט צו דזשאָרזשן:

— איר,יונגער פּעטראָוו, מוזט שוין מיט אונדז מיטגיין צו אונדז אין הויז. מיר וועלן צוזאַמען עסן מיטאָג און מיר וועלן זיך פילן זייער צופרידן, אַז איר זאָלט זיין אונדזער גאַסט די גאַנצע צייט, ווי לאַנג איר וועט ווײַלן אין מעקסיקע.

באַלד האָט זי צוגעגעבן:

— אַך ווי מיין זון, דאָקטאָר מאַקס קיזעלשטיין, וועט זיך עס דערפרייען מיט אייך, מיטן זון פון זיין באַליבטן פּראָפּעסאָר פּעטראָוו!

פערלאַ האָט ענטוזיאַסטיש געקוקט אויף איר מוטער, האָט מיט געשפּאַנטקייט זיך צוגעהערט צו אירע ווערטער און דער אָפּקלאַנג פון איר מאַמעס ווערטער האָט פערלאַן פאַרוויגט אין אַ זיסן טרוים. די ליכטיקע, בלויע אויגן אירע האָבן אויפגעלויכטן מיט אויסטער־לישער פרייד, איר פּנים האָט זיך צעשטראַלט פון גליק און פון איר גאַנצן וועזן האָט אַראָפּגעזונגען פאַרליבטקייט. פערלאַ האָט, מיט אירע צעפלאַמטע בליקן, זיך געטיילט מיט דזשאָרזשן דעם געמיט־צושטאַנד אירן און מיט אויגן־שפּראַך אים געבעטן, אַז ער זאָל, איר צוליב, איינשטימען אויף דער מאַמעס פאַרלאַנג.

# פאַרלוירענע וועגן

לעאָן, פערלאַס פאָטער, איז געשטאַנען שווייגנדיק און ער האָט זיך גוט צוגעקוקט צו דעם שטומען איבעררייד, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן זיין טאָכטער מיט דעם יונגן גוי, דזשאָרזש. אים איז דאָס אַבסאָלוט נישט געווען געפעלן.

נישט געקוקט אָבער אויף די שטאַרק־באַרעדעוודיקע בקשות פון פערלאַס מוטער און אויף דעם אויגן־געבעט פון פערלאַן אַליין, האָט דזשאָרזש באַדאַנקט פאַר דער זייער גאַסטפריינדלעכער באַציונג צו אים און ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון מיטגיין מיט זיי. ער האָט דערקלערט:

— ביי מיין בעסטן ווילן און ביי מיין גרעסטן פאַרגעניגן צו זיין מיט אייך, קען איך היינט נישט זיין ביי אייך. איך בין זייער מיד פון וועג. איך דאַרף זיך אָפּרוען. איך וועל שטיין אין האָטעל „גענוא". מאָרגן, אויב איר וועט וועלן, זאָלן מיר זיך פאַרשטענדיקן טעלעפאָניש און עס וועט זיין פאַר מיר אַ גרויסע צופרידנקייט צו טרעפן זיך מיט אייך און מיט אייך אַלע צוזאַמען פאַרברענגען.

מען האָט זיך אָפּגעזעגנט און פערלאַ האָט אויף שטום־לשון געגעבן דזשאָרזשן אָנצוהערן, אַז זי איז אומצופרידן פון זיין אָפּזאָגן זיך מיטצוגיין מיט זיי. גלייכצייטיק האָט זי אים געגעבן צו פילן, אַז ער זאָל ווייסן און געהענקען וואָס ער איז פאַר איר און זי פאַר אים...

אין זעלביקן אָוונט איז ביי די קיזעלשטיינס געפּראַוועט געוואָרן אַ היימישע „ברוך הבא"־מסיבה, צוליב דער בת יחידקעס אהיימקומען. עס זענען זיך צוזאַמענגעקומען אַלע פאַמיליע־מיטגלידער, נאָענטע פריינד און פערלאַס חברטעס.

ווייל עס איז באַקאַנט געוואָרן, אַז אין זעלביקן אויטאָבוס איז גלייך מיט פערלאַן אויך געקומען קיין מעקסיקע פּראָפעסאָר פעטראָווס זון פון פילאַדעלפיע, האָט שוין די מוטער, בערטאַ, אויסגענוצט די געלעגנהייט און אויסמאַרקירט אַזוי, אַז פון אַלע שמועסן, וואָס האָבן זיך געקייקלט אין דער דאָזיקער מסיבה, זאָל אַרויסגעבראַכט ווערן איר זונס נאָענטע שייכות מיטן באַרימטן פּראָפעסאָר דאַניעל פעטראָוו. בערטאַ האָט קיינמאָל נישט דורכגעלאָזט קיין געלעגנהייט, וואָס איז איר אונטערגעקומען, אויפצוהייבן איר זונס באַרימטקייט אַלס דאָקטאָר מעדיצין, אין פאַרבינדונג מיט אַנדערע גרויסע און באַרימטע מעדיקער.

## מ א י ר  ק אָ ר אָ נ אַ

בערטא האָט זיך צערעדט מיט ענטוזיאַזם וועגן פּראָפעסאָר פּעטראָוו, פּונקט ווי זי זאָל זיין פּערזענלעך גוט באַקאַנט מיט אים. אַביסל האָט זי געוווּסט פון דעם וואָס איר זון האָט איר דערציילט און די רעשט גוזמאָדיקע געשיכטעס האָט שוין איר אייגענע פאַנטאַזיע צוגעאַרבעט.

דאָס האָט שוין אויך אָנגערעגט דעם דאָקטאָר, מאַקס קיזעלשטיין, צו רעדן וועגן זיין פּראָפעסאָר. ער האָט דערציילט:

— פּראָפעסאָר פּעטראָוו איז דער באַליבטסטער ביי אַלע סטודענטן אין פילאַדעלפיער אוניווערסיטעט. ער האָט ליב צו פירן פּריוואַט־שמועסן מיט יעדן סטודענט. ער ווייזט אַרויס פאָטערלעכן אינטערעס אינם פּריוואַטן לעבן פון זיינע סטודענטן. אַלע באַראָטן זיך מיט אים וועגן זייערע פּערזענלעכע ענינים און ער גיט זיי טאַקע לאָגישע און קלוגע עדות, צו וועלכע מ׳הערט זיך צו און מ׳פאָלגט אים.

— איבערהויפּט — האָט מאַקס צוגעגעבן — ווייזט ער אַרויס באַזונדערע נאָענטקייט צו די יידישע סטודענטן. ער אינטערעסירט זיך שטאַרק מיטן גורל און צוקונפט פון יעדן יידישן סטודענט. מיט טריישאַפט ווייזט ער אָן יעדן איינעם פון זיי אין וועלכער מעדיצינישער פּראַקטיק עס איז פאַר אים ראַטזאַם, ער זאָל זיך ספּעציאַליזירן. מיר האָט ער אויך געראָטן, אַז איך זאָל ווערן אַ קינדער־דאָקטאָר. ערשט איצט זע איך איין, אַז ער איז גערעכט געווען.

אויך האָט מאַקס דערציילט, אַז פּראָפעסאָר פּעטראָוו איז גוט באַקאַנט אין דער יידישער געשיכטע, ער קען גוט די יידישע דינים און מנהגים און ער איז אויך גוט באַהאַוונט אין אַלע ספּעציפישע יידישע פּראָבלעמען.

פּערלא האָט, מיט געשפּאַנטער אויפמערקזאַמקייט, זיך צוגעהערט צו אַלץ וואָס איר ברודער האָט דערציילט. זי האָט, מיט גרויסער נייגעריקייט, געשלונגען יעדעס וואָרט וואָס מאַקס האָט אַרויסגע־זאָגט וועגן פּראָפעסאָר פּעטראָוו.

וויפל פּערלא האָט זיך באַמיט צו האַלטן זיך כלומרשט גלייכגילטיק צו די אַלע רייד, וואָס זענען אָנגעגאַנגען וועגן דזשאָרזשס פאָטער, האָט זי אַליין נישט געוווּסט ווי אַזוי דאָס איז געשען און זי האָט זיך אַרויסגעכאַפּט:

# פארלוירענע וועגן

— יא, דזשאָרזש איז אויך גוט באקאנט אין די יידישע פּראָבלעמען און ער קען די יידישע ליטעראטור, וואס ער האט געלייענט אין ענגליש.

— ווער איז דער דזשאָרזש? — האט איינער א פרעג געגעבן.

פערלא איז רויט געווארן. זי איז געבליבן פארלוירן און האט זיך געכאפּט, אז זי האט זיך אליין געמסרט.

אָבער איידער וואס ווען, אין דער זעלביקער סעקונדע, האט פערלאס מוטער פארכאפּט מיט אן ענטפער:

— דאָס איז דאָך דעם פּראָפעסאָר פּעטראָווס זון, וועלכער איז געקומען קיין מעקסיקע אינם זעלביקן אויטאָבוס, גלייך מיט פערלאן. איך האָב אייך שוין פריער דערציילט. ער הייסט דזשאָרזש.

דאָ האָבן צוויי פּאָר אויגן, פון פאָטער און טאָכטער, שארף און פארשנדיק זיך אָנגעקוקט. דער פאָטער האָט א פרעגנדיקן שמייכל געטאָן און פערלא האט, א פארשעמטע, אראָפּגעלאָזט די אויגן.

אָט די דאָזיקע שטומע, קורצע און פילזאָגנדיקע סצענע האָט, צום גליק, קיינער נישט באמערקט. ערשט ווען אלע געסט זענען שוין געהאט אוועקגעגאנגען און בערטא איז געווען פארנומען אין צווייטן צימער, האָט לעאָן, פערלאס פאָטער, צערטלעך ארומגענומען פערלאן, האָט איר אָפּגעפרעסט א ווארעמען פאָטערלעכן קוש און ער האט איר געפרעגט:

— זאָג מיר דעם אמת, פערלא, איך האָב גאנץ גוט באמערקט, אז דו ביסט צום פּראָפעסאָרס זון נישט גלייכגילטיק. וואָלט איך וועלן ווּיסן... איך ווייס נישט ווי אזוי דיר צו פרעגן... אָבער דו ביסט שוין א גרויסע און דו פארשטייסט וואס איך מיין.

פערלא האט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, געקוקט דעם פאָטער גלייך אין די אויגן און מיט פולער דרייסטקייט געענטפערט:

— הער מיך אויס, פּאַפּא טייערער, איך פארשטיי גוט וואס דו ווילסט מיר פרעגן. וועל איך דיר זאָגן גאנץ קלאָר: וואס דו זאָלסט נישט טראכטן וועגן מיינע סימפּאטיעס פאר דזשאָרזשן, וויל איך זאָלסט וויסן איין זאך, אז איך האָב אויף קיין איין מינוט נישט פארלוירן דעם קאָפּ. איך געדענק גוט און איך וויל שטענדיק געדענקען, אז ער איז א קריסט און איך בין א יידישע טאָכטער. זיי

## מ א י ר   ק אָ ר אָ נ אַ

זיכער, פּאַפּאַ, אַז איך וועל דיר מיט דער מאַמען קיין חרפּות חלילה נישט פאַרשאַפן.

לעאָן האָט פּערלאָן שטאַרק צוגעדריקט צו זיך און טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן.

באַלד האָט לעאָן אַריינגעשריגן אין צווייטן צימער אַריין:

— בערטאַ, בערטאַ, שנעלער, שנעלער קום אהער!

בערטאַ איז אַריין אַ דערשראָקענע. זי האָט געטראָפן פאָטער און טאָכטער אַרומגענומען, האָט זי מיט אַנגסט געפרעגט:

— וואָס איז געשען?!

— הערסט בערטאַ — האָט לעאָן רויק געענטפערט — מעגסט מיט דיין טאָכטער שטאָלץ זיין.

— אָבער וואָס איז געשען?

— עס איז גאָרנישט געשען, עס האָט גאָרנישט באַדאַרפט געשען און עס וועט, מיט גאָטס הילף, גאָרנישט געשען.

— צו אַלע מיינע שונאימס קעפּ זאָל עס אויסגיין! ווי דו האָסט מיך איבערגעשראָקן!

און באַלד האָט זי צוגעגעבן אין אַ טאָן פון אייפערזיכטיקער פּראָטענציע:

— שטענדיק זענען צווישן דעם טאַטן מיט דער טאָכטער פאַראַן סודות, וואָס איך טאָר נישט וויסן!

⁂

אַלע דריי — פּערלאַ, לעאָן און בערטאַ — האָבן אין יענער נאַכט נישט געקענט איינשלאָפן.

פּערלאַ, ווי מיד זי איז געווען פון דער לאַנגער רייזע, האָט דאָך אַ גאַנצע נאַכט נישט געקענט צומאַכן קיין אויג. צוויי קעגנגעזעצטע פאַרלאַנגען האָבן זיך אין איר געראַנגלט. איינער איז געקראָכן דעם צווייטן אין וועג אַריין און צוזאַמען האָבן זיי איר געדריקט אויפן האַרץ און צעמישט דעם קאָפּ. אַ גאַנצע נאַכט האָט זי זיך געדרייט אויפן געלעגער און נישט געקענט אַרויס פון פאַרפּלאָנטערטן קנויל געדאַנקען, וועלכע האָבן זיך אין איר און אַרום איר געוויקלט, געמאַטערט און געפּייניקט.

אָט האָט זי געזען פאַר זיך דזשאָרזשן און זי האָט אויפגע־

# פ אַ ר ל ו י ר ע נ ע   ו ו ע ג ן

ציטערט. מיט יעדן אָטעם־צוק פון איר צעברויזטער יוגנט איז זי אין
אים פאַרליבט געווען. אָט האָט זי געזען פאַר זיך איר פאָטער, וועמען
זי האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט און זי האָט געפילט, אַז איר איז
ליבער צו שטאַרבן, אויסגיין אין יסורים, איידער זי זאָל איר פאָטער
ווי טאָן און פאַרשאַפן קרענקונג.

שוין גאַר נאָענט צו טאָג איז פערלאַ איינגעשלאָפן. ערשט אין
שלאָף האָט אַ קאָשמאַר פון פאַרשידענע פאַנטאַסטיש־גרויליקע
חלומות זי געמוטשעט און זי געלאָזט אין אַ טייך מיט שווייס.

פערלאַס פאָטער, לעאָן קיזעלשטיין, האָט אויך אַ גאַנצע נאַכט
נישט געקענט אַנטשלאָפן ווערן. די צו שטאַרקע פריינדשאַפט און די
צו היימישע נאָענטקייט פון זיין טאָכטער מיט דעם הויכן,
בלאָקסענעם שיינעץ מיט די גרינע אויגן, האָט לעאָנען נישט געלאָזט
רוען. ער האָט גוט געזען, נאָכגעקוקט און באַטראַכט זיין טאָכטערס
באַנעמונג און באַציונג צו אָט דעם אַמעריקאַנעם דזשאָרזשן. און אַ
שרעק האָט אים אַרומגענומען. ווער ווייסט, האָט לעאָן געטראַכט,
ווי לאַנג זיי זענען שוין באַפריינדעט צווישן זיך; ווער ווייסט ווי ווייט
זיין טאָכטערס געפילן זענען שוין דערגאַנגען; ווער ווייסט צי וועט
זיין פערלאַ, אַ יונג קינד, האָבן גענוג כוח אין זיך צו קענען ביישטיין
דעם נסיון. און וואָס פאַר אַ מיטלען דאַרף מען אָננעמען, אַז דאָס
פייער זאָל זיך נישט צעשפּרייטן און חלילה אָנמאַכן אַ שריפה.
אַלנפאַלס, האָט לעאָן באַשטימט, דאַרף מען האַלטן אַ וואַכזאַם אויג
אויף איר און מ'דאַרף איר געבן אָפּט צו פאַרשטיין, אַז זי טאָר
נישט פאַרגעסן ווער זי איז און ווער ער איז.

אַזעלכע געדאַנקען האָבן קיזעלשטיינען געפּלאָגט אַ גאַנצע נאַכט
און אים נישט געלאָזט קיין שלאָף אויף די אויגן.

אויך בערטאַ, פערלאַס מוטער, האָט אַ לאַנגע צייט, ליגנדיק אין
בעט געטראַכט און געפּלאַנט ווי אַזוי, וואָס שענער און אימפּאָזאַנטער
איינצואָרדענען דעם קבלת פנים ביי איר אין הויז פאַרן גאַסט,
פּראָפעסאָר פעטראָוס זון. זי האָט אין געדאַנק אויסגערעכנט די
אַלע מענטשן וועמען זי דאַרף, מוז און ס'איז נויטיק צו פאַרבעטן
צום דאָזיקן יום טוב. אין אַלץ איז ביי איר אויסגערעכנט געווען
דער פּראָפּאַגאַנדע־נוצן, וואָס זי קען דערפון אַרויסציען פאַר איר זון,
דאָקטאָר מאַקס קיזעלשטיין.

# מאיר קאַראַנאַ

צומאָרגנס, באַלד אינדערפרי, האָט דאָקטאָר מאַקס קיזעלשטיין טעלעפאָניש אָפּגערופן דזשאָרזשן, זיין פּראָפעסאָר פעטו־אָווס זון, און אים פאַרבעטן אויף נאָך מיטאָג צו זיך אין קאָנסולטאָריע.

בערטאַ איז געקומען צו דזשאָרזשן אין האָטעל, צו נעמען אים צו איר זון אין דער רייכער קאָנסולטאָריע און אים באַווייזן די חשיבות און דעם פאַרנעם פון איר זון, דאָקטאָר קיזעלשטיין.

אין האָטעל־צימער האָט דזשאָרזש, אויף בערטאַס פאַרלאַנג, געוויזן זיין פאָטערס פאַרשידענע פאָטאָגראַפיעס: ווי ער זיצט איינער אליין פאַרטראַכט אין זיין קאָנסולטאָריע; ווי ער שטייט צוזאַמען מיט דער פרוי און זון; ווי ער זיצט צוזאַמען מיט אַ גרופּע דאָקטוירים און ווי ער האָט אויסגעזען מיט אַ סך יאָרן צוריק, אַלס מיליטער־דאָקטאָר, אין דער צאַרישער אַרמיי אין רוסלאַנד.

בערטאַ האָט מיט גרויסן אינטערעס זיך איינגעקוקט אין די אַלע פאָטאָגראַפיעס און ווען זי האָט דערזען די פאָטאָגראַפיע ווי פעטראָוו שטייט אַלס יונגער מיליטער־דאָקטאָר, איז אַ ציטער אַריבער איבער איר לייב. זי איז געוואָרן בלייך און צעטומלט. זי האָט דערפילט, אַז עפּעס האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעריסן אין איר האַרצן און זי האָט גענומען שעפּטשען צו זיך אַליין: „איך וואָלט געשוואָרן, אַז דאָס איז ער!" „אַזאַ עקזאַקטע ענלעכקייט!" „אַזוי אידענטיש!" אפילו די בראָדעווקע ביים לינקן אויג איז פּונקט ווי ביי יענעם!" און אַן אַלטע וווּנד ביי איר אין האַרצן, וואָס בערטאַ האָט געמיינט אַז אין לויף פון די יאָרן איז זי שוין פאַרהיילט געוואָרן, האָט מיטאַמאָל ווידער גענומען אייטערן.

בערטאַ האָט זיך באַמיט, מיט אָנגעשטרענגטע כוחות, צו האַלטן זיך רויק און זי האָט גענומען אויספרעגן דזשאָרזשן פון וואַנען זיין פאָטער שטאַמט. אָבער דזשאָרזש האָט נאָר געוווּסט, אַז זיין פאָטער שטאַמט פון דער שטאָט ראָסטאָוו אין רוסלאַנד. ער איז געווען אַ מיליטער־דאָקטאָר. נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע איז ער אַנטלויפן קיין לאָנדאָן. דאָרטן חתונה געהאַט מיט דזשאָרזשס מוטער, אויך אַן אַנטלאָפענע פון רוסלאַנד, און פון לאָנדאָן זענען זיי געקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וווּ ער דזשאָרזש איז געבוירן געוואָרן, דאָס איז געווען אַלץ וואָס דזשאָרזש האָט געוווּסט וועגן זיין פאָטער.

# פאַרלוירענע וועגן

ערשט דאַמאָלסט, ווען בערטאַ האָט געהערט, אַז פּראָפעסאָר פּעטראָוו שטאַמט פון רוסלאַנד, האָט זי זיך אַביסל באַרויקט. דאָך האָט זי נאָך עטלעכע מאָל צו זיך אַליין איבערגעחזרט די ווערטער: „אַזאַ זעלטענע ענלעכקייט!" „אַזאַ פּינקטלעכקייט!" „ממש צו באַוווּנדערן!"

דער דאָקטאָר קיזעלשטיין האָט דזשאָרזשן אויפגענומען מיט אינטימער פאַמיליאַרער הארציקייט. אַ קלייניקייט — זיין ליבן פּראָפעסאָרס אַ זון! קיזעלשטיין האָט זיך מיט אים אַרומגעכאַפּט און זיך צעקושט. פּערלאַ, וועלכע האָט שוין מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דזשאָרזשן ביים ברודער אין קאָנסולטאַריע, איז אים אַנטקעגנגעלאָפן מיט נערוועזער צעפלאַמטקייט און זי האָט אים געשלונגען מיט די אויגן. כאָטש זי האָט באַשטימט, אַז אין דער קעגנוואַרט פון די אייגענע זאָל זי זיך באַציען צו דזשאָרזשן נישט מער ווי מיט טרוקענער העפלעכקייט, האָט זי דאָך זיך נישט געקענט באַהערשן אין דעם מאָמענט ווען זי האָט דזשאָרזשן דערזען. אירע געפילן האָבן, אין זיין אָנוועזנהייט, נישט געלאָזט מאַכן קיין שום חשבונות און זיי האָבן זיך געריסן צום אויסדרוק. ווען נישט מיט קיין מויל־ווערטער, האָבן די אויגן אירע און יעדער צאַפּל אירער גענוג גערעדט פאַר איר.

איר ברודער, מאַקס, האָט עס גאַנץ גוט באַמערקט. ער האָט אויך געזען דזשאָרזשס נישט גלייכגילטיקייט צו זיין שוועסטער און מיט אַ גוטמוטיקן, שפּאַסיקן שמייכל האָט מאַקס דאָס אויפגענומען.

גאָרנישט ווי איר באַרעדעוודיקער שטייגער איז געווען, איז די מוטער, בערטאַ, גראָד דאַמאָלסט געשטאַנען זייטיק, שטיל, פאַרטראַכט און צעטראָגן. דערנאָך איז זי אַוועק אין דעם סאַלאָן ווו עס האָט געהאָנגען דאָס בילד פון פּראָפעסאָר פּעטראָוו אין קרייז פון זיינע סטודענטן. זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַרן בילד ווי פאַרהיפּנאָטיזירט, אירע אויגן האָבן זיך איינגעגעסן אין פּעטראָווס פּנים און אירע געדאַנקען זענען פאַרטראָגן געוואָרן ערגעץ ווייט אין אַן אַנדערער שטאָט, אין אַן אַנדערער צייט, און אין אירע אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן.

⁂

עטלעכע וואָכן האָט דזשאָרזש פּעטראָוו פאַרבראַכט אין

מעקסיקע. אין דער דאָזיקער צייט איז ער אַ פּאָר מאָל אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס פּאָמפּע ביי פּערלאַס עלטערן אין הויז; אויך ביים דאָקטאָר קיזעלשטיין אין הויז און אויך ביי די ברידער גראַנאַט. זיי, די ברידער גראַנאַט, דייטשישע יידן, זענען געווען אַלע יאָרן, פון ערשטן טאָג אָן ווי לעאָן קיזעלשטיין איז געקומען אין מעקסיקע, די בעסטע און אינטימסטע פריינד פון די קיזעלשטיינס.

זייער אָפט האָט פּערלאַ אויסגעזוכט געלעגנהייטן זיך צו טרעפן און פאַרברענגען מיט דזשאָרזשן, אַמאָל צוזאַמען מיט איר מוטער, אַמאָל צוזאַמען מיטן ברודער אָדער מיט דער שוועגערין און מערסטנס — גאָר אַליין.

וואָס אַ טאָג ווייטער האָט פּערלאַ אַלץ מער דערפילט, אַז דער דאָזיקער בחור, דזשאָרזש פּעטראָוו, האָט פולשטענדיק געפאַנגען איר האַרץ און אַז זי וועט פון דער דאָזיקער געפאַנגענשאַפט קיינמאָל זיך נישט קענען באַפרייען. זי האָט אויך גוט איינגעזען און געפילט, אַז אויך דזשאָרזשס האַרץ איז פון איר געפאַנגען געוואָרן.

## ביי די קיזעלשטיינס ביים סדר און
## דער ניגון פון „חד גדיא״

עס האָט זיך אָנגערוקט די צייט ווען דזשאָרזש פּעטראָוו האָט באַדאַרפט פאַרלאָזן מעקסיקע און פאָרן צוריק אַהיים. פּערלאַ האָט אָבער אַזוי מאַנעווירט, אַז איר מוטער און פאָטער זאָלן פּועלן ביי דזשאָרזשן ער זאָל בלייבן אויף פּסח ביי זיי צו די סדרים, צו וועלכע עס האָט נאָך געפעלט אינגאַנצן בלויז אַכט טעג.

הגם דזשאָרזש האָט זיך ביי זיי געבעטן, אַז עס איז אים אוממעגלעך צו בלייבן לענגער אין מעקסיקע, אַז ער מוז אומבאַדינגט שוין זיין צוריק אין דער היים, עס איז אָבער גענוג געווען איין וואָרט פון פּערלאַן און די רעשט מיט שטומע בליקן, וועלכע האָבן אים געבעטן צו בלייבן, אַז דזשאָרזש זאָל אונטערטעניקן זיין ווילן קעגן אירן. און ער איז געבליבן.

⁂

לעאָן און בערטאַ קיזעלשטיין האָבן זיך נוהג געווען, פון זייער חתונה אָן, צו פּראַווען די פּסחדיקע סדרים מיט אַלע פּיטשעווקעס אַזוי ווי אין דער אַלטער היים, ווי זיי האָבן אין זייערע יונגע יאָרן דאָס צוגעזען ביי זייערע עלטערן. פאַרשטענדלעך, אַז די נייע צייט, די אַטמאָספערע פונם נייעם לאַנד און די אַנדערשדיקע לעבנס באַדינגונגען, האָבן מיטגעשטייערט, אַז אין די פּסחדיקע סדרים ביי די קיזעלשטיינס זאָל אַריינגעבראַכט ווערן מאָדערניזירטקייט, מער פרייע און נייע פייערלעכקייטן.

צו די סדרים זענען שטענדיק פאַרבעטן געווען צו די קיזעלשטיינס זייערע אַלע נאָענטע פריינד, ווי די מחותנים־גרינשפּאַן, די גראַנאַט־פאַמיליע און נאָך עטלעכע פריינד־פאַמיליעס.

# מאיר קאַראַנאַ

עס זענען שוין ביי אַלע שטענדיקע פּסח־געסט גוט באַקאַנט געווען די אַלט־היימישע, ספּעציעלע הגדה־ניגונים, וועלכע בערטאַ האָט זיי אויסגעלערנט מיטצוזינגען, ווי „מעשה ברבי אליעזר", „דיינו" „לפיכך" „אדיר במלוכה", „אדיר הוא", „אחד מי יודע", „חד גדיא" און נאָך אַזעלכע.

אין די פריערדיקע יאָרן פלעגט בערטאַ זינגען מיטן גאַנצן עולם די אַלע סדר־ניגונים און זי האָט זיך אַליין באַגלייט ביי דער פּיאַנאָ. שפּעטער, ווען די טאָכטער פּערלאַ איז אונטערגעוואַקסן, האָט שוין בערטאַ באַגלייט ביי דער פּיאַנאָ אַט די אַלע הגדה־געזאַנגען.

בערטע פלעגט תמיד דערציילן, אַז די אַלע סדר־ניגונים שטאַמען פון יאַנאָווער רב, אין פּוילן. ער איז געווען אַ גרויסער בעל מנגן און ער האָט אַליין פאַרפאַסט אַט די אַלע מעלאָדיעס צו די ווערטער פון דער הגדה. דעם יאַנאָווער רבס אייניקל האָט געלערנט אין נאָווימינסקער ישיבה, אין דער שטאָט וווּ בערטאַס עלטערן האָבן געוווינט. ער, דעם יאַנאָווער רבס אייניקל, פלעגט אַריינקומען צו זיי אין הויז און ער האָט עס איר אויסגעלערנט זינגען אַט די אַלע פּסחדיקע ניגונים.

ביי יענע סדרים, צוליב דעם נייעם גאַסט, פּראָפעסאָר פּעטראָווס זון, האָבן ביידע, אי בערטאַ אי פּערלאַ, זיך באַמיט אַז די הגדה־געזאַנגען און די פּיאַנאָ־באַגלייטונג זאָלן זיך אויסצייכענען שענער, געפילפולער, מוזיקאַלישער און פייערלעכער, מער ווי אַלע יאָר.

דזשאָרזש איז געווען ענטוזיאַסטיש באַגייסטערט פון דער דאָזיקער, פּראַכטפולער, סדר־צערעמאָניע. דעם ערשטן מאָל אין זיין לעבן האָט ער געזען אַזאַ שיינע, אָנגענעמע פאַמיליע־פייערונג. ער איז אַריין אין גרויס התפעלות פון די וווּנדערבאַרע ליטורגישע געזאַנגען. דערהויפּט איז אים שטאַרק געפעלן געווען דער ניגון. פון „חד גדיא". ער האָט געבעטן, אַז מ'זאָל דאָס עטלעכע מאָל איבער־זינגען. ביז ער האָט שוין אַליין דערנאָך געזונגען די מעלאָדיע און אַליין זיך באַגלייט ביי דער פּיאַנאָ.

— ווען איך זאָל האָבן געקומען קיין מעקסיקע — האָט דזשאָרזש אויסגערופן אין עקסטאַז — בלויז נאָר כדי זיך אויסלערנען אַט די הערלעכע, פּראַכטפולע, הימלישע געזאַנגען פון אייער פּסח־צערעמאָניע, וואָלט מיר כדאי געווען מיין קומען אַהער.

## פאַרלוירענע וועגן

פערלא האָט אויף אים א פרעגנדיק־ברוגזן קוק געגעבן, ווי א שטייגער זי זאָל פרעגן:

— און איך ווי בין? צוליב מיר איז שוין גאָרנישט כדאי געווען צו קומען?!

דזשאָרזש האָט פערלאַס פראגע גוט אויפגעכאַפּט. האָט ער, אלס אנטשולדיקונג, זיך געווענדעט צו דער מוטער, צו בערטאַן, און ער האָט צוגעגעבן:

— און באַזונדער איז מיין קומען אהער כדאי געווען, כדי אזוי נאָענט באפריינדעט צו ווערן מיט אזעלכע, טייערע, ליבע און הארציקע מענטשן ווי איר זענט. אויף מיין גאַנצן לעבן וועט איר מיר בלייבן איינגעקריצט אין הארצן. ווען איך וועל עס דערציילן מיין פאָטער וועט ער אָנקוועלן און עס וועט אים אָננעמען א חשק צו קומען אמאָל צו אייך.

געזאָגט האָט דזשאָרזש די ווערטער צו אַלע, אָבער אין דער אמתן זענען זיי געצילט געווען דער עיקר צו פערלאַן. און זי האָט זיי אויך אזוי פארשטאַנען.

בערטאַ האָט אויף קיין פאַל נישט געקענט זיך דערקלערן, פארוואָס האָט דזשאָרזש געזאָגט „מיין פאָטער וועט אָננעמען א חשק צו קומען צו אייך”. צי האָט ער נישט אמאָל געהאַט דערביי א באַזונדערע כוונה? צי ווייסט ער נישט אמאָל עפּעס, וואָס ער וויל מיר נישט אויסזאָגן? צי איז ער אפשר גאָר געשיקט געוואָרן פון אים עקסטרע צוליב מיר? טראַכטנדיק דאָס האָט איר גאַנצער קערפּער א קאָנוווּלסיוון ציטער געגעבן.

⁂

אין אן אָוונט איז עס געווען. פּראָפעסאָר דאַניעל סערגייעוויטש פּעטראָוו איז געזעסן ביי זיין שרייב־טיש, האָט געגלעט זיין שפּיציק בלאָנד־גרוי בערדל, האָט געקנייטשט זיין הויכן לומדישן שטערן און מיט זיינע קלוגע אויגן האָט ער דורכגענומען דעם זון זיינעם, וועלכער איז געזעסן קעגנאיבער אים און מיט באַגייסטערונג דערציילט אַלע איינצלהייטן פון זיין פאַרברענגען אין מעקסיקע. ער האָט דערציילט, וואָס ער האָט אַלץ זיך אָנגעזען אין מעקסיקע און ווי שיין מעקסיקע איז. דאָ האָט ער גענוי געשילדערט, ווי עס זעט אויס יעדע געגנט

# מ א י ר  ק אָ ר אָ נ אַ

און יעדע לאַנדשאַפט פון יעדן ווינקל אין לאַנד, ווו ער האָט באַזוכט אין די עטלעכע וואָכן וואָס ער האָט דאָרטן פאַרבראַכט. דערביי האָט ער בייגעלייגט אַ מאַסע פאָטאָגראַפיעס וואָס ער האָט אין די אַלע ערטער אַראָפּגעכאַפּט מיט זיין פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט.

מיט גאָר באַזונדערער צופרידנקייט האָט דזשאָרזש דערציילט פון זיין באַקאַנטשאַפט מיטן יונגן יידישן דאָקטאָר מאַקס קיזעלשטיין, וואָס איז געווען מיט אַ זעקס יאָר צוריק דעם פּוטערס אַ סטודענט. ווי ער, דער דאָקטאָר, און זיינע עלטערן האָבן אים אויפגענומען מיט אַזוי פיל פריינדלעכקייט און פאַמיליאַרער נאָענטקייט.

— אַך וואָס פאַר אַ טייערע, האַרציקע, ליבע מענטשן זיי זענען — האָט דזשאָרזש אויסגעשריגן אין עקסטראַז — זיי האָבן גאָרנישט געוווסט וואָס צו טאָן מיט מיר. יאָ, כ׳האָב דיר גאָר פאַרגעסן צו דערציילן ווי אַזוי איך בין געקומען צו זיי, צו די קיזעלשטיינס.

דאָ האָט דזשאָרזש מיטאַמאָל זיך גענומען רויטלען און האַלב פאַרשעמט געזוכט די פּאַסיקע ווערטער ווי אַזוי אַרויסצובריינגען דאָס פאַרן פאָטער, אַז ער זאָל אים ריכטיק פאַרשטיין.

— יאָ... אויפן וועג קיין מעקסיקע, אין אויטאָבוס, האָב איך זיך באַקענט מיט אַ מיידל. אַ פּרעכטיק־שיין מיידל. אַ בלאָנדע, מיט אַ קיילעכדיק, ליכטיק פּנים, מיט טונקל־בלויע, לעבהאַפטע אויגן און אַזאַ איידעלע צאַרטקייט ליגט אויסגעגאָסן אויף איר גאַנצן וועזן. אַ מיידל — אַ מלאך!

דאָ האָט דזשאָרזש זיך פאַרטראַכט. ווי פאַר די אויגן זאָל אים געווען שטיין אָט די דאָזיקע פּרעכטיק־שיינע, בלאָנדע מיידל און ער וואָלט וועלן, אַז זיין פאָטער זאָל זי אויך אַזוי זען.

פּראָפעסאָר פּעטראָוו האָט גוט אויפגעכאַפּט זיין זונס געדאַנק און ער האָט זיך צעשמייכלט.

— זי, אָט די באַקאַנטע מיינע, פּערלאַ הייסט זי — האָט דזשאָרזש ווייטער דערציילט — האָט מיך באַקענט מיט איר ברודער, דאָקטאָר מאַקס קיזעלשטיין, און מיט אירע עלטערן. אַך סאַראַ ליבע מענטשן זיי זענען! איבערהויפּט — פּערלאַס מוטער, בערטאַ. זי איז אַ בריליאַנטענע נשמה!

און דאָ האָט דזשאָרזש גענומען שילדערן ווי עס האָבן אויסגעזען

# פאַרלוירענע ווערגן

די שיינע פייערלעכע צערעמאָניעם פון די פסח־נעכט, ביי די קיזעלשטיינס, ווו ער איז געווען פאַרבעטן.

— איך בין זייער שטאַרק עמאָציאָנירט געווען פון די הערלעכע ליטורגישע געזאַנגען, מיט וועלכע זיי האָבן געזונגען די רעליגיעזע תפילותביים טיש, אינמיטן און נאָך דער סעודה.

און גלייך אויפן אָרט האָט דזשאָרזש אָנגעהויבן איבערזינגען דעם ניגון פון „חד גדיא” וואָס ער האָט ביי די קיזעלשטיינס זיך אויסגעלערנט.

דזשאָרזש האָט נישט באַוויזן צו ענדיקן זיין זינגען, ווי דער שטענדיק־רויקער פּראָפעסאָר פּעטראָוו האָט ראַפּטום זיך אַ שטעלאויף געגעבן און מיט אַ נערוועזער ציטערנדיקער שטים האָט ער אַ היסטערישן געשריי געגעבן:

— ווו, זאָגסטו, האָסטו געהערט דעם דאָזיקן ניגון?!

דזשאָרזש האָט זיך דערשראָקן פון זיין פאָטערס פּלוצלינגדיקער אויפרעגונג. ער האָט נאָך קיינמאָל פריער פון זיין פאָטער אַזעלכעס נישט געזען, און ווי אַ פאַרשולדיקטער אין עפּעס שלעכטס און ווייסט נישט מיט וואָס, האָט דזשאָרזש הכנעהדיק־שטיל געענטפערט:

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, פאָטער, דאָרטן אין מעקסיקע האָב איך דאָס געהערט זינגען, ביי די קיזעלשטיינס אין הויז, אין זייער פּסח־יום טוב, צו וועלכן איך בין געווען פאַרבעטן.

מיט אַ טרויער־כמאַרע אויף זיין פּנים האָט פּראָפעסאָר פּעטראָוו צוריק זיך אַוועקגעזעצט, האָט זיין אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ אַריינגענומען אין זיינעביידע הענט און אַזוי, מיט פאַרמאַכטע אויגן, איז ער געבליבן זיצן אומבאַוועגלעך, ווי ער וואָלט איינגעשלאָפן.

דזשאָרזש איז געבליבן אין שטוינענדיקער פאַרוווּנדערונג. ער האָט נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס דאָ איז פּלוצלינג מיט זיין פאָטער פאָרגעקומען.

נאָך עטלעכע מינוט האָט פּראָפעסאָר פּעטראָוו אויפגעהויבן דעם קאָפּ, ווידער האָט זיין פּנים באַקומען זיין שטענדיקע רויקע געמיטלעכקייט, און ווי גאָרנישט וואָלט פּאַסירט, האָט ער גאַנץ רויק געפרעגט דעם זון:

## מ א י ר   ק אָ ר אָ נ אַ

— צי האָסטו נישט אַמאָל מיטגעבראַכט אַ פאָטאָגראַפיע פון דער פאַמיליע קיזעלשטיין?

— שוין פאַר מיין אַוועקפאָרן האָבן מיר, אַלע צוזאַמען, זיך פאָטאָגראַפירט. אָבער איך האָב שוין נישט באַוויזן ארויסצונעמען אַ קאָפּיע. זיי האָבן מיר צוגעזאָגט, אַז מ'וועט מיר אַזאַ קאָפּיע צושיקן. נישט מער פון זייער טאָכטער פּערלאַ, האָב איך אַ פאָטאָגראַפיע.

— ווייז זי מיר — האָט דער פאָטער ווי באַפוילן.

דזשאָרזש האָט געזוכט אין זיין פּאָרטפעל, האָט ארויסגענומען פּערלאַס פאָטאָגראַפיע און דערלאַנגט דעם פאָטער.

פּראָפעסאָר פּעטראָוו האָט מיט פאַרריסענע אויגן זיך אריינגע־טראַכט אין דעם מיידלס פאָטאָגראַפיע, ער האָט מיט דער האַנט געריבן דעם שטערן, ווי ער זאָל וועלן דערקלערן פאַר זיך זייער אַ שווערן ענין. דערנאָך האָט ער מיט אַ טאָן פון אומגלויבלעכער פאַרוווּנדערונג געפרעגט:

— דאָס איז זי, זאָגסטו, דיין מיידל פּערלאַ פון מעקסיקע?! איך נעם די דאָזיקע פאָטאָגראַפיע און וואַרט דאָ אַ ווייל, באַלד קום איך צוריק.

און פּעטראָוו איז ארויס פון צימער.

ווען דזשאָרזש איז געבליבן אַליין האָט ער גענומען טראַכטן און נאָכטראַכטן, און אויף קיין פאַל האָט ער נישט געקענט באַגרייפן די סיבה פון זיין פאָטערס נערוועזער צערודערטקייט אין דעם אָוונט. אַ קנויל פון פאַרשידענע, מאָדנע, אומרויקע און אומפאַרשטענדלעכע געדאַנקען האָבן זיך אים געפּלאָנטערט אין קאָפּ, ער איז געבליבן ווי פאַרטשאַדעט און אין זיין מוח האָט געעקבערט אַ שאַרפע פראַגע: „וואָס קומט דאָ פאָר?"

נאָך אַ האַלבער שעה איז פּעטראָוו צוריק אריין אין צימער מיט צוויי פאָטאָגראַפיעס אין דער האַנט און ער האָט זייביידע דערלאַנגט דעם זון.

דזשאָרזש, ווען האָט דערזען די ביידע פאָטאָגראַפיעס, האָט מיט איבעראַשונג געקוקט אויפן פאָטער און געפרעגט מיט שטוינונג:

## פּאַרלוירענע װעגן

— טאַטע, פון װאַנען האָסטו אויך פּערלאַס פּאָטאָגראַפּיע? צי דען קענסטו זי אויך?

פּעטראָװו האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויפן זונס אַקסל, האָט אַ שטיל זיפץ געגעבן און געענטפערט:

— יאָ, מיין זון, איך קען זי אויך. נאָך אַ סך, אַ סך פריער פון דיר.

— פון װאַנען?

— אַן אַנדערשס מאָל װעל איך דיר דערציילן. איצט איז שוין שפּעט. שוין צייט צו גיין שלאָפן.

## לעאָן קיזעלשטיינס אָנקומען אין מעקסיקע

לעאָן קיזעלשטיין איז געווען א יונגער בחור פון עטלעכע און צוואנציק יאָר ווען ער איז אָנגעקומען אין מעקסיקע פון פאריז, ווו ער האָט געלערנט און באַקומען זיין דיפּלאָם אַלס כעמיקער פאַרמאַצעווט.

א הויכער איז ער געווען, לעאָן, מיט א לענגלעך, טונקלהויטיק געזיכט, מיט א פּאָר פלאַמיקע, שווארצע אויגן און מיט א פּעך־שווארצע, געקרויזטע שטופּרינע, וועלכע האָט זיך געהויבן איבער א הויכן, ווינקלדיקן שטערן.

לעאָנס שיינער, אימפּאַזאַנטער און עקזאָטישער אויסזען האָט געצויגן אויף זיך אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי פון א יונגן אָריענטאַלישן פּרינץ.

פאָרנדיק אויף דער שיף, פון פראַנקרייך קיין מעקסיקע, האָט לעאָן קיזעלשטיין זיך באַקענט מיט א מיטליאָריקן דייטשישן ייד, דאָקטאָר מאָריץ גראַנאַט. אינם לאַנגן ים־וועג זענען זיי זייער נאָענט צווישן זיך באַפריינדעט געוואָרן. דאָס האָט קיזעלשטיינען צוגעהאָלפן, אַז באַלד ביי זיין אָנקומען אין מעקסיקע זאָל ער באַקומען א גוטן ארבעט־פּלאַץ, אַלס כעמיקער, אין דער מעדיצינישער לאַבאָראַטאָריע, פון וועלכער דער אייגנטימער איז געווען דאָקטאָר בערנארד גראַנאַט, מאָריץ גראַנאַטס א ברודער.

די פאַמיליע גראַנאַט האָט געוווינט, צוזאַמען מיט דער לאַבאָראַטאָריע, אין דער קאָלאָניע סאַן אַנכעל (א פּאָר שטעטל ביי דער שטאָט מעקסיקע). די פאַמיליע איז באַשטאַנען פון זעקס פּערזאָן:

# פאַרלוירענע וועגן

דאָקטאָר בערנאַרד גראַנאַט; זיין פרוי גערטרוד, אַ שיינע בלאָנדינקע, וועלכע איז יינגער געווען פון איר מאַן מיט גאַנצע צוואַנציק יאָר; זייערע צוויי קינדער — יינגלעך, פון זיבן און פינף יאָר; פריילין עלסאַ, זיין ברודערס אַ טאָכטער, אַן עלטער פאַרזעסן מיידל, וועלכע איז געווען זייער ווייט פון זיין אַ שיינע, זי איז געווען אַ כעמיקערין און האָט געאַרבעט ביים פעטער אין דער לאַבאָראַטאָריע; און דאָקטאָר מאָריץ גראַנאַט, אַן אַלטער בחור, דער וואָס איז געקומען אין מעקסיקע, צוזאַמען מיט לעאָן קיזעלשטיין אויף איין שיף.

באַלד, פון ערשטן טאָג אָן, האָט קיזעלשטיין שטאַרק נושא חן געווען ביי אַלעמען פון דער פאַמיליע גראַנאַט. אין אַ גאַנץ קורצער צייט, נאָך זיין אָנקומען, איז לעאָנען געמאַכט געוואָרן אַ פאָרשלאָג, אַז אָנשטאָט ער זאָל וווינען ערגעץ אין אַ האָטעל, זאָל ער בעסער זיך אַריינציען צו זיי, צו די גראַנאַטס אין הויז, וווּ עס זענען פאַראַן געגנוג ליידיקע און געראַומע צימערן. פון אָנהייב האָט לעאָן קאַטעגאָריש זיך אָפּגעזאָגט פון דעם, צוליב אַ סך סיבות: ערשטנס, האָט ער, פון שטענדיק אָן, פיינט געהאַט מ׳זאָל אים טאָן איבעריקע און אומגעבעטענע טובות. צווייטנס, האָט ער נישט געקענט פאַרטראָגן די צו שטאַרקע צוגעלאָזטקייט צו אים און דאָס טאַנצן אַרום אים פון די צוויי פרויען, סיי פון דער שיינער מאַדאַם גערטרוד גראַנאַט און סיי פון דער אַלטער מויד עלסאַ גראַנאַט. לעאָן האָט פאַרשטאַנען, אַז וואָס ווייטער ער וועט וווינען פון זיי וועט אַלץ געזינטער זיין. כאָטש ער, לעאָן, האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער, וואָס קען אין זיך גובר זיין שוואַכקייטן, פונדעסטוועגן איז גלייכער, האָט ער זיך באַטראַכט, צו היטן זיך לכתחילה און אויסמיידן אַ נסיון. דריטנס, האָט לעאָן געהאַלטן פאַר אומפּראַקטיש און אומגעזונט, אַז אַ באַלהאַבאָס מיט זיין אָנגעשטעלטן זאָלן וווינען צוזאַמען און זיין צופיל פאַמיליאַר.

אָבער ווען לעאָן האָט באַמערקט, אַז סיי די ברידער גראַנאַט און סיי אַלע אין דער פאַמיליע פילן זיך באַליידיקט פון דעם און עס ווערט ביי זיי אויסגעטייטשט, אַז אים, לעאָנען, שטייט נישט אָן צו זיין אין זייער פאַמיליע־געזעלשאַפט, ערשט דעמאָלסט האָט לעאָן שוין נישט געוואַגט זיך אַנטקעגן צו שטעלן זייער פאַרלאַנג און ער האָט, קעגן זיין ווילן, צו זיי זיך אַריינגעצויגן.

## מ א י ר   ק אָ ר אָ נ אַ

אזוי איז לעאָן קיזעלשטיין געוואָרן דער זיבעטער מיטגליד אין דער פאַמיליע גראַנאַט.

מיט לעאָנס אַריינציען זיך צו די גראַנאַטס האָט די גאַנצע פאַמיליע גאָר אויפגעלעבט. עס איז מיטאמאָל פאַרשווונדן געוואָרן פון שטוב די שטרענגע, אַריסטאָקראַטישע, דייטשישע אָנגעצויגנקייט. עס איז אַראָפּגעפאַלן די מאַסקע פון לאַנגווייליקער שטייפקייט און פון פוסטער אָנגעבלאָזנקייט.

לעאָן האָט געהאַט אַן אומאויסשעפּלעכן אוצר פון וויצן און אַנעקדאָטן, פון וועלכע אַלע האָבן זיך געקייקלט פון געלעכטער. לעאָן האָט געהאַט צו דערציילן שיינע און אינטערעסאַנטע געשיכטעס, צו וועלכע אַלע האָבן זיך צוגעהערט מיט געשפּאַנטקייט. לעאָן פלעגט אויך אָפט שפּילן פידל, אונטער דער פּיאַנאָ־באַגלייטונג פון דער מאַדאַם גערטרוד און אויך פון צייט צו צייט שפּילן שאַך מיט די ברידער גראַנאַט.

אַ דאַנק לעאָנס איניציאַטיוו האָט די פאַמיליע גראַנאַט גענומען איינאָרדענען ביי זיך היימישע פאַמיליע־פאַרוויילונגען, צו וועלכע עס זענען פאַרבעטן געוואָרן פריינד און באַקאַנטע. צוליב דעם זענען די גראַנאַטס מיט לעאָנען שוין אויך פאַרבעטן געוואָרן צו אַנדערע פאַמיליעס אויף אַזעלכע היימישע הויז־פאַרוויילונגען. און לעאָן קיזעלשטיין איז מיט דער צייט געוואָרן דער ליבלינג און דער טאָן־געבער אין דער פאַמיליע. אפילו די צוויי קליינע יינגלעך האָבן זיך געקלעפּט צום „פעטער לעאָן" מיט איבערגעגעבענער ליבשאַפט און זיי זענען גרייט געווען פאַרן „פעטער לעאָן" צו טאָן אַלץ אין דער וועלט, וואָס ער זאָל נאָר פאַרלאַנגען.

דער יונגער בחור, לעאָן קיזעלשטיין, איז — דורך דער צופעליקער באַקאַנטשאַפט אויף דער שיף — אַריין באַלד מיטן רעכטן פוס קיין מעקסיקע. לויטן פשוטן שכל וואָלט ער, לעאָן, באַדאַרפט זיך פילן צופרידן אין אַלע הינזיכטן. האָט אָבער דער שטן אים דאָס נישט פאַרגונען און ער האָט אונטערגערוקט לעאָנען אַ שטיין־שטרויכלונג: עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פרוי גערטרוד גראַנאַט איז ווייט נישט גלייכגילטיק צו לעאָנען. אויף טריט און שריט, ביי יעדן קער און ווענד, האָט לעאָן זיך אָנגעשטויסן אויף גערטרודס צאַפּלען זיך צו אים, אויף אירע רופנדיקע אויגן, און טיילמאָל אפילו — אויף איר קלאָרן און דרייסטן אַרויסרוף...

# פאַרלוירענע וועגן

לעאָן האָט אָבער אויף קיין איין מאָמענט זיך נישט פאַרגעסן און באין אופן נישט געלאָזט זיך פאַנגען אין קיין נעץ.

איינמאָל א פאַרנאַכט איז גערטרוד „צופעליק” אריין צו לעאָנען אין צימער און געפרעגט אויף עפּעס. מיטאמאָל, גאר אומגערעכט, האָט זי געגעבן א זאָג ארויס:

— מיין ליבער לעאָן, ביסט א מענטש אָן א האַרץ!

לעאָן האָט זי צערטלעך אָנגענומען ביי ביידע הענט און געענטפערט:

— ליבע גערטרוד, א האַרץ האָב איך גראָד גאָר א ברייטס, אָבער צו מיין גליק האָב איך אויך א קאָפּ אויף זיך און איך טאָר אים נישט פאַרלירן.

זי האָט אים ראַפּטום דערלאַנגט א קוש, און שטיל אין אים אריינגעשעפּטשעט:

— שווארצער טייוול!

און זי איז באַלד ארויס פון צימער.

— דאָס בעסטע וואָלט געווען — האָט לעאָן זיך באַטראַכט — איך זאָל זיך ארויסציען פון די גראַנאַטס. ביי מיין גרעסטער פריינדשאַפט, רעספּעקט און דאַנקבאַרקייט, וואָס איך האָב צו דער דאָזיקער פאַמיליע, וועט אָבער זיין א סך געזינטער, פאַר מיר און פאַר זיי, ווען מיר וועלן נישט וווינען צוזאַמען. אָבער ווי אַזוי מאַכט מען דאָס? וווּ זוכט מען עפּעס אויס אַן אורזאַך פאַר דעם?

דאָס האָט לעאָנען שטאַרק געמאַטערט.

## לעאָן קיזעלשטיין באַקענט זיך מיט פריילין בערטאַ ווישליצקי

עס איז געווען אַ קאַלטער נאָכמיטאָג פון סוף דעצעמבער, ווען לעאָן קיזעלשטיין איז אַריין אין דער קאָנסולטאַריע פון דעם מאָגן־דאָקטאָר, מאַרטינעז דע לאַ וועגאַ, אויפגענומען צו ווערן אַלס פּאַציענט.

באַלד ביים אַריינגאַנג, אינם פּאָדער־צימער וואָס פאַרן וואַרט־זאַל, איז ביי אַ טישל געזעסן אַ שיין, יונג מיידל, אַ הויכע, אַ בלאָנדע, מיט טונקלבלויע אויגן, מיט אַ ליכטיק פול פּנים און פון איר גאַנצן אויסזען האָט אַראָפּגעשיינט איידלקייט און אינטעליגענץ.

קיזעלשטיין איז זיכער געווען אַז זי איז אַ פראַנצויזישע, האָט ער זיך געווענדעט צו איר אין פראַנצויזיש און זי האָט אים אויך געענטפערט אין פראַנצויזיש. זי האָט אויפגענומען ביי קיזעלשטיינען אַלע נויטיקע דאַטעס, האָט גענומען באַצאָלט וואָס קומט פאַרן ערשטן וויזיט, האָט אים אַרויסגעגעבן אַ נומער און געהייסן אים אַריינגיין אין וואַרט־זאַל, ביז עס וועט אָנקומען זיין ריי אויפגענומען צו ווערן פון דאָקטאָר.

דאָס איז געווען נאָך אַכט חדשים ווי קיזעלשטיין איז געקומען אין מעקסיקע.

אין וואַרט־זאַל האָט קיזעלשטיין אויסמאַרקירט, אַז אים זאָל אויסקומען צו זיצן אויף אַ פּלאַץ, פון וואַנען ער זאָל קענען גוט באַאָבאַכטן די פּרעכטיק־שיינע, יונגע פראַנצוזקע, וואָס איז געזעסן ביים אַריינגאַנג.

# פאַרלוירענע וועגן

פון ערשטן מאָמענט אָן האָט זי אים, קיזעלשטיינען, פאַרכאַפּט און געצויגן זיין אויפמערקזאַמקייט.

דאָס מיידל האָט אינסטינקטיוו דערפילט, אַז פון וואַרט־זאַל קוקט ווער אויף איר, האָט זי עטלעכע מאָל אומגעדרייט דעם קאָפּ און געוואָרפן אויף קיזעלשטיינען שאַרפע דורכדרינגענדיקע בליקן.

ביים אַוועקגיין האָט קיזעלשטיין איר געדריקט שטאַרק די האַנט און ליבלעך געקוקט איר אין די אויגן. און זי, כאָטש זי האָט זיך באַצויגן צו אים גאַנץ העפלעך, איז אָבער געלעגן אויף איר פּנים טרויערע, געשעפּטסמעסיקע באַנעמונג, וואָס האָט געקענט באַדייטן: „בחור, דו האָסט דיינס דערליידיקט קענסטו שוין גיין און דריי נישט קיין קאָפּ".

עס זענען אַוועק בלויז עטלעכע טעג און ווידער איז קיזעלשטיין אַריין אין דער קאָנסולטאַריע פון דאָקטאָר מאַרטינעז דע לאַ וועגאַ. דעם מאָל האָט די שיינע בלאָנדינקע אים אויפגענומען מיט אַ שמייכל אין וועלכן עס איז געלעגן באַהאַלטענע איראָניע און זי האָט געפרעגט:

— דער דאָקטאָר האָט דאָך אייך געהייסן קומען ערשט אין צוויי וואָכן אַרום, וואָס זשע זענט איר שוין היינט געקומען?

אויף אַ מאָמענט האָט קיזעלשטיין זיך געפילט פאַרלוירן, ווי אַ שטייגער מ'וואָלט אים געכאַפּט ביי דער האַנט אין אַ גנבה, אָבער באַלד האָט ער זיך אָנגענומען מיט דרייסטקייט און געענטפערט:

— ערשטנס, האָב איך געוואָלט איבערפרעגן דעם דאָקטאָר עטלעכע זאַכן, וואָס ער האָט מיר אָנגעזאָגט און איך האָב נישט גוט פאַרשטאַנען און צווייטנס — האָט קיזעלשטיין גענומען שטאַמלען און געזוכט ווערטער — איז מיר שווער געווען צו וואַרטן גאַנצע צוויי וואָכן אייך נישט צו זען.

דאָס בלאָנדע מיידל האָט זיך געררויטלט, האָט שאַרף אָנגעקוקט קיזעלשטיינען און געשוויגן. דאָס שווייגן האָט אַזוי אָנגעהאַלטן אַ קורצע וויַיל, אָבער קיזעלשטיינען האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס ציט זיך צו לאַנג און ער האָט געטראַכט, אַז אָט באַלד וועט ער כאַפּן פון דער דאָזיקער שטרענגער פראַנצויזקע אַזאַ פּאַטשקע און עס וועט אים ווערן

## מאיר קאַראַנאַ

אזוי פינצטער פאר די אויגן, אז ער וועט נישט זען ווי אַנאָך צו אַנטלויפן פון דאָרט.

מיטאַמאָל האָט זי אים אַ פרעג געטאָן:

— זאָגט מיר הער קיזעלשטיין, זענט איר אַ פראַנצויז?

ער האָט דערפילט ווי אַ שטיין זאָל אים אַראָפּ פון הארצן. ער האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט און געענטפערט:

— ניין, איך בין אַ פּוילישער. איך האָב בלויז געלערנט אַ צייט אין פראַנקרייך.

— דאָס מיינט צו זאָגן — האָט זי זיך צעשמייכלט — אַז איר זענט אַ ייד. אָבי איך געמיינט, אַז איר זענט אַן אַראַבער.

— יאָ, איך בין אַ ייד — האָט קיזעלשטיין געענטפערט — אוודאי בין איך אַ ייד.

דאָס בלאָנדע מיידל איז באַלד אַריבער אין אַ זאַפטיקן פּוילישן יידיש:

— אויב אזוי, קענט איך דאָך רעדן צו מיך אויף פּראָסט מאַמע־לשון.

— וו־אַ־ס?! — האָט קיזעלשטיין אויסגערופן מיט שטוינונג און פאַרוווּנדערונג — וואָס, איר זענט אַ יידישע?!

— וואָס דען האָט איר געמיינט, אַז איך בין אַ טערקישע? מ׳דערקענט דען נישט אין מיר, אַז איך בין אַ יידישע טאָכטער?

— איך בין געווען זיכער, אַז איר זענט אַ פראַנצויזישע. אייער גאַנצער אויסזען איז אַבסאָלוט נישט פון קיין יידיש מיידל. איז אויב איר זענט יאָ אַ יידישע, ווי זשע איז אייער נאָמען, אויב איך קען האָבן דעם כבוד צו וויסן?

— איך הייס אויף פּראָסט יידיש ברכה, נאָר דאָ רופט מען מיך בערטאַ. און זאָגט מיר, הער קיזעלשטיין, פאַרוואָס האָט איר געוואָלט אזוי שטאַרק מיך זען?

קיזעלשטיין איז געבליבן אין פאַרלעגנהייט. ער האָט נישט געהאַט דעם מוט צו זאָגן איר אויפן מאָמענט דאָס, וואָס ער האָט איר געוואָלט זאָגן און ער האָט קוים אַרויסגעשטאַמלט:

— פרייל׳ין בערטאַ, איך האָב מיט אייך אַ סך צו רעדן.

— אויב אזוי, איז נישט דאָ דער פּלאַץ.

# פאַרלוירענע װעגן

קיזעלשטיין האָט געזען אין איר ענטפער, אַז זי איז גערן מיט אים זיך צו טרעפן און שמועסן. איז ער געוואָרן מוטיקער און ער האָט שוין גאַנץ דרייסט געפרעגט:

— װוּ זשע דען און ווען?

— באַלד וועל איך אייך זאָגן — זי האָט געטראַכט, געצויגן די ווערטער און גערעדט ווי צו זיך אַליין — היינט נישט, מאָרגן אויך נישט, איבערמאָרגן זיבן אין אָוונט, ווען איך גיי אַרויס פון דאַנען, קענט איר אויף מיר וואַרטן דאָ אונטן.

אינדעם האָט זי זיך דערמאָנט און געפרעגט איראָניש:

— הער קיזעלשטיין, איר האָט דאַכט זיך געזאָלט אַריינגיין צום דאָקטאָר.

— ניין, איך דאַרף שוין נישט. — האָט ער געענטפערט פאַרשעמט.

— איך האָב פאַרשטאַנען.

און ביידע האָבן זיך צעלאַכט.

⁂

נאָך פריער פאַר דער אָפּגערעדטער צייט האָט שוין לעאָן קיזעלשטיין אַרומגעדרייט זיך אויף דער גאַס, פאַר דעם הויז פון דער קאָנסולטאַריע און געוואַרט אויף בערטאַס אָנקומען. ער האָט דערווייל באַטראַכט וואָס איר צו זאָגן און ווי מיט איר צו רעדן. אים האָט געוווּנדערט אויף זיך אַליין. אַלע מיינען, אַז ער איז אַ מוטיקער, אַ דרייסטער, אַ געוואַגטער, וואָס קען זיך לייכט אַן עצה געבן אין יעדער סיטואַציע. און דאָ איז ער גאָר געוואָרן מיטאַמאָל אַן אָפּהענטיקער, אַ שעמעוודיקער, ווי אַ נאַאיוו גימנאַזיסטל און ער דאַרף גאָר טראַכטן ווי אַזוי מיט איר צו רעדן. ער האָט געפילט, אַז ער פאַרלירט זיך אין איר קעגנוואַרט און אַפילו דאַמאָלסט ווען נאָר ער טראַכט וועגן איר. און ווער זאָל זי זיין? — האָט לעאָן געטראַכט — אַ יידיש מיידל וואָס קומט פון פוילן און רעדט אַזוי פריי און פליסיק פראַנצויזיש. איר גאַנצער אויסזען און האַלטונג מאַכט דעם איינדרוק, אַז זי שטאַמט פון אַ הויכער, אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע. אָבער די יידישע אַריסטאָקראַטיע אין פוילן, אויף וויפל ער האָט זי געקענט, שעמט זיך דאָך מיט דער יידישער שפּראַך, אַפילו ווען זיי קענען,

## מאיר קאראנא

און דער גרעסטער טייל פון זיי קען דאך גאר קיין יידיש נישט. און עס איז ביי זיי א פרייד און א שטאלץ ווען מ'דערקענט נישט אין זיי, אז זיי זענען יידן. זי אבער, בערטא, האט גאר ארויסגעוויזן א גרויסע צופרידנקייט צו רעדן מיט אים דווקא אין יידיש. ער האט גוט באמערקט אין איר ווי זי האט אויפגעלעבט ווען ער האט איר געזאגט, אז ער איז א ייד און מיט וואס פאר א שטאלץ זי האט ארויסגעזאגט: „אוודאי בין איך א יידישע, וואס דען האט איר געמיינט אז איך בין א טערקישע?" און ווי זי האט באטאנט „אויף פראסט יידיש היים איך ברכה, נאר דא רופט מען מיך בערטא".

גייענדיק אזוי פארטראכטערהייט האט לעאן דערהערט בערטאס שטים:

וואס זענט איר אזוי פארטראכט, הער קיזעלשטיין, איר ווארט דא שוין לאנג?

בערטאס פרייע האלטונג, איר צעשמייכלט פנים און איר פריינדלעכע באנעמונג צו אים, ווי צו א לאנגסטן באקאנטן, גארנישט די זעלביקע, שטרענגע פריילין וואס אין קאנסולטאריע, האט אים, לעאנען, ארויסגענומען פון זיין ביז איצטיקער פארלעגנהייט. ער איז אויפגעמונטערט געווארן און מיט מענערישער דרייסטקייט האט ער געענטפערט:

— וואס איך טראכט, פרעגט איר. נו זאגט איר אליין, פון וואס עס טראכט א בחור, ווען ער ווארט אויף א מיידל אין וועמען ער איז פארליבט.

— אה, שוין אזוי שנעל! — האט זי זיך צעלאכט — איר האט דאך מיך געזען אינגאנצן ערשט צוויי מאל און דאס אויך — אין בלויז געציילטע מינוטן. איר, הער קיזעלשטיין, ווייזט אויס, זענט שטארקט ראמאנטיש. אבער ווי זאגט א פויליש פאלקס ווארט: „דאס וואס צינדט זיך אן שנעל ברענט זיך שנעל אויס". נאר לאמיר איצט נישט רעדן וועגן דעם, דא אויף דער גאס. זאגט מיר נאר, וווהין גייען מיר?

א מאדנע זאך: פון וואס קיזעלשטיין האט אלץ געטראכט איידער בערטא איז צוגעקומען, אבער וועגן דעם, וווהין צו גיין מיט איר,

# פאַרלוירענע וועגן

האָט ער גאָר פאַרגעסן פריער צו טראַכטן. אָבער ספּאָנטאַן האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט:

— לאָמיר אַריינגיין אין אַ קאַפע.

— זייער גוט, איך בין טאַקע זייער הונגעריק. וועלן מיר דערווייל עפּעס איבערכאַפּן און דאָרטן זיך דורכשמועסן.

זיצנדיק אין קאַפע, ביי אַ זייטיק אָפּגעזונדערט טישל, האָט קיזעלשטיין געפרעגט:

— איך בעט אייך, איר וועט מיר דערלויבן, קען איך אפשר וויסן ווי איז אייער פאַמיליע־נאָמען?

— מיט פאַרגעניגן. מיין פאַמיליע־נאָמען איז ווישליצקי.

— אַזוי, ווישליצקי, איך האָב געקענט אין וואַרשע אַ רייכע אַריסטאָקראַטישע פאַמיליע ווישליצקי.

— וועל איך אייך אַרויסנעמען פון טעות, הער קיזעלשטיין, די פאַמיליע פון וועלכער איך קום איז נישט קיין רייכע און נישט קיין אַריסטאָקראַטישע. איך קום פון נאָוואָמינסק, נישט ווייט פון אייער וואַרשע. מיין פאָטער איז אַ פּשוטער ייד, אַ בעקער. ער האָט אַ בעקעריי אין נאָוואָמינסק. אָבער יאָ, הער קיזעלשטיין, איר האָט געזאָגט, אַז איר האָט מיט מיר אַ סך צו רעדן, בין איך שוין נייגעריק צו הערן וועגן וואָס איר ווילט מיט מיר רעדן. איר ווייסט דאָך מסתמא, אַז ווייבער זענען נייגעריקע.

— פריילין ווישליצקי, איך זע, אַז איר זענט קלוג און געניט אינטעליגענט. דאַרפט איר פאַרשטיין, אַז נישט תמיד זענען ווערטער דער פּאַסיקער אינסטרומענט צו באַניצן ביים אויסדריקן געפילן און סענטימענטן. איך גלויב, אַז איר פאַרשטייט מיך גוט אָן ווערטער אויך. איבעריקנס — האָב איך עס אייך שוין טיילווייז געזאָגט מיטן מויל און די רעשט מיטן האַרץ.

— זעט איר, הער קיזעלשטיין, איך וועל צו אייך יאָ רעדן און דווקא מיט ווערטער און מיט קלאָרע דיבורים, איך זע גאַנץ גוט, אַז איך בין אייך געפעלן געוואָרן. און איך וועל אייך זאָגן גאַנץ אָפן, אַז איר זענט מיר אויך סימפּאַטיש. איך וועל זיין באמת צופרידן צו בלייבן מיט אייך באַפריינדעט. איך בין שוין באַלד אַ האַלב יאָר אין מעקסיקע און איך האָב קיין איין יידישן פריינד נישט. אָדער בעסער

געזאגט, איך האב לגמרי קיין פריינד נישט. איך ווין אין א צימער ביי א מעקסיקאנער פאמיליע, איז מער ווי די העפלעכקייט פון באגריסן זיך האב איך מיט זיי קיין געמיינזאמעס נישט. אבער איין זאך וויל איך, אז איר זאלט וויסן און געדענקען: איך ווייס דאך, אז יעדער בחור, ווען ער באפריינדעט זיך מיט א מיידל, טראכט וועגן תכלית, און ס'איז גאנץ נאטירלעך. זאג איך אייך דעריבער פאראויס, אז אין באצוג צו מיר קענט איר וועגן דעם אפילו נישט טראכטן. ווייל דאס קען קיינמאל נישט געשען. צוליב געוויסע סיבות האב איך ביי זיך באשלאסן קיינמאל נישט חתונה צו האבן. אויב איר וועט דאס וועלן געדענקען וועט מיר זיין אנגענעם צו בלייבן מיט אייך פריינד. נו, זענט איר מסכים, הער קיזעלשטיין?

א לאנגע ווייל האבן זיך ביידע אנגעקוקט און שמייכלענדיק געשוויגן. עס האט אויסגעזען ווי יעדער איינער וואלט וועלן דערגיין פון צווייטנס אויגן צו וויסן. וואס יענער טראכט. ענדלעך האט קיזעלשטיין אנגענומען בערטאס האנט, מיט זיינע ביידע הענט זי שטארק געדריקט און ער האט אויסגערופן מיט צופרידנקייט:

— יא, איך בין מסכים, פריילין ווישליצקי. דערווייל וועל איך אייך גארנישט פרעגן. כאטש, ווי איר פארשטייט, האב איך אייך א סך וואס צו פרעגן. לאמיר דאס לאזן אויף אן אנדערש מאל. איך גלויב, אז מיר וועלן זיך נאך נישט איין מאל צוזאמענטרעפן.

— געוויס וועלן מיר זיך צוזאמענטרעפן, איך וועל זיין זייער צופרידן צו באגעגענען זיך מיט אייך וואס עפטער. אבער מיטן תנאי ווי מיר האבן אפגערעדט. איצט, אז מיר זענען שוין געווארן פריינד, קענט איר מיר אפשר זאגן, הער קיזעלשטיין, מיט וואס באשעפטיקט איר זיך דא אין מעקסיקע?

— איידער איך וועל אייך זאגן וועגן מיין באשעפטיקונג וואלט איך וועלן אייך דערציילן, ווי אזוי איך קום קיין מעקסיקע און וואס איך האב דורכגעלעבט ביז מיין אנקומען אהער, מיט אכט חדשים צוריק. אויב איר וועט אינטערעסירן צו הערן.

— אדרבה, עס וועט מיר שטארק זיין אינטערעסאנט דאס צו הערן.

— מיט מיר איז אזוי געווען — האט לעאן אנגעהויבן — איך

# פאַרלוירענע וועגן

בין געבוירן געוואָרן אין וולאָצלאַוועק. ווען איך בין נאָך געווען א קליין קינד איז מיין פאָטער געשטאָרבן. מיין מוטער האָט חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל. דאַמאָלסט האָט מיינע א מאַמע, מיין פאָטערס א שוועסטער, מיך גענומען צו זיך קיין וואַרשע. די מומע מיטן פעטער זענען רייכע מענטשן און זיי האָבן מיך געהאַלטן און דערצויגן מיט ליבשאַפט און צערטלעכקייט, פונקט ווי זייערע אייגענע קינדער. צוזאַמען מיט מיינע קוזינס האָב איך געלערנט ביי מלמדים יידישע לימודים און צוזאַמען מיט זיי האָב איך געלערנט אין א רוסישער גימנאַזיע אין וואַרשע. ווען איך האָב געענדיקט גימנאַזיע בין איך אוועק קיין פּאַריז, ווו עס וווינט מיין מוטער מיט איר צווייטן מאַן. אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך מיט מיין שטיף־פאָטער קענען נישט הויזן צוזאַמען. איך בין אוועק וווינען פאַר זיך און אַריין לערנען אין אוניווערסיטעט. די גאַנצע צייט האָט מיין מומע פון וואַרשע מיר געשטיצט מאַטעריעליש, אַז איך זאָל קענען רויק אָנגיין מיט מיין שטודיום. אין פּאַריז בין איך דיפּלאָמירט געוואָרן אַלס כעמיקער פאַרמאַצעווט. ווייטער בלייבן אין פּאַריז האָב איך נישט געוואָלט. מיך האָט געצויגן אין דער וועלט אַריין און איך האָב באַשטימט צו פאָרן קיין מעקסיקע. אויף דער שיף האָב איך זיך באַקענט מיט א דייטשישן ייד, דאָקטאָר מאָריץ גראַנאַט, וועלכער איז אויך געפאָרן קיין מעקסיקע. א דאַנק אים בין איך אין מעקסיקע באַלד אָנגעקומען אַרבעטן, אַלס כעמיקער, אין דער מעדיצין־לאַבאָראַטאָריע פון דאָקטאָר בערנאַרד גראַנאַט, מאָריץ גראַנאַטס א ברודער. איך וווין צוזאַמען מיט דער פאַמיליע גראַנאַט אין קאָלאָניע סאַן־אַנכעל. זיי זענען טייערע און ליבע מענטשן און איך בין ביי זיי אַזוי ווי איינער פון דער פאַמיליע.

דאָ האָט קיזעלשטיין געמאַכט בערטאַן א פאָרשלאָג צו באַקענען איר מיט דער פאַמיליע גראַנאַט, אויף וועלכן זי האָט גערן איינגעשטימט.

בערטא האָט מיט אינטערעס אויסגעהערט אַלץ וואָס קיזעלשטיין האָט דערציילט, אין קורצן, פון זיין לעבן. ווען ער האָט געענדיקט האָט זי זיך אָנגערופן:

— ווי איך פאַרשטיי, וואָלט איר געוואָלט, אַז איך זאָל אייך

## מאיר קאַראַנאַ

איך דערציילן פון מיין לעבן און ווי אזוי איך קום קיין מעקסיקע. איך האָב זייער אַ סך דורכגעמאכט שוין אין מיין קליין ביסל יאָרן. אַ סך מער פון אייך, כאָטש ווי מיר דאכט בין איך אביסל יינגער פון אייך. איך וועל עס אייך גערן אמאָל דערציילן. איצט איז שוין שפּעט. איך דאַרף שוין גיין אהיים. איך האָב נאָך אין שטוב אַ סך וואָס צו טאָן פאַר זיך.

און זי האָט זיך אויפגעשטעלט צום גיין.

— פריילין ווישליצקי, וועט איר מיר דערלויבן אייך אָפּצופירן אהיים? — האָט קיזעלשטיין געפרעגט.

— אויב אייך איז נישט שווער, מיטן גרעסטן פאַרגעניגן.

—.—.—.—

# בערטאַ דערציילט לעאָנען פון איר לעבן

לעאָן קיזעלשטיין און בערטאַ ווישליצקי האָבן אָנגעהויבן אָפט אַרויסגיין צוזאַמען אין די אָוונטן. וואָס אַ טאָג ווייטער אַלץ מער זענען לעאָנס אַלע חושים און יעדעס ווינקעלע פון זיין נשמה דורכגענומען געוואָרן מיט בערטאַן. און עס האָט זיך אים גענומען אויסדאַכטן, אַז אָן איר האָט מער זיין לעבן קיין באַדייט נישט. טיילמאָל האָט זיך לעאָנען אויסגעוויזן, אַז בערטאַ האָט צו אים אויך די זעלביקע געפילן, אָבער יעדעס מאָל ווען ער האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און אָנגעהויבן אויסגיסן פאַר איר זיינע סענטימענטן, האָט זי אים באַלד אָפּגעשטעלט און דערמאָנט דעם אָפּמאַך וואָס איז פאַראַן צווישן זיי. און זי האָט לעאָנען געזאָגט קלאָר:

— טאָמער, הער קיזעלשטיין, וועט דורך אונדזער פריינדשאַפט אייך אויסקומען שפּעטער צו ליידן, לאָמיר בעסער באַלד אין אָנהייב דאָס איבעררייסן. איז ווי איר פאַרשטייט.

אָבער לעאָן האָט אויף קיין פאַל נישט געוואָלט אויף דעם איינגיין.

— אָבער איר האָט מיר צוגעזאָגט — האָט לעאָן איר דערמאָנט — אַז איר וועט מיר אויך דערציילן פון אייער לעבן. לאָמיר כאָטש וויסן די סיבה פון אייער נישט ריכטיקן באַשלוס.

— וואָס איז יאָ ריכטיק צי נישט ריכטיק דאָס לאָזט איבער צו מיר, נאָר מיין לעבנס געשיכטע וועל איך אייך יאָ דערציילן. אויב איר וועט האָבן געדולד מיר אויסצוהערן.

# מ א י ר   ק אָ ר אָ נ אָ

— וואָס רעדט איר אַזוי, בערטע טייערע, איר ווייסט גאַנץ גוט וואָס איר זענט פאַר מיר, און

— איך האָב דאָך אייך עפּעס געבעטן — האָט בערטאַ אים נישט געלאָזט רעדן ווייטער — נאָר אָן היסטעריקעס. איך האָב פיינט דאָס צו הערן. זיצט בעסער רויק און הערט מיר אויס.

און בערטאַ האָט אָנגעהויבן צו דערציילן:

— איך קום פון דער שטאָט נאָווימינסק, נישט ווייט פון וואַרשע, מיין פאָטער האָט דאָרטן אַ בעקעריי. ער איז אַ סך געבילדעט אין יידישן וויסן. ער איז אַ תלמודיסט און אַ גרויסער העברעיסט, אָבער גאַנץ פרעמד פון וועלטלעכע בילדונג. ער איז אָבער נישט קיין פאַנאַטיקער. ער פאַרשטייט די שטרעמונגען פון דער נייער צייט. פאַר מיר האָט ער דווקא געוואָלט, אַז איך זאָל באַקומען וועלטלעכע בילדונג. פריער האָט מען פאַר מיר געהאַלטן פּריוואַטע לערערס אויף פּויליש, רוסיש און דייטש און מיין פאָטער האָט מיט מיר געלערנט העברעיש און תנ״ך. מען האָט מיר אויך געלערנט שפּילן פּיאַנאָ. דערנאָך האָט מען מיך אריינגעגעבן אין דער פּוילישער גימנאַזיע, וואָס איז פאַראַן ביי אונדז אין שטאָט.

אין נאָווימינסק איז אויך פאַראַן אַ ישיבה, וואָס ווערט אָנגעפירט פון דאָרטיקן חסידישן רבין. דאָרטן אין דער ישיבה האָט געלערנט אַ בחור, חיים לייב האָט ער געהייסן. ער איז געווען דעם יאַנאָווער רבס אַן אייניקל. ער האָט פאַרמאָגט פענאָמענאַלע גאונישע פעיקייטן. איך האָב זיך מיט חיים לייבן באַקענט און מיר האָבן זיך שטערבלעך פאַרליבט איינער אין צווייטן.

— אָט אַזוי ווי מיר ביידע היינט — האָט לעאָן אריינגעוואָרפן די ווערטער.

— אויב איר וועט מיר איבעררייסן מיט אייערע אומטאַקטישע באַמערקונגען — האָט בערטאַ געזאָגט מיט פאַרדרוס — הער איך אויף צו דערציילן.

— נו שוין, מער נישט — האָט לעאָן זיך געבעטן ווי אַ קינד ביי אַ מאַמען — איך הער אייך אויס מיט אמתער געשפּאַנטקייט.

— אונטער מיין ווירקונג — האָט בערטאַ ווייטער דערציילט — האָט חיים לייב, אין געהיים, אַז קיינער זאָל נישט וויסן, גענומען

# פארלוירענע וועגן

לערנען שפּראַכן, מאַטעמאַטיק, געשיכטע, געאָגראַפיע, נאַטור־וויסנשאַפט, פיזיק און נאָך די אַלע קענטשטאַנדן, וואָס מ'האָט באַדאַרפט צו אַ גימנאַזיעלן עקזאַמען פון פיר קלאַסן. חיים לייב האָט אַרויסגעוויזן אין זיין לערנען אומגלויבלעכע געניאַליטעט. ער האָט באַוויזן אין אַ גאַנץ קורצער צייט צו דערגרייכן מער, איידער אַנדערע וואָס מאַטערן זיך אויף דעם יאָרן לאַנג, און ער האָט גלענצנדיק אויסגעהאַלטן, אַלס עקסטערן, דעם עקזאַמען פון פיר קלאַסן גימנאַזיע. אונדזער קעגנזייטיקע ליבע איז געווען אַזאַ פּלאַמיקע, אַזאַ נשמהדיקע, אַזאַ צאַרטע און אַזאַ ערלעכע, וואָס איז נישטאָ אירס גלייכן אין דער גאַנצער וועלט. איך וועל שוין פון אַזעלכער נישט וויסן אין מיין גאַנצן לעבן. ווען חיים לייב האָט דערציילט זיין זיידן, דעם יאַנאָווער רב, וועגן דעם שידוך מיט מיר (ער האָט געזאָגט, אַז אַ שדכן רעדט אים דעם שידוך) האָט זיין זיידע אפילו נישט געוואָלט הערן פון דעם. עס איז אים, ווייזט אויס, נישט אָנגעשטאַנען זיך משדך זיין מיט אַ ייד אַ בעקער, אין דער צייט וואָס מ'האָט אים, פאַר חיים לייבן, פאָרגעלייגט שידוכים מיט באַרימטע רבנים, וועלכע האָבן זיך געריסן צו האָבן חיים לייבן פאַר אַן איידעם. חיים לייב האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און געזאָגט זיין זיידן, אַז ער וויל נאָר דעם שידוך, ווייל די כלה געפעלט אים. דאָ איז זיין זיידע אַריין אין ווילדן כעס, ער האָט חיים לייבן גוט אויסגעפּאַטשט און ער האָט זיך צעשריגן: „דו מחוצף איינער, ווו איז עס געהערט געוואָרן ביי יידן, בפרט נאָך אין אַ רבנישער פאַמיליע, אַז אַ בחור זאָל אַליין זיך רעדן אַ שידוך. דאָס פּאַסט פאַר גויים נישט פאַר אונדז יידן!"

חיים לייב איז אוועק פון זיידן אַ ברוגזער, אַן אויפגערעגטער, און ער איז געקומען צוריק צו מיר קיין נאָווימינסק. דאַמאָלסט האָבן מיר אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן, אַז ער זאָל שוין מער אין ישיבה נישט לערנען. נאָר אַזוי ווי אין צוויי יאָרן אַרום וועט ער דאַרפן זיך צושטעלן צום מיליטער, (ער איז דאַמאָלסט האַלט געווען נייַנצן יאָר) זאָל ער בעסער שוין זיך צושטעלן צום מיליטער, אַלס פרייוויליקער. און אַזוי ווי ער איז אַ פירקלאַסנער וועט ער דאַרפן דינען בלויז איין יאָר און דאָס אויך — מיט ספּעציעלע פּריווילעגיעס. דערנאָך וועט ער פאַרזעצן זיין לערנען, וועט אַריין אין אוניווערסיטעט און ענדיקן אויף דאָקטאָר־מעדיצין.

## מאיר קאַראַנאַ

דעם אמת געזאָגט, האָט חיים ליב שטאַרק נישט קיין חשק געהאַט צו שיידן זיך מיט מיר אויף אַ גאַנץ יאָר צייט. מיר איז עס אויך שרעקלעך שווער געווען. אָבער, כאָטש איך בין געווען ייִנגער פון אים, בין איך געווען פּראַקטישער און אויסגערעכנטער. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מ׳דאַרף טראַכטן וועגן בויען פאַר זיך אַ צוקונפט. חיים ליב האָט מיר געפאָלגט. איך האָב אויף אים געהאַט אַ קאָלאָסאַלן איינפלוס. ווען איך זאָל אים געווען הייסן אַראָפּשפּרינגען פון דאַך, וואָלט ער עס געווען צוליב מיר געטאָן. עס האָט פאַר אים גאָרנישט עקזיסטירט קיין שווערע זאַך צו טאָן פאַר מיר. און איך פאַר אים — אויך דאָס זעלביקע. בקיצור — ער האָט זיך אָנגעגעבן פרייוויליק אין מיליטער און ער איז אַוועק דינען אין די שטאָט טולא, אין רוסלאַנד.

בערטאַ איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אַ פיינלעכער טרויער האָט זיך פאַרצויגן איבער איר פּנים.

לעאָן האָט די גאַנצע צייט אויסגעהערט מיט גרויסן אינטערעס בערטאַס דערציילן. ווען זי איז אַנטשוויגן געוואָרן האָט ער מיט אומגעדולד געוואַרט, אַז זי זאָל זיך באַרויקן און ווייטער דערציילן. ענדלעך האָט ער איבערגעריסן די שטילקייט און געפרעגט:

— נו, און וואָס ווייטער?

— בערטאַ האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אָנגעקוקט לעאָנען מיט אומעטיקע אויגן:

— וואָס ווייטער, פרעגט איר, גאָרנישט און שוין!

— וואָס הייסט „גאָרנישט און שוין"?

— אַזוי ווי איר הערט, חיים ליב איז אין מיליטער פאַרלוירן געוואָרן, ווי אין וואַסער אַריין. די ערשטע צוויי בריוו האָב איך פון אים באַקומען פון טולא. מער האָב איך פון אים שוין גאָרנישט געהערט. וויפל איך האָב געשריבן און געשריבן, האָב איך פון אים קיין ענטפער נישט געקריגן. איך האָב געשריבן צו זיין זיידן און צו זיין מוטער אין יאַנאָווע און צו זיינע אַנדערע קרובים, איך האָב זיך געווענדעט צו פאַרשידענע רוסישע מיליטערישע אינסטאַנצן. אָבער פון קיינעם האָב איך קיין ענטפער נישט באַקומען.

פון דאַמאָלסט אָן איז שוין אַריבער פינף יאָר און איך ווייס

# פארלוירענע וועגן

נישט ווו חיים לייב איז אהינגעקומען. די ערשטע צייט האָב איך געמיינט, אַז איך וועל משוגע ווערן. אויסער מיין אומשטערבלעכע ליבע צו אים, וועלכע וועט אייביק פלאַקערן אין מיין הארצן, האָב איך געפילט, און איך פיל עס ביז היינט, אַז איך בין די שולדיקע קעגן אים. איך בין דער דירעקטער גורם פון זיין אומקומען. איך האָב מיט מיינע אייגענע הענט געבראַכט אויף אים אַן אומגליק. איך אַליין האָב אים געטריבן יונגערהייט אין קבר אריין.

אָבער אַ מענטש איז שטאַרקער פון אייזן און ער קען אַלץ איבערטראָגן. אַ לאַנגע צייט בין איך ארומגעגאַנגען מיטן געדאַנק צו נעמען זיך דאָס לעבן, וואָרן וואָס קען שוין האָבן דאָס לעבן פאַר מיר אַ ווערט אָן חיים לייבן, אָבער איך האָב צו דעם קיין מוט נישט געהאַט.

מער האָב איך שוין אין נאָוואָמינסק נישט געקענט בלייבן. יעדעס ווינקעלע דאָרטן האָט מיר דערמאָנט אין חיים לעבן און האָט געריסן לעבעדיקע שטיקער פון מיין הארץ און פון מיין נשמה. האָב איך באַשלאָסן אַוועקצופאָרן. וווהין? עס איז מיר נישט געווען קיין אונטערשייד. איך בין אַוועק קיין דייטשלאַנד. אַזוי ווי איך באַזיץ גוט די שפּראַכן, פּויליש, רוסיש, דייטש, פראַנצויזיש, האָב איך דאָרטן, אין דייטשלאַנד געקריגן אַ גוטן פּאָסטן אין אַ שיפס־געזעלשאַפט. אָבער אויך דאָרטן האָב איך נישט געקענט געפינען קיין מנוחה. נאָכן אָפּזיין אין דייטשלאַנד איין יאָר האָט עס מיך געטריבן ווייטער. איך האָב זיך נישט געקענט דערהאַלטן אויף איין אָרט. מיך האָט געצויגן נאָר אַוועק ווייטער און ווייטער. וווהין? האָב איך נישט געוווסט און נישט געוואָלט וויסן. איך בין אַוועק קיין מארסעל, פראַנקרייך. איך בין אָנגעקומען ארבעטן צו דער זעלביקער שיפס געזעלשאַפט, פון וועלכער דער הויפּט־אָפיס איז אין מארסעל. דאָרטן בין איך אָפּגעווען אַנדערטהאַלבן יאָר און עס האָט מיך געטריבן ווייטער. פון מארסעל בין איך אַוועק קיין קובא, ווו איך בין אין האוואַנא געוואָרן אַ קראַנקן־שוועסטער אין אַ שפּיטאָל. דאָרטן בין איך אָפּגעווען עפּעס מער ווי אַ יאָר און איך בין אַוועק קיין מעקסיקע.

איך האָב אַלץ געמיינט, אַז ווען איך וועל וואַנדערן איבער דער וועלט וועל איך מיט דער צייט קענען חיים לייבן פארגעסן. אָבער איך קען נישט! איך קען נישט! ביז מיין טויט וועל איך אין אים נישט פארגעסן און קיין טרייסט נישט געפינען.

מ א י ר   ק אָ ר אָ נ אָ

ווען בערטא האָט געענדיקט דערציילן, צוזאַמען מיטן אויסברוך פון איר צער און פון אירע ליידן, האָט לעאָן קיזעלשטיין געוואָלט איר באַרויקן און טרייסטן, האָט ער געזאָגט:

— פונדעסטוועגן, פריילין ווישליצקי, די צייט פאַרהיילט אַלע ווונדן. איר זענט נאָך יונג און איר וועט זען, אַז אַן אויפריכטיקע, האַרציקע ליבע וועט נאָך אויפוועקן אין אייך אַ נייעם מוט און אַ נייע האָפענונג אין לעבן, און עס וועט אייך מאַכן פאַרגעסן דאָס פאַרגאַנגענע.

— איך בעט אייך, הער קיזעלשטיין — האָט בערטאַ וויינענדיק געענטפערט — איך בעט אייך, רעדט נישט צו מיר אַזוי. איר זאָלט אַזעלכע ווערטער מער נישט ברענגען פאַר אייער מויל, אויב איר ווילט מיך האָבן פאַר אַ פריינדין.

## בערטאַ ווערט אַ כלה פאַר לעאָן קיזעלשטיין

אין דער פאַמיליע גראַנאַט האָט מען זיך גענומען שושקען און סודעגען וועגן לעאָנען, אַז עפּעס איז מיט אים געשען.

איינמאָל איז אין דער פאַמיליע פאָרגעקומען וועגן דעם אַ שמועס, וואָס עלסאַ האָט אַרויסגערופן. זי האָט געזאָגט:

— ער איז דאָך געווען אַזאַ פריילעכער, אַזאַ לעבהאַפטער, אַזאַ וויצלער, שטענדיק אין גוטן הומאָר, אַז עס איז פּשוט געווען אַ מחיה צו געפינען זיך אין זיין קעגנוואַרט. וואָס זשע האָט פּלוצלינג מיט אים פּאַסירט אַזעלכס? ער גייט אַרום אַ פאַרחלומטער, אַ פאַרטראַכטער, מ׳זעט פון אים נישט קיין שמייכל, ער מיידט אויס מענטשן. אין זיין פרייער צייט איז אָדער ער גייט ערגעץ אַוועק, ווער ווייסט וווהין, אָדער ער זיצט פאַרמאַכט ביי זיך אין צימער און לייענט.

— איך וועל אייך זאָגן — האָט גערטרוד געפּרוווט טרעפן — איך פאַרשטיי זיך אויף אַזעלכע זאַכן. דער בחור איז פאַרליבט. ער האָט ערגעץ אַ מיידל. און די ליבע איז אוודאי אַן איינזייטיקע, זי ווערט געקלאַפּט אין אַ פאַרמאַכטער טיר. ליידט ער פון דעם.

— עס קען נישט זיין — האָט עלסאַ אָפּגעפרעגט גערטרודס רייד — איך וואָלט געוואָלט זען וועלכעס מיידל וואָלט געהאַט אין זיך גענוג כוח נישט אָנטקעגנצוקומען אַזאַ בחור ווי לעאָן, ווען ער וואָלט זיך צו איר דערקלערט אין ליבע.

— אָה עלסאַ — האָט גערטרוד געזאָגט מיט איראָניע — מיר דאַכט אַז דו, טייערע, ביסט פאַרליבט אין לעאָנען.

# מ א י ר  ק אָ ר אָ נ אָ

עלסאַ איז רויט געוואָרן און בייסיק געענטפערט:

— אַנטשולדיק מיר, מיין ליבע טאַנטע, דו רעדסט נאַרישקייטן. גיכער איז עס צו גלייבן אויף דיר.

— איך?! — האָט גערטרוד זיך צעלאַכט — איך בין דאָך שוין, גאָט צו דאַנקען, אַ פּאַרנומענע. איך האָב אַ טייערן מאַן אויף לאַנגע יאָר און צוויי טייערע קינדער זאָלן געזונט זיין.

— מיר האָבן שוין אַזעלעכס געזען, מיין ליבע גערטרוד.

דאָ האָט זיך אַריינגעמישט דאָקטאָר מאָריץ גראַנאַט און גוטמוטיק אויף ביידע פרויען אָנגעשריגן:

— הערט אויף קינדער! עס פּאַסט נישט פאַר אייך! און עס איז בכלל נישט כדאי צו קריגן זיך איבער אַזאַ נאַרישקייט. איך וועל אייך יאָ זאָגן וואָס עס איז מיט לעאָנען. עס איז גאָרנישט. אַזוי זענען זיי, די אָסט־יודן. קיינמאָל ווייסט מען נישט ווי מ׳האַלט מיט זיי. אָט זענען זיי פריילעך און אָט זענען זיי אומעטיק. אָט זענען זיי אָפנהאַרציק און אָט זענען זיי פאַרשלאָסן אונטער זיבן שלעסער.

— אָך מאָריץ — האָט זיך אַריינגעמישט דאָקטאָר בערנאַרד גראַנאַט — דו דאַרפסט אַזוי נישט רעדן וועגן לעאָנען. ער איז אַ טייערער און ליבער בחור. ער איז אַ הויכגעבילדעטער און אינטעליגענטער מענטש. הלוואי וואָלטן אַלע אָסט־יודן געווען ווי ער.

ביידע פרויען האָבן איינגעשטימט, אַז בערנאַרד איז פולשטענדיק גערעכט.

איינמאָל, אין אַ מיטן העלן טאָג, האָט ד״ר בערנאַרד גראַנאַט אַריינגערופן לעאָנען צו זיך אין קאַבינעט פון דער לאַבאָראַטאָריע און באַלד, אָן קיין זייטיקע ווערטער און אָן קיין פאָררעדעס, האָט ער זיך געווענדעט צו לעאָנען:

— איר ווייסט גאַנץ גוט, הער קיזעלשטיין, אַז איך בין אייך אַן אויפריכטיקער פריינד. איז אין נאָמען פון דער דאָזיקער פריינדשאַפט נעם איך זיך די רעכט אייך צו פרעגן: זאָגט מיר דעם אמת, וואָס האָט מיט אייך לעצטנס פּאַסירט? איך באַמערק און אַלע אין אונדזער פאַמיליע באַמערקן עס, אַז איר גייט אַרום, אין דער לעצטער צייט, אַן אומעטיקער און צעטראָגענער. איר האָט פאַרלוירן אייער שטענדיקן גוטן הומאָר, צו וועלכן מיר אַלע זענען געוווינט געווען. מיר זענען

# פאַרלוירענע וזעגן

באַאומרויקט וועגן אייך. צי זענט איר נישט אַמאָל, באַהיט גאָט, עפּעס נישט געזונט? אָדער האָט עטוואָס אַנדערש עפּעס מיט אייך אייך געטראָפן? מיט מיר, ווי מיט אַ פריינד, דאַרפט איר זיין אָפנהאַרציק. אפשר וועל איך קענען מיט וואָס ס'איז אייך באַהילפיק זיין אין אַ שלעכטער סיטואַציע.

לעאָן איז געווען גערירט פון דעם אינטים־פריינדלעכן אופן, ווי ד"ר גראַנאַט האָט זיך צו אים געווענדעט. גלייכצייטיק, איז קענטיק געווען אין לעאָנען, אַז ער האָט דערוואַרט, אַז אַזאַ פראַגע זאָל קומען צו אים פון זיין פריינד. דאָס האָט דעריבער נישט אויסגעזען פאַר לעאָנען איבערראַשנדיק און, ווי צוגעגרייט צו דעם, האָט לעאָן גלייך געענטפערט:

— מיין בעסטן דאַנק אייך, ליבער פריינד הער דאָקטאָר, פאַר אייער אינטערעסירן זיך מיט מיר. איך בין באמת גערירט פון דער פריינדלעכער אויפמערקזאַמקייט צו מיר, פון אייך און פון אייער ליבער פאַמיליע. איך ווייס זייער גוט און איך פיל עס, מיט פולער דאַנקבאַרקייט, אַז איר אַלע זענט מיר אויפריכטיקע פריינד. בעסער געזאָגט — די איינציקע פריינד וואָס האָב אין מעקסיקע. איך פיל זיך אין אייער הויז ווי אין אַן אייגענער היים. וועל איך דעריבער רעדן מיט אייך גאַנץ אָפנהאַרציק. אפשר טאַקע אַראָפּרעדנדיק זיך פון האַרצן פאַר אַ פריינד וועט מיר אַביסל לייכטער ווערן.

— אָה, הער קיזעלשטיין, זייער גוט, זייער גוט — האָט ד"ר גראַנאַט אַרויסגעוויזן העכסטע צופרידנקייט פון לעאָנס ווערטער — איך דאַנק אייך פאַרן צוטרוי. דערציילט מיר, דערציילט.

— עס איז אַזוי, ליבער הער דאָקטאָר, איך האָב זיך באַקענט דאָהי מיט אַ מיידל, אַ פּרעכטיק שיין מיידל און אין פולן זין פון וואָרט אַן אינטעליגענט מיידל. זי באַזיצט פּערפעקט עטלעכע שפּראַכן, איז גוט באַהאַוונט אין דער וועלט־ליטעראַטור און עס איז אַ גייסטיקער פאַרגעניגן מיט איר צו שמועסן און פאַרברענגען. איך וועל עס מאַכן קורץ, איך בין שטאַרק פאַרליבט אין אָט דעם מיידל און איך מיין, אַז איך בין איר אויך סימפּאַטיש.

— נו, איז דאָך גוט! — האָט ד"ר גראַנאַט פריידיק אויסגערופן.
— יאָ, עס וואָלט אוודאי געווען גוט, ווען דערביי וואָלט נישט

געווען אַז „אָבער". און דער „אָבער" באַשטייט אין דעם, וואָס באַלד אין ערשטן טאָג פון אונדזער באַקאַנטשאַפט האָט זי מיר דערקלערט, אַז זי איז איינשטימיק צו זיין מיט מיר פריינד, אָבער נישט מער. וועגן חתונה האָבן מיט איר זאָל איך אַפילו נישט וואַגן צו טראַכטן.

— וואָס איז — האָט ד"ר גראַנאַט געפרעגט מיט פאַרוואונדערונג — האָט זי ערגעץ שוין אַ מאַן אָדער אַ געליבטן?

— ניין, ס'איז נישט דאָס און ס'איז יאָ דאָס...

— הער קיזעלשטיין, איר רעדט צו מיר עפּעס תּלמודישע סכאָלאַסטיק.

— ניין, הער דאָקטאָר, דאָס איז קיין סכאָלאַסטיק נישט. דאָס איז אַ רעאַלער פאַקט.

דאָ האָט לעאָן דערציילט בערטאַס גאַנצע געשיכטע, גענוי ווי אַזוי זי האָט אים דערציילט.

ד"ר גראַנאַט האָט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט וואָס לעאָן האָט דערציילט פון בערטאַס פאַרגאַנגענהייט. ער האָט דערנאָך, שווייגנדיק, לאַנג נאָכגעטראַכט וועגן דער גאַנצער פאַרפּלאָנטערטער סיטואַציע, וואָס האָט זיך געשאַפן צווישן לעאָנען מיט בערטאַן, און ער האָט געזאָגט:

— הער קיזעלשטיין, איך האָב אַ פּלאַן. איך וועל שוין דאָס דערליידיקן צו אייער גינסטן.

— ווי אַזוי, הער דאָקטאָר? קען איך אפשר וויסן פון אייער פּלאַן, ווי אַזוי איר דענקט דאָס דורכצופירן?

— יאָ, איך וועל אייך זאָגן. מיר וועלן איינאָרדענען, ווי אָפט ביי אונדז, אַ היימישע הויז־פאַרוויילונג. מיר וועלן פאַרבעטן אונדזערע פריינד. בערטאַ, אַלס אייערע אַ פריינדין, וועט אויך פאַרבעטן ווערן. דאָס איבעריקע לאָזט איבער צו מיר, אויב איר האָט צו מיר צוטרוי.

לעאָן האָט אָנגעכאַפּט דעם דאָקטאָרס האַנט און האָט זי שטאַרק געדריקט. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער ער איז געווען אַזוי עמאָציאָנירט, פול מיט פרייד און האָפענונג, אַז די ווערטער זענען אים געבליבן שטעקן אין האַלדז און ער האָט זיי נישט געקענט אַרויסברענגען.

⁂

אַלע אין דער פאַמיליע גראַנאַט און אויך אַ סך פון די

# פאַרלוירענע וועגן

פאַרבעטענע געסט האָבן געוווסט, אַז די פאַרוויילונג דעם מאָל איז איינגעאָרדנט געוואָרן, נישט בלויז סתם כדי צו פאַרברענגען צוזאַמען, ווי אַן אַנדערש מאָל, נייערט ווי אַן אָפיציעלע אויפנאַמע לכבוד לעאָנס מיידל, וואָס ווערט צום ערשטן מאָל פאַרבעטן צו די גראַנאַטס.

ד״ר בערנאַרד גראַנאַט אַליין האָט געזאָרגט פאַר דעם, אַז אָט דער פאַרוויילונגס אָוונט זאָל אויסזען וואָס אימפּאָזאַנטער און וואָס פייערלעכער. אַפילו געדונגענע מוזיק האָט ער באַשטעלט. צום ערשטן מאָל איז דאָס געווען ביי אַזאַ היימישער פאַמיליע־פאַרוויילונג. און ד״ר גראַנאַט האָט איינגעאָרדנט אַזוי, אַז לעאָן מיט בערטאַן זאָלן קומען שפּעטער, ווען אַלע געסט וועלן שוין זיין פאַרזאַמלט.

ווען בערטאַ מיט לעאָנען זענען אַריין האָט די מוזיק אויפגעשפּילט אַ ספּעציעלן אויפנאַם־מאַרש, אונטער די אַפּלאָדיס־מענטן פון אַלע אַנוועזנדע. און לעאָן האָט פאַר יעדן באַזונדער פאָרגעשטעלט זיין פריינדין, בערטאַ ווישלינצקי.

באַלד, פון ערשטן מאָמענט אָן, ווי בערטאַ האָט זיך באַוויזן, האָט זי פאַרכאַפּט אויף זיך אַלעמענס באַוווּנדערנדיקע אויפ־מערקזאַמקייט. און איינער דעם צווייטן האָט געפרעגט:

— איז זי אַ יידישע?! זעט נאָר איר ליכטיק־שיין פּנים! אירע הימליש־פּרעכטיקע אויגן! זעט נאָר איר שלאַנקע פיגור! זעט נאָר איר מאַיעסטעטישן שמייכל! איר אַריסטאָקראַטישע באַנעמונג און האַלטונג! זי זעט דאָך אויס ווי אַ געבוירענע פּרינצעסין!

אינמיטן טאַנצן האָט ד״ר בערנאַרד גראַנאַט איבערגענומען בערטאַן פון לעאָנען און לעאָן האָט גענומען גערטרודן צום טאַנצן.

— ווו האָסטו, ליבער לעאָן, געפונען אַזאַ בריליאַנט? — האָט גערטרוד געפרעגט לעאָנען, מיט נישט ווינציק קנאה — אַך ווי מענטשן האָבן מזל!

— ווער האָט מזל — האָט לעאָן שפּאַסיק געפרעגט — איך צי זי?

— ביידע, לעאָן, ביידע. איבער אַזאַ שיין פאָרפאָלק וואַכט דאָס אייביקע גליק.

און גערטרוד האָט, אַ צעפלאַמטע, זיך צוגעדריקט צו לעאָנען.

אין דער זעלביקער צייט האָט ד״ר גראַנאַט גערעדט צו בערטאַן:

— מיין טייערער פריינד, לעאָן, האָט אַ וווּנדערבאַרן געשמאַק. וויפל ער האָט מיר דערציילט פון אייך איז עס נישט קיין טויזנטסטל פון דעם וואָס מיינע אויגן זעען.

בערטאַ האָט זיך פאַררויטלט און געזאָגט:

— איך האָב געמיינט, אַז נאָר הער קיזעלשטיין קען מאַכן אַזוינע פיינע קאָמפּלימענטן. ווי איך זע קען זיין פריינד אויך זייער שיין דאָס מאַכן.

— ניין, פרײלין ווישליצקי, איך וואָלט נישט וועלן, אַז איר זאָלט דאָס אָננעמען פאַר אַ פּוסטן קאָמפּלימענט. עס איז קוים אַ טייל פון דער ווירקלעכקייט.

— אָך, הער דאָקטאָר, — האָט בערטאַ גערעדט אין אַ לייכטן שפּאַסיקן טאָן — עס האָט מיך שוין געלוינט צו האָבן דעם כבוד און באַזוכן אייער אָנגענעם הויז. איך בין דאָ דערגאַנגען וועגן זיך אַזוי פיל אייגנשאַפטן, וואָס אין מיין שפּיגל האָב איך זיי נישט געקענט געפינען.

— זיכער, פרײלין ווישליצקי, זיכער האָט אייך געלוינט צו קומען צו אונדז און עס וועט אייך מיט דער צייט נאָכמער לוינען, צוזאַמען מיט אייער לעאָנען, צו געניסן פון אונדזער אויפריכטיקער און קעגנזייטיקער פריינדשאַפט.

— הער דאָקטאָר, וואָס מיינט איר דערמיט צו זאָגן? אויב ס'איז מיר דערלויבט אייך צו פרעגן.

— ווייסט אויך גאָר וואָס, ליבע פרײלין ווישליצקי, איך וואָלט געוואָלט ברייטער מיט אייך זיך דורכשמועסן, אָבער נישט דאָ אין טומל. לאָמיר אַריינגיין צו מיר אין פּריוואַט־צימער. פאַר לעאָנען דאַרפט איר זיך נישט זאָרגן, ער איז אין גוטע הענט, ער טאַנצט מיט מיין פרוי, וועלכע האָט אים זייער גערן און בכלל איז ער אין אונדזער הויז ווי ביי זיך אינדערהיים.

— יאָ ער האָט עס מיר דערציילט.

בערטאַ האָט פאַרשטאַנען וועגן וואָס דער ד"ר גראַנאַט וויל מיט איר רעדן און זי האָט געטראַכט, אַז קיזעלשטיין האָט אוודאי דאָס אַלץ אונטערגעפירט. אָבער — איז זי ביי זיך זיכער געווען — ער האָט געמאַכט אַ גרויסן טעות.

# מ א י ר   ק אָ ר אָ נ אַ

גערטרוד האָט דערווײַל איראָניש באַמערקט צו לעאָנען:

— זע נאָר, ליבער לעאָן, ווי מײַן אַלטער האָט זיך עס צוגעקלעפּט צו דײַן מײדל און ער איז מיט איר אַוועק. ווײַזט אויס ער האָט אַ גוטן געשמאַק מײַן מאַן.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ נײַעס? איך ווייס עס שוין פון לאַנג

— האָט לעאָן געענטפערט שטיפעריש — און מיר דאַכט, ליבע גערטרוד, אַז איר זענט אײפערזיכטיק.

— אויף וועמען, אויף מײַן מאַן צי אויף מײַן מאַנס פרײַנד?

און זי האָט זיך צעלאַכט.

— איי מאַדאַם גערטרוד, איר האָט ליב צו שפּאַסן.

ביידע האָבן זיך פילבאַדײַטנדיק אָנגעקוקט און זיי האָבן זיך גוט פאַרשטאַנען.

איבער אַ האַלבער שעה איז דאָקטאָר גראַנאַט געזעסן בײַ זיך אין צימער צוזאַמען מיט פרײַלין בערטאַ ווישליצקי. וועגן וואָס זיי האָבן גערעדט בלײַבט אַ סוד ביז אויף היינטיקן טאָג.

דערנאָך האָט ד״ר גראַנאַט אַרײַנגערופן לעאָנען אַהין, אין זײַן צימער.

ווען לעאָן איז אַרײַן אַהין איז בערטאַ אים אַנטקעגנגעקומען מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס, מיט פאַרטרערטע אויגן און מיט אַ שײַנענדיק, פריילעך, גליקלעך פּנים.

זי האָט לעאָנען אַרומגעכאַפּט און זיי האָבן זיך צעקושט.

באַלד זענען אַלע דרײַ אַרײַן אין זאַל. ד״ר גראַנאַט האָט אויפגעהויבן אַ האַנט, אַלס אַ צייכן, אַז עס זאָל ווערן שטיל, און ער האָט פײַערלעך דערקלערט:

— מײַנע ליבע פרײַנד, כ׳האָב פאַר אײַך אַ סורפּריז. מיט גרויסן פאַרגעניגן האָב איך דעם כבוד אײַך צו מעלדן, אַז מײַנע טײַערע און ליבע פרײַנד, פרײַלין בערטאַ ווישליצקי און הער לעאָן קיזעלשטיין, זענען היינט אין אָוונט כלה־חתן געוואָרן.

דערבײַ האָט ער אַ ווונק געגעבן צו די מוזיקער, אַז זיי זאָלן לכבוד דעם דאָזיקן פײַערלעכן אַקט, אויפשפּילן דעם מאַרש, וואָס ער האָט מיט זיי פריער אָפּגערעדט.

אונטער די קלאַנגען פון מוזיק און הילכדיקע אַפּלאָדיסמענטן

# מ א י ר  ק אָ ר אָ נ אַ

איז ד"ר גראנאטס מעלדונג פייערלעך אויפגענומען געוואָרן פון אַלע אַנוועזנדיקע, און חתן כלה האָבן זיך צעקושט.

צווישן די פאַרזאַמלטע האָט זיך אָנגעהויבן א טומל פון טאָסטן, באַגריסונגען, אומאַרמונגען און צעקושונגען.

דערנאָך האָבן חתן־כלה, לעאָן אויפן פידל און בערטאַ ביי דער פּיאַנאָ, גענומען שפּילן „קלאַראַ דע לונאַ" פון ליסט.

קוקנדיק אויף דעם שיינעם יונגן פּאָרל, ווי ביידע שפּילן צוזאַמען אַזוי האַרמאָניש, איז ביי אַלע אויפגעקומען דער זעלביקער געדאַנק: „וואָס פאַרא הערלעך, חנעוודיק און צוגעפּאַסט פּאָרל דאָס איז!"

בלויז צוויי פרויען, גערטרוד און עלסאַ, האָבן אין יענעם מאָמענט געטראַכט וועגן עפּעס אַנדערש.

## דער יאַנאָווער רב און זיין יוגנט־חבר

אכט טעג נאָך שבועות. אויף ווייט, ווייט, אזש ביז וואַנען דער הימל קושט זיך מיט דער ערד, האָבן זיך געכוואַליעט פולע פעלדער מיט צייטיקן ווייץ. די מאַט־גאָלדענע ווייץ־זאַנגען האָבן געבויגן די קעפּלעך זייערע פון איבערפולקייט און פון צופרידנקייט. יעדעס מינדסטע ווינטעלע, וואָס האָט זיך דורך זיי פאַרבייגעטראָגן, האָט אין זיי דערוועקט פרומע הכנעה און זיי באַוויגן צו תפילה, ווי א שטייגער זיי זאָלן בעטן רחמים: „קומט צו אונדז, גוטע מענטשן, מיר האָבן שוין גענוג זיך אויסגעצייטיקט פאַר אייערט וועגן. נעמט אונדז אראָפּ פון דער ערדישער פאַרבונדנקייט. נעמט אונדז און קוויקט זיך מיט אונדז צו אייער גלוסטונג, וואָרן פאַר אייך און נאָר צוליב אייך זענען מיר באַשאַפן געוואָרן. צוליב אייך האָבן מיר פון דער ערד זיך ארויפגעהויבן. פאַר אייערט וועגן האָבן מיר אַזוי לאַנג זיך אָנגעזויפּט מיט די הימלישע רעגן־מתנות. פאַר אייערט וועגן האָבן מיר זיך געברענט אונטער דער זון בייטאָג און זיך געוויקט אין טוי אין די נעכט. איצט זענען מיר שוין גרייט צו אייער פאַרלאַנג און באַפרידיקונג. קומט נעמט אונדז!"

אינמיטן פונם דאָזיקן מאַט־גאָלדענעם ים איז צעליגט געווען דאָס יידישע שטעטל אין פוילן — יאַנאָווע.

א דינסטיק אין אָוונט איז עס געווען. דער שול־הויף פון יאַנאָווע איז פול געווען מיט מענטשן. קינד און קייט, אַלט און יונג, מענער און פרויען האָבן, מיט ליכטלעך אין די הענט, זיך געבינטלט און געשטופּט ארום דער חופּה, וואָס איז געשטאַנען פאַר דער שול.

# פאַרלוירענע וועגן

דער אָוונט איז געווען א ליכטיקער, א פרישער און אויפ־
געהייטערטער. פון אויבן האָט א קלאָרער בלויער הימל שמייכלענדיק
אראָפּגעווונקען מיט מיליאָנען שטערן־אויגן. א פולע לבנה האָט,
מיט מאַיעסטעטישער רחבות, נייגעריקט אראָפּגעקוקט צום פאַרזאַמלטן
עולם אויפן שול־הויף, ווי א שטייגער זי זאָל זיך וואונדערן: „וואָס
איז דאָס פאַר א נייעס, וואָס מענטשן האָבן דערזען און מאַכן דערפון
אַזאַ טאַראַראַם. עס איז דאָך שוין אַן אַלטע געשיכטע, פון זינט די
וועלט עקזיסטירט!”

פון די אַרומיקע ווייץ־פעלדער האָט זיך געטראָגן א זאַפטיקער
און דערפרישנדיקער ריח, צוזאַמען מיט א שטילן, סודותדיקן גערויש,
ווי די צייטיקע ווייץ־זאַנגען זאָלן דערמיט שיקן זייער ברכה צום
יונגן פּאָר און דערביי זאָגן: „יאָ, אַלץ צייטיקט פאַר געניס און
באַפרידיקונג”.

נאָכדעם ווי די כלה מיט די אונטערפירערס האָבן זיך אַרומ־
געדרייט זיבן מאָל ארום חתן, האָט דער רב, ר' שלמה קאַצענעלנבויגן,
זיך געשטעלט פּנים אל פּנים צו חתן־כלה און מיט דער גאַנצער
טראַדיציאָנעלער צערעמאָניע האָט ער דורכגעפירט די קידושין כדת
משה וישראל. דערנאָך האָט דער רב, וואָס איז באַרימט געווען אַלס
גרויסער מנגן, שיין אויסגעזונגען די ברכות. מיט באַזונדערער
באַטאָנונג זענען קלינגענדיק אַרויס פון רבס מויל די ווערטער: „אשר
יצר את האדם בצלמו, בצלם דמות תבניתו והתקין לו ממנו בנין
עדי עד”.

דער יאַנאָווער רב, ר' שלמה קאַצענעלענבויגן, איז געווען זייער
א הויכער, א ברייטפּלייציקער, מיט א צוויי שפּיציקער, שוואַרץ־גרויער
באָרד, מיט א פּאָר שטרענגע, שאַרפע און דורכדרינגנדיקע אויגן.
בלויז שוין דער אויסערלעכער אויסזען זיינער האָט געצויגן אויף
זיך גרויסן דרך־ארץ און יראת הכבוד.

די גאַנצע צייט, וואָס דער רב האָט מסדר קידושין געווען און
געזאָגט די ברכות, איז דער גאַנצער עולם אויפן שול הויף געשטאַנען
שטיל, און מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם געקוקט דעם רב גלייך אין
מויל אַריין.

באַזונדערס האָט פון רב נישט אַראָפּגענומען קיין אויג דעם
חתנס א פעטער, א ייד מיט א לאַנגער, געלער באָרד, וואָס איז געקומען

# פאַרלוירענע וועגן

אויף דער חתונה אַזש פון נאָוווימינסק, נעבן וואַרשע. דעם חתנס פעטער איז געשטאַנען ווי אַ פאַרשטיינערטער און ער האָט, מיט אַלע זיינע חושים, זיך איינגעגעסן אין רבס געשטאַלט. עס האָט אויסגעזען, אַז אין יענעם מאָמענט האָט פאַר דעם דאָזיקן ייד גאָרנישט עקזיסטירט אויף דער וועלט, נאָר די פּערזאָן פון יאַנאָווער רב, פון וועמענס געשטאַלט ער איז ווי פאַרהיפּנאָטיזירט געוועזן.

נאָך דער חופּה, ווען דער רב, אין דער באַגלייטונג פון זיין שמש, איז געגאַנגען צוריק אַהיים, האָט פון ווייטנס זיך נאָכגעשלייכט, ווי אַ שאָטן, דער נאָוווימינסקער ייד, דעם חתנס פעטער. ער האָט גאָר פאַרגעסן, אַז ער איז אַ מחותן אויף דער חתונה, אויף וועלכער ער איז ספּעציעל געקומען צו פאָרן אַזש פון נאָוווימינסק. ווי געטריבן פון אַ געהיימער קראַפט, אָן אייגענעם ווילן, האָט עס אים געצויגן נאָכצוגיין נאָכן רב.

אַ לאַנגע צייט איז דער נאָוווימינסקער ייד געשטאַנען הינטער דער טיר פון רבס שטוב און זיך געיישובט, צי זאָל ער אַריינגיין צום רב צי נישט. אין דער דאָזיקער צייט, פון וואַרטן הינטער דער טיר, זענען פאַר זיינע אויגן פאַרבייגעלאָפן עטלעכע צענדליק יאָר פון זיין לעבן און ער האָט זיך פאַרטראָגן אויף צוריק, צו זיינע יונגע יאָרן אין טעלזער ישיבה, וועלכע האָבן אין יענעם מאָמענט פריש אויפגעלעבט אין זיין זכרון.

דער יאַנאָווער רב איז געזעסן אין בית־דין שטוב, אָנגעשפּאַרט דעם שטערן אויף דער לינקער האַנט און האָט אַריינגעטראַכט אין אַ ספר, וואָס איז געלעגן פאַר אים אויפן טיש.

עס האָט זיך געעפנט די טיר. דער נאָוווימינסקער ייד מיט דער געלער באָרד איז אַריינגעקומען. ער איז געבליבן שטיין ביי דער טיר און ער האָט אַרויסגעמורמלט שטיל־הכנעהדיק:

— גוטן אָוונט רבי.

דער רב האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון ספר, האָט אַ שאַרפן קוק געגעבן אויף דעם אַריינגעקומענעם ייד און מיט אַ ווייכער, פאָטערלעכער שטים געענטפערט:

— גוטן אָוונט, גוט יאָר, וואָס פאַרלאַנגט אַ ייד? איך זע, איר זענט נישט קיין היגער, אוודאי פון די מחותנים אויף דער חתונה;

# מ א י ר  ק אָ ר אָ נ אָ

וואָס שטייט איר ביי דער טיר? קומט אהער נענטער, זעצט אייך, און קודם גאָט אייך „שלום עליכם". און וואָס וועט איר זאָגן עפּעס גוטס?

א ווייל איז דער ייד אזוי געשטאַנען קעגנאיבער דעם רב, נישט גערירט זיך פון אָרט און געשוויגן. ער האָט געקוקט אויפן רב און דער רב אויף אים. ביז ענדלעך האָט דער ייד זיך אָנגערופן:

— איך האָב פארשטאַנען, אז איר וועט מיך נישט דערקענען, נאָך אזוי פיל יאָרן. איך הייס מרדכי, מרדכי בריסקער.

אַן אויפגעציטערטער האָט דער יאַנאָווער רב האַסטיק זיך א שטעלאויף געגעבן, מיט זיינעביידע הענט האָט ער אָנגעכאַפּט דעם יידס רעכטע האַנט און התלהבותדיק אויסגעשריגן:

— דו, מרדכי בריסקער! דו, מיין חבר מרדכי! שלום עליכם! אזא צייט מיט יאָרן זיך נישט געזען. אזא טייערער און אומגעריכטער גאַסט! איי ווי די יאָרן לויפן און מענטשן בייטן זיך! טאַקע נישט דערקענט דיך. וואָס זשע שטייסטו מרדכי. קום זעץ זיך מרדכי. אך סאַרא טייערער גאַסט! מיין טייערער חבר מרדכי!

דער רב האָט גערעדט מיט אזא עקסטאַז, מיט אזוי פיל פריידיקער התפעלות, אז ער האָט זיך געפּלאָנטערט מיט זיינע אייגענע ווערטער און נישט געוווסט פון איבערראַשונג וואָס פריער צו זאָגן.

— און וואָס רעדסטו עפּעס צו מיר בלשון „איר"? דו, מיין טייערער חבר, מרדכי בריסקער, זאָגסט מיר גאָר „איר"!

— אַנדערש קען איך נישט רעדן צום באַרימטן גאון, רב שלמה קאַצענעלענבויגן און צום מרא דאתרא, יאַנאָווער רב.

— ניין, ניין, איך וויל עס נישט. פאַר דיר, מיין חבר מרדכי, בין איך דער זעלביקער שלמה ווילנער, פונקט ווי אין טעלז.

— ס'איז טאַקע אמת, איך פיל עס. דאָך קען איך נישט אַנדערש און טאָר נישט אַנדערש, צוליב כבוד התורה. און וואָס איז דאָ א סך צו רעדן — אזוי איז עס.

— איז ווי דו ווילסט, מרדכי, און ווי דיר איז ניחא. איך זע דאָך, אז דו ביסט געבליבן דער זעלביקער עקשן ווי דו ביסט געווען אַמאָל. איז קום זשע אהער און זעץ זיך. איך וועל הייסן אַריינגעבן

# פאַרלוירענע וועגן

כיבוד. א קליינקיים — אזא טייערער גאסט, אזא אומגעריכטער גאסט! לאָמיר זשע ווידער זיצן צוזאמען, וועלן מיר זיך אָפּרעדן פון די הערצער, פאר די אלע יאָרן וואס מיר האָבן מיר זיך נישט געזען.

ביז שפּעט אין דער נאכט זענען זיי, ביידע אמאָליקע חברים, געזעסן און האָבן אויפגעמישט דאָס גאנצע קאפּיטל, מיט אלע פּרטים, פון זייער אמאָליקן, געמיינזאמען, חבר׳ישן צוזאמענלעבן אין טעלז, ווען ביידע זענען געווען די נאָענטסטע חברים אין דער דאָרטיקער ישיבה. זיי האָבן מיט באגייסטערונג גערעדט פון דער נייער שיטה אין לערנען, וואס דער טעלזער ראש הישיבה, ר׳ אליעזר גאָרדאָן ז״ל, האָט געהאט איינגעפירט. זיי האָבן אויפגעטויכט פון זכרון א סך פון זייערע יוגנט־שטיפעריייען... וועלכע ביידע האָבן עס איצט באטראכט ווי ייִנגלישע נארישקייטן.

מיט באזונדערער ליבשאפט און דרך־ארץ האָבן זיי דערמאָנט דעם טעלזער יידישן דאָקטאָר, פיינבערג, אין וועמענס הויז זיי פלעגן, געהיימערהייט, ארײנקומען און פארברענגען, און וועלכער האָט דאַמאָלסט, אין יענער צייט, געהאט אויף זיי א גרויסע השפּעה.

זיי האָבן זיך דערמאָנט ווי ביי פיינבערגן אין שטוב האָבן זיי, צום ערשטן מאָל, זיך באקענט מיט די העברעישע צייטונגען „המליץ״ „הצפירה״ און השחר״ און אויך מיט די ווערק פון א. מאפו, אדם הכהן, מ. י. לעווענסאָן, נחמן קראָכמאל, פּרץ סמאָלענסקין, י. ל. גאָרדאָן און אנדערע. אלץ איז פאר זיי, ישיבה בחורים, דאַמאָלסט געווען אזוי ניי און זיי האָבן מיט דורשט געשלונגען זייערע ביכער־ווערטער און אָנגעכאפּט זיך אין זייערע אידעען.

ביידע אמאָליקע חברים זענען געזעסן פארחלומט און פארטראָגן אין אן אנדערער וועלט, פון אן אנדערער צייט און האָבן מיט בענקשאפט געזוכט נאָכאמאָל דורכצולעבן, כאָטש אין געדאנק, יענע יונגע, גאָלדענע יאָרן.

דער יאנאָווער רב האָט מיטאמאָל ווי אויפגעכאפּט זיך פון א זיסן חלום און געזאָגט:

— דו ווייסט, מרדכי, כאָטש איך בין דאָך היינט שוין אוועק זייער ווייט פון יענעם גאנצן געדאנקען־גאנג און אָפטמאָל דערמאָן איך מיט באדויערן, פארוואס איך האב אין דער יוגנט געלאָזט זיך

מיטשלעפן אויף יענע פארפירערישע, אפיקורסישע וועגן, פונדעסט־וועגן טליעט אין מיר נאך אלץ א שטארקער דרך־ארץ פאר יענעם ליבן דאקטאר פיינבערג, אים האב איך א סך צו פארדאנקען מיין קענען העברעיש און מיין גוטן העברעישן סטיל. איך לייען ווי אנדערע רבנים שרייבן העברעיש, אזוי צעקאליעטשעט און אזוי גרייזיק, אז עס פאדריסט זיך פשוט אויף בני תורה, אויף רבנים מיט גאונישע מוחות, פארוואס זיי זאלן נישט האבן קיין ברעקל אפשיי פאר די עלעמענטארע געזעצן פון דער אייגענער שפראך, פאר דער שפת התורה והנביאים.

— יא — האט מרדכי זיך אנגערופן — איך לייען אלע אייערע מאמרים אין פאלטאווער „הפלס". טאקע א שיינער, סטיליסטישער העברעיש, זייער קארעקט געשריבן; אבער אייער מאמרים קענן די ציונים זענען צו שארף און צו בייסיק געשריבן. פון אייערע מאמרים זעט מען ווי אמתדיק עס זענען די ווערטער פון אונדזערע חז"ל, אז די בעלי תשובה זענען הארבער פון די צדיקים גמורים. עס איז דערפאר ווייל זיי זענען פארביטערטער, זיי פילן נאך אין זיך דאס „שלעכטס". זיי זענען אין דער אמתן, און אין תוך, נאך נישט באפרייט פון דעם. זוכן זיי זיך אויסצוקויפן פון די פארגאנגענע „חטאים", דורך פארשרייען זיך אליין.

דער יאנאווער רב האט זיך געפילט געטראפן אין פינטל, פון זיין חברס טרעפלעכער באמערקונג, האט ער באלד, מיט א גוטמוטיקן שמייכל, איבערגעריסן די רייד וועגן דעם און געזאגט:

— לאמיר, מרדכי, בעסער זיך דורכשמועסן פון דער גאנצער צייט וואס מיר האבן זיך נישט געזען. עס דארף שוין זיין א קיימאלן ווי א יאר דרייסיק.

— יא, איך מיין אז עס איז שוין אזוי, אדער עפעס מער.

— דערציילט זשע מיר, מרדכי, ווי איז דיר דערגאנגען אין אט דער גאנצער צייט, וואס האסטו געטאן, וואס האסטו דערגרייכט, ווו וווינסטו, און מיט וואס באשעפטיקסטו זיך היינט?

— איך וואלט פריער וועלן הערן פון אייך, ווייל אייער דורכלעבן איז זיכער אינטערעסאנטער. עפעס זענט איר דאך געווען א „יצא וחזר". עס האט דאך דאמאלסט גערודערט מיט אייך א וועלט.

# פאַרלוירענע וועגן

דער יאַנאָווער רב האָט אַ שווערן זיפץ געטאָן, זיך פאַרטראַכט אַ וויילע און דערנאָך אָנגעהויבן:

— הערסט, מרדכי מיין חבר, עס איז נישטאָ קיין שלימות אין לעבן. עס איז קיין מאָל נישט דאָס וואָס דער מענטש רעכנט אויס. עס איז נישט ווי דער מענטש וויל און ווי ער שטעלט זיך פאָר.

דער רב איז שטיל געבליבן. ער האָט געוואַרט, פונקט ווי אַ שווימער איידער ער שפּרינגט אַריין אין וואַסער. ווי ער זאָלן וועלן אָנזאַמלען כוח אויף צו קענען אויסלאָדן, פאַר זיין יוגנט־חבר, די גאַנצע שווערקייט פון הארצן וואָס האָט זיך ביי אים אָנגעזאַמלט אין לויף פון יאָרן און יאָרן, און ער האָט ווידער אָנגעהויבן צו דערציילן:

— דאַמאָלסט, ווען איך בין אַוועק פון טעלז, בין איך, אויף דער עצה פון דאָקטאָר פיינבערג, געפאָרן קיין ווילנע. איך האָב זיך אַריינגעלאָזט, מיט מיין גאַנצער התמדה, אין הבלים — נאַרישקייטן. כ'האָב זיך גענומען צום לערנען חכמת הגוים, מיטן ציל צוצוגרייטן זיך צו אַן עקזאַמען, כדי שפּעטער מיט יאָרן זאָל איך קענען באַקומען אַ דאָקטאָר־דיפּלאָם. איין יאָר האָב איך געפּטרט אין ווילנע אויף די דאָזיקע לימודים. נישט מער. און גלייב מיר, וואָס אונדזערס אַ ישיבה־בחור קען דערגרייכן אין איין יאָר וועלן עס זייעריקע סטודענטן נישט דערגרייכן אין יאָרן. דאָס דאַרף איך דאָך דיר נישט דערציילן. פּלוצלונג האָב איך באַקומען די טרויעריקע בשורה, אַז מיין טאַטע זכרונו לברכה, וויזנער רב, איז נפטר געוואָרן. מיך האָט גענומען פּייניקן דער געדאַנק, און נאָך ביז היינט פּייניקט עס מיך, אַז מיין שולד איז געווען אין דעם. ער, דער צדיק תמים, האָט נישט געקענט איבערטראָגן דעם צער, וואָס איך, זיין זון, בין אַראָפּ פון דרך הישר. דאַמאָלסט האָט מען פון הימל מיר אויפגעעפנט די אויגן, און איך האָב געזאָגט צו זיך: „שלמה גענוג!" „עד כאן!" האָב איך אַוועקגעוואָרפן אַלע תרפים, אַלע גויישקע דרכים, מיט אַלע זייערע חכמות און איך בין אַוועק קיין קאָוונע. דאָרטן האָב איך ווידער צוריק זיך גענומען צום לערנען תלמוד ופוסקים, ביז כ'האָב באַקומען סמיכה פון גאון הדור, קאָוונער רב, ר' יצחק אלחנן ספּעקטאָר זכרונו לברכה. אין קאָוונע האָב איך חתונה געהאַט. מיין שווער איז געווען אַ רייכער ייד מיט גרויסן איינפלוס. אַ דאַנק אים און

# מ א י ר  ק אָ ר אָ נ אַ

אויך אין זכות פון מיין פאָטער ז"ל, האָב איך באַקומען מיין ערשטע
כסא הרבנות אין מיליייציץ. אכט יאָר בין איך געזעסן אין מיליייציץ.
דאָרטן האָב איך אַרויסגעגעבן מיין ערשטן ספר „נתיבות שלמה",
וואָס האָט געמאַכט אַ רושם אין דער לומדישער וועלט. איצט איז
שוין פופצן יאָר ווי איך פאַרנעם די כסא הרבנות דאָ אין יאַנאָווע.
אין דער דאָזיקער צייט זענען דערשינען מיינע ספרים „דעת שלמה"
—שאלות ותשובות און „ברית ראשונים" — אויף פוסקים, בדרך
כלל, ווען דער הימל וואָלט געוואָלט, האָב איך געקענט דאָ זיין גאַנץ
צופרידן. נאָר, גיי פרעג ביים רבונו של עולם קשיות, עס איז מיר
נישט באַשערט צו האָבן נחת פון קינדער.

דער רב האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ס'איז קענטיק געווען אַז
אַ שווערער צער דריקט אויף זיין געמיט. מיט אַ געבראָכענער שטים
האָט ער ווידער גענומען רעדן און אַראָפּדערציילן זיך פון האַרצן.

— פון מיין עלטסטער טאָכטער, רבקה, האָב איך דערוואַרט צו
דערלעבן נחת. כ'האָב געטאָן מיט איר זייער אַ ווויילן שידוך. אַ
טייערע יונגערמאַן געווען, אַ צאַצקע ממש, אַ צנא מלא ספרא. ער
איז געווען אונדזער ראש הישיבהס, ר' אליעזר גאָרדאָנס, אַ
ברודערס אַ זון. ער איז אויך געווען אַ ישיבה־בחור פון טעלז. אין
טעלז האָט מען זיך געשפּיגלט מיט אים. נו, אַז ס'איז נישט באַשערט,
כאָטש גיי זיי אַ קורע שחקים; דריי יאָר נאָך דער חתונה, ער האָט
נאָך געזעסן ביי מיר קעסט, איז ער קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן,
און מיר אָפּגעשטעלט אַן אלמנה מיט אַ יתום — אַ ייִנגל.

און דער רב האָט ווייטער דערציילט:

— מיין אייניציקער זון דוד מאיר ע"ה איז שוין געווען אַ בחור
פון זעכצן יאָר, געהאַט האָט ער אַ פּייערדיקן קאָפּ, זיינע חידושי
תורה זענען ממש גאָונישע. זיי ליגן ביי מיר אויפגעשריבן. ער איז
שוין געשטאַנען אין גאָר געהויבענע שידוכים. האָט ער, אין חנוכה־
צייט, זיך צוגעקילט און גענומען קרענקען. כ'האָב געוואָלט זיך לאָזן
קאָסטן ביזן לעצטן העמד אויפן לייב, אַבי אים צו ראַטעווען. כ'בין
גרייט געווען צו באַצאָלן כופר נפש, מיט מיין אייגן לעבן, אַבי מיין
זונס כשרע נשמה צו דערהאַלטן. אָבער ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן.

דער רב האָט אַ שווערן זיפץ געטאָן און ווייטער גערעדט:

## פאַרלוירענע ווענן

— מיין יינגסטע טאָכטער, שפּרינצע, אַן אמתע יפת תואר, עס שניידט מיר דאָס האַרץ פאַר איר נעבעך. ווען זי איז געווען אַ קינד פון אַ יאָר פינף איז זי געפאַלן ערגעץ און פון שרעק איז איר אָפּגענומען געוואָרן דאָס לשון, נישט פאַר קיין יידן געדאַכט, און אַזוי איז זי פאַרבליבן שטום.

— איצט איז מיין איינציקע האָפענונג — האָט דער רב געזאָגט — אויף מיין אייניקל, זאָל מאריך ימים ושנים זיין. חיים לייב הייסט ער. דאָ מיט אַ פּאָר חדשים צוריק איז ער געוואָרן בר־מצווה. ווי עס ווייזט זיך אויס וועל איך אם ירצה השם האָבן פון אים נחת. זיינע פעיקייטן און זיין שכל הישר זענען פון אַן עילוי. אָפּטמאָל ראַשט ער מיך איבער מיט זיינע איינפאַלן און טיפן פאַרשטאַנד. ער וואַקסט אַזאַ שאַרפער קאָפּ ווי זיין טאַטע ע״ה, אים צו לאַנגע יאָר. צו זיין בר מצווה האָט ער געזאָגט אַ דרשה וועגן „עשה דוחה לא תעשה״, האָבן יידן לומדים געשטוינט צו הערן פון אַ יונג בחורל אַזאַ טיפקייט און אַזאַ פאַרשטאַנד. דעם אמת זאָגנדיק בין איך אַליין געווען פאַרגאַפט דאָס צו הערן פון אים. עס איז געווען איבער אַלע מיינע דערוואַרטונגען. און מיינסטו אפשר אַז דאָס האָט אים ווער געלערנט אָדער אָנגעוויזן. חלילה. דאָס האָט ער אַליין די גאַנצע דרשה צונויפגעשטעלט. איך וואָלט זייער געוואָלט, אַז דו מרדכי זאָלסט מיט אים רעדן און לערנען.

ווען דער יאַנאָווער רב האָט גערעדט פון חיים לייבן, זיין אייניקל, האָבן זיינע אויגן ווידער אויפגעלויכטן, ווי אַ שטראַל ליכט זאָל דורכשניידן זיין באַטריבט און באַצערט געמיט.

דורך דעם אָראָפּרעדן זיך פון האַרצן פאַר אַ חבר, האָט דער רב דערפילט אַ דערלייכטערונג. אַ שווערע, דערדריקנדיקע משא, וואָס האָט געפּרעסט אויף זיין האַרצן, איז אים אַביסל פאַרגרינגערט געוואָרן, ווען ער האָט זיך דאָס געטיילט מיט אַ נאָענטן חבר. שוין מיט אַ פרייערן און אויסגעלייטערטן טאָן האָט ער זיך געווענדעט צום חבר זיינעם:

— איצט, מרדכי, דערציילט מיר פון דיין לעבן. אפשר וועל איך פון דיר הערן מער נחת, ווי דו האָסט געהערט פון מיר.

— איינגנטלעך — האָט מרדכי אָנגעהויבן — איז גאָר נישטאָ

## מאיר קאַראַנאַ

אזא אויסערגעוויינלעכס אין מיין לעבן, וואָס זאָל כדאי זיין צו דערציילן, נאָר אז איר פארלאַנגט עס וועל איך עס אייך צוליב טאָן. געווען איז אזוי: נאָך אייער פאַרלאָזן טעלז האָב איך זיך מיטאמאָל דערפילט פאַראיינזאמט. איך האָב זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען. איך האָב שטארק געבענקט נאָך מיין נאָענטסטן חבר, שלמה וויזנער.

דער רב האָט אָנגענומען מרדכים האַנט און אָן ווערטער, נאָר מיט צעשטראַלטע אויגן און מיט א פריידיקן שמייכל, אויסגעדריקט זיין צופרידנקייט פון דער באַנייטער חברשאַפט מיט זיין יוגנט־חבר. און מרדכי האָט ווייטער פאָרגעזעצט דערציילן:

— בכלל איז מיר, אויך צוליב א סך אנדערע סיבות, זייער ענג געוואָרן אין טעלז. בין איך אוועק צוריק אהיים, קיין בריסק. איך בין נישט געוואָרן קיין בעל תשובה, ווייל איך אָנערקען נישט אז איך האָב געזינדיקט. מיין געוויסן איז ריין, ווייל איך פיל נישט אז איך טראָג אויף זיך א „חטא". איך האָב ביי דאָקטאָר פיינבערג געלערנט דריי זאכן, וועלכע קומען מיר שטארק צונוץ אין לעבן און ביי וועלכע איך האַלט זיך מיט צופרידנקייט ביז היינטיקן טאָג. איך האָב געלערנט: ערשטנס, ליב צו האָבן די שפּראַך אונדזערע, די שפּת התורה ונביאים, ווי איר זאָגט, און ווי איך גיב נאָך צו — די שפּראַך פון אונדזערע גרויסע חכמים, דענקער און פּאָעטן עד היום הזה. צווייטנס האָב איך געלערנט, אז א מענטש דאַרף טראַכטן מיטן אייגענעם שכל הישר, אָן פאַראורטיילן און אָן אונטערצווואַרפן זיך בלינד אונטער דעם ווי יענער הייסט מיר טראַכטן, נישט וויכטיק ווער יענער איז. און דריטנס האָב איך ביי דאָקטאָר פיינבערג געלערנט, ליב צו האָבן דאָס לאַנד פון אונדזערע אבות, און ליב האָבן נישט בלויז מיט ווערטער, נאָר אפילו זיך מוסר נפש זיין פאַר דעם און העלפן מיט אַלע כוחות די יעניקע וואָס ווילן צוריק באַנייען און אויפלעבן אונדזער לאַנד, שטאַרקן זייערע הענט און בענטשן זייערע מעשים.

דער רב האָט ארויפגעלייגט זיין האַנט אויף מרדכים אַקסל. מיט א שמייכל, פול מיט ליבשאַפט, האָט ער געקוקט מרדכין אין די אויגן אריין און געזאָגט האַלב אין שפּאַס:

## פארלוירענע וועגן

— איך זע שוין, מרדכי, מיט וואס דו שמעקסט. אויב אזוי ביסטו דאך מיינער אן אמתער קעגנער.

— יאנאווער רב, איר מאכט א קליינעם טעות. איר מיינט צו זאגן, אז איר זענט מיינער א קעגנער.

— זאל זיין אזוי. אבער דו ביסט פארט מיין חבר מרדכי בריסקער. און די תורה אין דיר איז אויף אלץ מכפר. דו ביסט דאך פארט געווען עפעס פון די בעסטע בחורים אין טעלז.

און ווי דער רב זאל וועלן אינגאנצן אויסמיידן צו רעדן וועגן דאזיקן אנגעווייטיקטן ענין, האט ער פארדרייט דעם שמועס און א זאג געטאן:

— אבער לאמיר רעדן צום עיקר: ווי לעבט זיך דיר, מרדכי, און ווי זענען דיר פארבייגעלאפן אט די אלע יארן, זינט מיר האבן זיך צעשיידט?

— ווייטער מיט מיר איז אזוי: קיין גרויסע דערגרייכונגען, ווי מ׳האט זיך אמאל פארגעשטעלט, האב איך נישט דערגרייכט. קיין כסא הרבנות האב איך נישט פארנומען. איך האב אפילו קיין סמיכה נישט ארויסקריגן. קיין ספרים האב איך אויך נישט געשריבן און בארימט בין איך אויך נישט געווארן. איך האב חתונה געהאט, געווארן א רייכן יידס אן איידעם און, ווי יעדער פשוטער ייד, בין איך געווארן א סוחר אין בריסק. איך האב געהאנדלט און, גאט צו דענקען, עס איז מיר אוועק נישט שלעכט. מיין צופרידנקייט איז געווען נאכמער מיט דעם, וואס איך האב נאך צייט געהאט צו זיצן און לערנען און צו זאגן טעגלעך א שיעור פאר בחורים לומדים. צו דעם בין איך נאך געווען אויך אן עוסק בצרכי ציבור. וואלט אלץ געווען גוט. דארף זיך מאכן א גרויסע שריפה אין בריסק און איך בין ארויס, נישט פאר קיין יידן געדאכט, בעירום ובחוסר כל. נו, מילא, חייב אדם לברך על הרעה כשם שמברך על הטובה. דאמאלסט איז מיר מיין ביסל תורה צונוץ געקומען. איך בין אוועק קיין נאוואמינסק און דארטן בין איך געווארן א מלמד. איך לערן אויך דארטן, מיט פראסטע יידן, פרייטיקצונאכטס, די פרשה פון דער וואך. איך טייטש פאר זיי אויס די סדרה לויט פארשידענע פירושים. דערפון האב איך באמת א גרויסע הנאה. עס איז מיין גרעסטער פארגעניגן,

# מ א י ר  ק אָ ר אָ נ אָ

וואָס יידן, נישט קיין בני תורה, באַקענען זיך דורך מיר מיט די אַלע אויסטייטשונגען פון דער תורה און זיי דערוויסן זיך פון אַ סך דברי חכמים, פון וועלכע זיי האָבן פריער גאָר קיין אַנונג נישט געהאַט. איך געפין אויך צייט זיך מתעסק צו זיין בצרכי ציבור. בדרך כלל, וואָלט איך ברוך השם נישט געהאַט חלילה אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן. נאָר... נישט מער... אָבער וואָס איז דאָ צו רעדן, מסתמא דאַרף אַזוי זיין, געווים איז מיר אַזוי באַשערט מן השמים.

דער יאַנאָוועער רב האָט געזען, אַז אויף זיין חבר דריקט עפּעס אַ שווערקייט אויפן הארצן, וואָס עס איז אים נישט ניחא אַרויס־צורעדן, האָט ער אים געפרעגט:

— וואָס איז דיר, מרדכי? רעד צו מיר ווי צו אַ חבר, אַזוי ווי איך האָב זיך פאַר דיר אָפּגערעדט און עס איז מיר בפירוש לייכטער געוואָרן. דו ווייסט דאָך „דאגה בלב איש ישיחנה".

— איי ס'איז גאָרנישט. מ'טאָר נישט מתרעם זיין. איך בין לא עליכם אַ חשוך בנים. איך האָב נישט קיין קינדער.

ביידע זענען געבליבן שטיל, ווי פאַרזונקען אין אַ בשותפותדיקן צער. דער רב האָט דער ערשטער איבערגעריסן דאָס אומהיימלעכע שווייגן און ער האָט זיך אָפּגערופן מיט טרייסטנדיקע ווערטער:

— הערסטו, מרדכי מיין חבר, מיר קענען דאָך נישט וויסן די וועגן פון בורא, „נסתרים דרכי ה'", אָבער איך ווייס נישט וואָס עס איז ערגער, צי יאָ האָבן קינדער און דורכמאַכן אַזוי פיל יסורים און אומגליקן ווי איך, צי אינגאַנצן נישט האָבן קיין קינדער.

ווידער האָבן ביידע חברים געשוויגן, יעדערער פאַרטראַכט אין צווייטנס ווערטער.

— ווייסטו גאָר וואָס, מרדכי, — האָט דער רב מיטאַמאָל אַ זאָג געטאָן — איך האָב פאַר דיר אַ פּלאַן. לאָמיר ווידער, ווי אַמאָל, זיין צוזאַמען. פאָלג מיר, מרדכי, צי זיך אַריבער קיין יאַנאָווע, טאָפּע אָט דאָ צו מיר. דו וועסט ווערן מיין אייניקלס מלמד און מדריך. דער אמת איז, אַז איך קען זיך צו אים נישט אָפּגעבן ווי עס געהערט צו זיין. נישט איך האָב צייט, נישט איך האָב דעם געדולד און נישט די פעיקייט צו דעם. און פאַר מיר וועסטו ווידער ווערן מיין בעסטער חבר, מרדכי בריסקער, פּונקט ווי אין יענע יאָרן.

## פאַרלוירענע ווענן

דער רב איז שוין געוואָרן מלא שמחה בלויז פונם דאָזיקן געדאַנק אַליין. ער האָט שוין פאַנטאַזירט ווי גוט עס וועט אים זיין, ווען ער וועט זיין צוזאַמען מיט זיין אַמאָליקן חבר. און דער רב האָט ווייטער גערעדט:

— איך וועל פאַר דיר, מרדכי מגלה זיין אַ סוד: ביי מיין גאַנצער כסא הרבנות און ביים גאַנצן כבוד וואָס מ'טיילט מיר צו, דאָ און אין דער וועלט, פיל איך זיך לגמרי איינזאַם. אָבער טאַקע ממש איינזאַם. איך האָב נישט קיין איין מענטש, מיט וועמען איך זאָל קענען זיין אָפנהאַרציק, פריי און דורכרעדן זיך ווי מיט אַ חבר. מיר וועלן סוף כל סוף זיך זיין ניצלעך איינער דעם צווייטן. הלמאי זאָל איך לייקענען, איך אַליין לעב דורך שרעקלעך־מאַטערנדיקע ספקות. גאַנץ אָפט בין איך אַליין נישט זיכער אין דעם. וואָס איך באַמי זיך צו פּרעדיקן פאַר אַנדערע. און אָט אָ דאָ, זעסטו, ליגט דער סוד פון דעם, וואָס איך בין תמיד אַזוי בייז, שטרענג און שאַרף אין מיינע אויסדרוקן. מיין נישט, אַז איך אָנערקען נישט דיינע באַמערקונגען, וואָס דו האָסט מיר געמאַכט וועגן מיינע מאמרים. עס איז פאַראַן אַ שטיק אמת אין דעם. דו, מיין חבר מרדכי, דו פעלסט מיר. מיר וועלן זיך משלים זיין איינער דעם צווייטן. דו מיט דיין רויקייט גראַדליניקייט און פעסטן שכל הישר און איך מיט מיין חריפות און בליציקייט, וועלן מיר באַנאַנדער ניצלעך זיין איינער דעם צווייטן. מיר וועלן אַ סך האָבן אייער פון צווייטן וואָס צו לערנען.

דער רב איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָט פריי אָפּגעצויגן דעם אָטעם, ווי ער זאָל האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אַ שווערע לאַסט. און ער האָט געקוקט אויף מרדכין, צו זען וואָס פאַר אַן איינדרוק זיינע ווערטער האָבן געמאַכט אויף אים. מרדכי איז געזעסן פאַרטראַכט, האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט און געשוויגן.

נאָך אַ לאַנגן שווייגן האָט מרדכי אַרויסגעלאָזט בלויז צוויי ווערטער:

— ווער ווייסט!

— וואָס מיינסט דערמיט צו זאָגן, מרדכי?

— איך מיין צו זאָגן, ווער ווייסט צי וועל איך דאָס קענען אויספירן צוליב כמה טעמים. איך וועל זיין גאַנץ אָפנהאַרציק און

## מאיר קאראנא

אויסדריקן מיין צווייפל, צי וועלן מיר ביידע, מיט אזעלכע קעגנגעזעצטע מיינונגען און באגריפן, מיט אזעלכע פארשידענע כאראקטערן און טעמפעראמענטן, באזונדערס אין היינטיקן זייער ווייטן מרחק צווישן אונדז ביידע אין פארנעם, ווייס איך נישט צי מיר וועלן שוין קענען זיין אזעלכע נאענטע און אינטימע חברים ווי אמאל. צווייטנס, שטיי איך דאך איצט אין מיטן זמן, טא ווי קען איך איבערלאזן מיינע תלמידים, מיט אלץ מיט אנאנדער און אוועק? דריטנס, און דאס איז פאר מיר א גרויסע שווערקייט, איך לערן מיט אן עדה יידן יעדן פרייטיקצונאכטס. פאר מיר איז עס א געוואלטיקער עונג רוחני, צו זען ווי פשוטע הארעפאשנע יידן זענען זיך מחייה מיט מיינע ווערטער, ווי איך פארטייטש זיי די פסוקים פון דער תורה. עס איז פאר מיר א גרויסער פארגעניגן וואס איך קען די דאזיקע יידן מהנה זיין מיט דעם. לאמיר זאגן, אז איך זאל מוותר זיין אויף מיין דאזיקן פארגעניגן. אבער מיט זיי, מיט די יידן, מיינע צוהערערס, מיט זיי וואס וועט זיין? „אלה הצאן מה חטאו?" וואס פאר א רעכט האב איך, איך זאל ביי זיי צורויבן דעם פארגעניגן צו פארשטיין דעם פשט פון אונדזער הייליקער תורה? וואס פארא דען אנדערע פארגעניגנס האבן זיי, די ארעמע, פארהארעוועטע בעל מלאכהס? איבערלאזן זיי און אוועקפארן וועט זיין פאר זיי א גרויסער שאדן. איך וועל זיי שטארק פעלן.

לאנג, לאנג נאך, ביז זייער שפעט אין דער נאכט אריין, האט זיך אזוי געצויגן דער שמועס צווישן די צוויי אמאליקע חברים פון דער טעלזער ישיבה.

און עס איז ביי זיי אפגעמאכט געווארן, אז אם ירצה השם אויף די קומענדיקע ימים נוראים זאל מרדכי ווידער קומען קיין יאנאווע. דאמאלסט זאל מען דעם ענין נאכאמאל דורכרעדן און באשטימען ווי אזוי מ'זאל דאס דערליידיקן.

# פראָפעסאָר פעטראָוו דערציילט זיין לעבנס געשיכטע

אוועק זענען עטלעכע וואָכן, זינט אינזשעניר דזשאָרזש פעטראָוו איז צוריקגעקומען פון זיין שפּאַציר־רייזע אין מעקסיקע, און די גאַנצע צייט איז ער ארומגעגאַנגען א צעטראָגענער, א צעטומלטער און פאַרזאָרגטער.

וואָס ווייטער אַלץ מער האָט ער זיך ארומגעזען, אַז ארום אים פּלאָנטערן זיך גאַנצע קנוילן מיט מיסטעריעזע געהיימענישן, וועלכע ער האָט באַין אופן נישט געקענט באַגרייפן. ער האָט געזוכט דעם שליסל צו א סך אומפאַרשטענדלעכקייטן, וואָס האָבן זיך פאַר זיינע אויגן פאַרביינגעטראָגן און ער האָט אויף קיין פאַל דעם שליסל נישט געקענט געפינען.

ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ווען ער האָט געוויזן פּערלאַס מוטער אין מעקסיקע זיין פאָטערס פאָטאָגראַפיע פון רוסלאַנד, ווי ער שטייט אוניפאָרמירט אַלס מיליטער־דאָקטאָר אין דער צאַרישער ארמיי, איז זי בלייך געוואָרן, האָט אויפגעציטערט און אומרויק־נערוועזיש האָט זי עפּעס געמורמלט אין דער יידישער שפּראַך, וואָס ער האָט נישט פאַרשטאַנען.

ווידער ווען ער האָט געוויזן פּערלאַס פאָטאָגראַפיע פאַר זיין פאָטער, איז זיין פאָטער שטאַרק צערודערט געוואָרן און ער האָט געוויזן א צווייטע פאָטאָגראַפיע פון פּערלאַן, וואָס ער האַלט ביי זיך. דער פאָטער האָ זיך דאַמאָלסט ארויסגעכאַפּט, אַז ער קען פּערלאַן

נאָך פון פריער. וויפל מאָל ער, דזשאָרזש, האָט שוין געבעטן דעם פּאָטער, אַז ער זאָל אים זאָגן פון וואַנען ער קען פּערלאַן, האָט ער אויסגעמיטן צו געבן אַן ענטפער, שטענדיק מיטן זילביקן תירוץ, אַז ער וועט עס אים זאָגן אַן אַנדערשס מאָל.

און פון פּערלאַן האָט ער נאָך קיין איין וואָרט נישט באַקומען. ער האָט צו איר שוין עטלעכע בריוו געשיקט, אַפילו אַ טעלעגראַמע אָװעקגעשיקט, אָבער אַלץ איז געבליבן אָן אַן ענטפער.

אַ נאַכט פריער פאַר זיין אָפּפאָרן פון מעקסיקע, ווען ער, דזשאָרזש, האָט זיך געזעגנט מיט פּערלאַן, האָט זי זיך צעוויינט און אים צוגעשוואָרן, אַז קיין שטער אין דער וועלט וועט נישט זיין אומשטאַנד ארויסצורייסן פון איר האַרץ די ליבע צו אים, און ער האָט עס איר אויך צוגעשוואָרן. און דאָ — ווי נאָר ער איז אַוועק־געפאָרן איז שוין געוואָרן אויס מיט אַלעמען, אַז זי האָט אַפילו נישט געפונען פאַר נייטיק אָנצושרייבן צו אים אַ פּאָר ווערטער.

— וואָס טוט זיך דאָ?! — האָט דזשאָרזש געבראָכן דעם קאָפּ צו פאַרשטיין אָט דעם פּלאָנטער, וואָס, ווי אים האָט זיך אויסגעוויזן, קניפּט זיך דאָס עפּעס איינס מיטן אַנדערן. אָבער ווי אַזוי?

⁂

איינמאָל ביינאַכט, ווען דזשאָרזש איז שוין געשלאָפן, איז זיין פאָטער אריין צו אים אין צימער און אים אויפגעוועקט. ער האָט געמאַכט ליכטיק אין צימער, האָט זיך געזעצט אויף אַ שטול נעבן זונס בעט און ער האָט געפרעגט:

— זאָג מיר, דזשאָרזש, האָסטו שוין דערהאַלטן אַ בריוו פון דיין מיידל פון מעקסיקע?

דזשאָרזש האָט אָנגעקוקט דעם פאָטער פאַרשנדיק. אים איז פאָרגעקומען עפּעס אַזוי מאָדנע אומפאַרשטענדלעך דעם פאָטערס פּלוצלינגדיקע פראַגע און וואָס צוליב דעם האָט דער פאָטער אים אויפגעוועקט פון שלאָף אינמיטן דער נאַכט. אין זיין מוח האָט זיך דאָס אריינגעפּלאָנטערט אינם גאַנצן בינטל מיסטעריעזע סודות, וואָס האָבן אים לעצטנס צערודערט די נערוון און פאַרטשאַדעט דעם קאָפּ. אַנשטאָט צו ענטפערן אויפן פאָטערס פראַגע האָט ער גאָר זיך געווענדעט צו אים מיט אַ טענה:

# פארלוירענע וועגן

— דו האסט דאך מיר צוגעזאגט, טאטע, אז דו וועסט מיר דערציילן פון וואנען דו קענסט פערלאן נאך פון פריער.

— האב געדולד, מיין זון, איך וועל דיר אלץ דערציילן. אבער פריער ענטפער מיר אויף דעם וואס איך האב דיר געפרעגט.

— ניין, איך האב פון פערלאן נאך גארנישט באקומען, קיין האלב ווארט נישט. איך האב צו איר שוין עטלעכע בריוו געשריבן און א טעלעגראמע געשיקט, אבער זי — גארנישט. קיין האלב ווארט נישט.

— זאג מיר דעם אמת, דזשארזש, ביסטו טאקע אויף אן אמת פארליבט אין פערלאן און זי אין דיר אויך?

— יא, טאטע, מיר האבן זיך ביידע זייער שטארק ליב, מיר האבן זיך צוגעשווארן איינער דעם אנדערן אייביקע ליבע און פאר מיין אוועקפארן האט זי מיר געזאגט, אז קיין שטער אין דער וועלט וועט נישט זיין אומשטאנד ארויסצורייסן פון איר הארץ איר ליבע צו מיר.

— ביסטו זיכער אין דעם?

— אן דעם מינדסטן צווייפל. דערפאר וואנדערט מיר אזוי שטארק פארוואס זי שרייבט צו מיר גארנישט. איך וויים נישט וואס איבערצוקלערן, וואס דארטן האט געקענט געשען.

דער פאטער האט זיך פארטראכט אויף א ווייל און דערנאך געענטפערט שארף, מיט א טאן ווי מ'טראגט ארוים אן אורטייל:

— איך האב געוווסט, אז זי וועט צו דיר נישט שרייבן!

דזשארזש האט געגעבן האסטיק א שפרונג אויף און געפרעגט מיט פארדרוס:

— פארוואס האסטו עס געוווסט, טאטע, אז זי וועט צו מיר נישט שרייבן?

— ווייל אירע עלטערן וועלן איר נישט לאזן.

— פארוואס זאלסטו אזוי טראכטן טאטע?! — האט דזשארזש געפרעגט מיט פארוווּרף — האסט באדארפט זען ווי אירע עלטערן און איר ברודער מיט זיין פרוי זענען געווען צו מיר אזוי פריינדלעך

און ליבלעך. מען האָט זיך יעדעס מאָל אויפגענומען ביי זיי מיט דער גרעסטער וואַרעמקייט.

— עס איז אַלץ אמת, אָבער פערלאַן, זייער טאָכטער, וועלן זיי נישט דערלאָזן, אַז זי זאָל זיך פאַרבינדן מיט דיר, ווייל זי איז אַ יידישע טאָכטער און יידן וועלן קיינמאָל נישט צולאָזן, אַז זייערס אַ קינד זאָל חתונה האָבן מיט אַ נישט־ייד, מיט אַזעלכן וואָס איז נישט פון יידישן פאָלק.

פאַר דזשאָרזשן זענען זיין פאָטערס ווערטער געווען אַ אי שטוינענדיקע איבערראַשונג און גלייכצייטיק — ווי מיט אַ שווערן האַמער איבערן קאָפּ. עטלעכע מינוט צייט האָט דזשאָרזש נישט געקענט קומען צו זיך. ער איז געבליבן אינגאַנצן אַ צעטשמעלעטער און אַ דערשלאָגענער. צו די אַלע אומפאַרשטענדלעכקייטן, וואָס האָבן אים, דזשאָרזשן, געמאַטערט נאָך פון פריער, איז אים צוגעקומען נאָך איינע. ער האָט זיך אַליין געפרעגט: פאַרוואָס האָט פערלאַ אים גאָרנישט געזאָגט וועגן דעם. זי האָט דאָך דאָס יאָ געוווּסט, פאַרוואָס זשע האָט זי אומזיסט געוועקט אין אים אַזוי פיל האָפענונגען?

מיטאַמאָל האָט ער אַ פרעג געגעבן:

— טאַטע, און ווי ווערט זיין, אַז איך זאָל וועלן ווערן אַ ייד, פּונקט ווי זיי?

מיט געמאַכטער רויקייט, כאָטש מיט אַן אינערלעכער נערוועזער צערודערטקייט, האָט דער אַלטער פּעטראָוו געזאָגט דעם זון פאָלגנדיקע ווערטער:

— דו, מיין זון, דאַרפסט נישט ערשט ווערן אַ ייד, ווייל דו ביסט אַ ייד פון געבוירן אָן. אפילו דעם יידישן צייכן אויף דיין לייב האָסטו, גלייך ווי אַלע יידן.

און פּעטראָוו האָט געגעבן דעם זון צו דערקלערן, וואָס דאָס מיינט פאַר יידן.

דזשאָרזש האָט אָנגעשפּיצט אויפן פאָטער אַ פּאָר אויפגעריסענע אויגן. ער האָט נישט געקענט אויפכאַפּן, צי דער פאָטער האָט עס געמיינט ערנסט אָדער אין שפּאַס. און ער האָט געפרעגט:

— וואָס רעדסטו, טאַטע, דו מיינסט דאָס טאַקע אויף אַן אמת? דו האָסט דאָך דאָס קיינמאָל מיר נישט געזאָגט!

# פאַרלוירענע וועגן

— נו, זאָג איך עס דיר איצט. עס איז געקומען די צייט, אַז איך זאָל עס דיר זאָגן און נאָך אַ סך דיר דערציילן, וואָס דו האָסט ביז היינט נישט געוווּסט און וואָס דו דאַרפסט עס וויסן. איך וועל דיר דערציילן אַ גאַנצע געשיכטע, מיין אייגענע געשיכטע. דו זאָלסט נאָר זיצן רויק און אויסהערן מיט געדולד. דערנאָך וועלן דיר אַ סך זאַכן, וואָס ווייזן זיך דיר אויס אויסטערליש און אומפאַרשטענדלעך, וועלן זיי דיר גאַנץ קלאָר און דייטלעך ווערן פאַרשטענדלעך.

דזשאָרזש האָט עפּעס געוואָלט פרעגן, אָבער דער פאָטער האָט אים געגעבן אַ צייכן, אַז ער זאָל שווייגן און דער אַלטער פּעטראָוו האָט אָנגעהויבן:

— אין אַ קליין שטעטל אין פּוילן, יאַנאָווע האָט עס געהייסן, בין איך געבוירן געוואָרן ביי יידישע עלטערן. מען האָט מיך גערופן חיים ליב. מיין פאָטער געדענק איך נישט. ער איז געשטאָרבן ווען איך בין נאָך געווען גאָר אַ קליין קינד. מיין מוטער און איך זענען מיר געבליבן צוזאַמען מיט אירע עלטערן. מיין מאַמעס פאָטער, מיין זיידע, איז געווען דער רב אין שטעטל און ער איז געווען באַרימט, צווישן אַלע יידן אין דער וועלט, אַלס גרויסער גאון. ער האָט פאַרפאַסט אַ סך ספרים אין תלמודישער פאָרשונג און וועגן רעליגיעז־יידישע דינים. אונטער מיין זיידנס השגחה בין איך דערצויגן געוואָרן. דער זיידע איז געווען זייער אַ שטרענגער, אַ בייזער און איך געדענק נישט, אַז כ'זאָל אַמאָל האָבן געזען פון אים אַ שמייכל. מיינע מלמדים, ביי וועמען איך האָב געלערנט, זענען אַלע געווען מיט פאַרזויערטע, פאַרטרויערטע און פאַרדאַגהטע פּנימער, און אַלע זענען זיי געווען שלעכטע, בייזע און ביטערע מענטשן. זיי האָבן געהאַט אַ סאַדיסטישע הנאה, צו פּאַטשן, צו קנייפּן און שמייסן די קינדער, זייערע תלמידים. ביז היינט וועקט זיך אין מיר אַ האַס און אַן עקל, ווען איך דערמאָן זיך וועגן זיי.

פון אַלע מיינע חדר־חברים האָב איך געהאַט איין און איינציקן חבר, וועמען איך האָב זייער ליב געהאַט און ער מיך אויך. דאָס איז געווען דעם מילנערס יינגל. זיין טאַטע האָט געהאַט אַ ווינט־מיל הינטערן שטעטל. ער האָט אויך געהאַט אייגענע פעלדער, גערטנער, קי, פערד, הינער, גענדז, קאַטשקעס און טויבן־שלאַקן. איך האָב זייער ליב געהאַט אין דער פרייער צייט צו פאַרברענגען מיט מיין

## מאיר קאַראַנאַ

חבר אויף זייערע פעלדער, גערטנער און צווישן די עופות. מיין חברס טאטע־מאַמע זענען געווען פריילעכע מענטשן, זיי פלעגן אָפט זינגען רוסישע, העברעיש און יידישע לידער. ווען כ׳האָב זיך נאָר געקענט באַפרייען פון מיין זיידנס אומעטיקער און שווער־ערנסטער שטוב בין איך אנטלויפן צו מיין חברס שטוב, וווּ ס׳איז שטענדיק פול געווען מיט הומאָר, געזאַנג און פריילעכקייט. אָבער איך האָב געהאַט זייער ווייניק פרייע צייט, וואָרן מיינע מלמדים האָבן מיר נישט געלאָזט אָפּאָטעמען, זיי האָבן מיר נאָר געהייסן זיצן און לערנען. מיין מאַמע און מיין שטענדיק־קראַנקע באָבע, פלעגן זיך בעטן, אַז מען זאָל מיך אַזוי פול נישט מוטשן מיט לערנען, אַז מ׳זאָל חלילה נישט מאַכן פון מיר אַזוי ווי פון מיין טאַטן, וועלכער האָט גענומען שפּייען מיט בלוט און איז יונגערהייט געשטאָרבן. אָבער מיין זיידע פלעגט זיך צעכעסן און צעבייזערן, ווען ער האָט געהערט פון זיי אַזעלכע ווערטער. ער האָט געשריגן, אַז ווייבער דאַרפן זיך נישט מישן אין אַזעלכע זאַכן.

איינמאָל זענען צו מיין חבר געקומען צופאָרן געסט: זיינער אַ פעטער מיט אַ קליין מיידעלע זענען געקומען פון שטעטל וואָלאָמין, ביי וואַרשע. איך בין שוין דאַמאָלסט אַלט געווען דרייצן יאָר. ווען איך האָב דערזען אָט די קליינע, מיין חברס קוזינע, בין איך פאַרציטערט געוואָרן. אַזוי שיין איז זי געווען. זי האָט דאַמאָלסט געמוזט אַלט זיין אינגאַנצן אַ יאָר ניין אָדער צען. צוליב איר האָב איך שוין דאַמאָלסט אָפט איבערגעלאָזט מיין לערנען און אונטער פאַרשידענע תירוצים בין איך געוואָרן אַן אָפטער גאַסט ביי מיין חבר אין שטוב. אָט די קליינע, מיט די ראָזעווע בעקלעך, מיט די ליכטיקע, בלויע אויגן און מיט איר קלינגענדיק־פאַרשייט געלעכטערל, האָט מיך געצויגן צו זיך ווי מיט אַ כישוף־קראַפט. איך בין געווען בטבע אַ שעמעוודיקער. פלעגט אָט די קליינע חוזק מאַכן און אָפּלאַכן פון מיין שעמעוודיקייט. איז ווי אויף צולהכעיס, וואָס מער זי האָט פון מיר אָפּגעלאַכט אַלץ ליבער האָב איך זי געקריגן און איך פלעג שוין וואַרטן מיט אומגעדולד אויף דער מינוט זי צו זען.

איך דערמאָן זיך אַזאַ עפּיזאָד:

איינמאָל אין אַ שבתדיקן נאָכמיטאָג בין איך געגאַנגען צו מיין חבר, ישראלקע דעם מילנערס. אויפן פעלד, אין וועג צו דעם שטוב,

# פ אַ ר ל ו י ר ע נ ע  ו ו ע ג ן

האָב איך געטראָפֿן ברכהן, אַזוי האָט די קליינע געהייסן, ווי זי האָט גערעדט צו די גענדז און די גענדז האָבן געגאָדערט צו איר. אַז איך האָב זי דערזען האָב איך זיך שטאַרק פאַררויטיקט, כ'האָב איר געוואָלט עפּעס זאָגן און נישט געוווסט וואָס. מיטאַמאָל האָט זי מיר אַ פרעג געגעבן:

— חיים לייב, דו פאַרשטייסט וואָס גענדז רעדן?

— ניין — האָב איך געענטפערט קינדעריש נאַאיוו — פון וואַנען זאָל איך פאַרשטיין די שפּראַך פון עופות, נאָר שלמה המלך האָט געקענט די שפּראַכן פון אַלע חיות, בהמות און עופות.

— און איך — האָט ברכה געזאָגט מיט שטאָלץ — פאַרשטיי יאָ אַלצדינג וואָס גענדז רעדן און זיי פאַרשטיין אויך וואָס איך רעד צו זיי.

— טאַקע? — האָב איך זיך פאַרוווּנדערט — און וואָס האָסטו איצט גערעדט מיט זיי?

— איך האָב זיי געפרעגט, צי דו האָסט מיך ליב?

איך האָב זיך פאַרשעמט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן. פונדעסט־וועגן האָב איך פאַרשעמטערהייט געפרעגט:.

— און וואָס האָבן דיר די גענדז געזאָגט?

— „יאָ", האָבן זיי געזאָגט. אָבער ס'איז אַ ליגנט. די גענדז האָבן נישט געזאָגט דעם אמת. דו האָסט מיך נישט ליב.

— עס איז אמת, ברכהלע. איך האָב דיך יאָ ליב.

ברכה'ס שיינע בלויע אויגן האָבן אויפגעלויכטן, זי איז צוגעקומען אַזוי נאָענט צו מיר, אַזש איר הייסער אָטעם האָט געבריט מיין פּנים.

— אויף אַ רעכט צו אַן אמת, חיים לייב? האָסט מיך טאַקע ליב? ניין, ס'איז נישט ריכטיק.

— איך קען דיר שווערן, ברכהלע.

— גיב זשע מיר אַ סימן, אַז דו האָסט מיך ליב.

— וואָס פאַר אַ סימן, ווילסטו, זאָל איך דיר געבן?

— גיב מיר אַ קוש.

איך בין צעטומלט געוואָרן. אויף אַזאַ פאַרשייטקייט פון דער

קליינער האָב איך זיך נישט געריכט. פונדעסטוועגן האָב איך זיך אַרומגעקוקט צי קיינער זעט נישט, כ׳האָב אָנגענומען איר האַנט און געגעבן אַ קוש.

— ניין, נישט אַזוי, חיים ליב — האָט זי געמאַכט אַ ברוגזע מינע — אַז מ׳האָט ליב קושט מען אָט אַ דאָ. און זי האָט אָנגעוויזן אויף אירע ליפּן.

איך האָב זיך אָנגעשטעקט פון איר דרייסטקייט, האָב איך זי אַרומגענומען און געגעבן אַ קוש אַהין, ווו זי האָט געוואָלט. דערפאַר האָט זי מיר אָפּגעצאָלט מיט פּראָצענט.

ביי ברכהן האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן פון גליק און פרייד. און איך בין געבליבן אַזוי פאַרשולדיקט און פאַרשעמט פאַר זיך אַליין, אַז איך בין פאַר חרפּה אַנטלאָפן צוריק אַהיים. איך בין שוין נישט געגאַנגען צו מיין חבר, כ׳האָב מורא געהאַט, אַז מען וועט דערקענען אויף מיין פּנים וואָס איך האָב אָפּגעטאָן...

אַנטלויפנדיק האָב איך געהערט הינטער מיר ברכהס קלינגענדיקן געלעכטער, פון וועלכן איך האָב זיך נאָכמער פאַרשעמט ווי פון קוש. איך האָב מורא געהאַט זיך אומצוקוקן. איך האָב געהאַלטן אין איין לויפן. שוין פון וויטנס האָב איך געהערט ווי ברכה האָט מיר נאָכגעשריגן:

— חיים ליב, דו פאַרשטייסט וואָס געגנדז רעדן?

אין לויף פון יענעם זומער האָט ברכה מיר שוין אויסגעלערנט נישט צו שעמען זיך.

נאָך ברכהס אוועקפאָרן בין איך געבליבן ווי אַ פאַריתומטער, ווי אַ קינד וועמען מ׳האָט איבערגעלאָזט אַליין אין מיטן פעלד. איך בין אַרומגעגאַנגען גאַנצע טעג פאַרמרהשחורהט און איך האָב זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען. דאָס לערנען מיינס איז מיר שוין נישט געקראָכן אין קאָפּ אַריין און איך האָב נישט געוווסט וואָס מ׳רעדט צו מיר.

אין יענער צייט איז געקומען צו מיין זיידן זיינער אַ יונגט־חבר פון דער שטאָט נאָווימינסק, ר׳ מרדכי האָט ער געהייסן. אָט דער ר׳ מרדכי מיט מיין זיידן האָבן אַמאָל, נאָך בחור־וועיז, געלערנט

# פאַרלוירענע וועגן

צוזאמען אין איין ישיבה. איז דער ר' מרדכי געוואָרן מיין מלמד און מיין דערציער.

פון זינט איך האָב אָנגעהויבן צו לערנען ביי ר' מרדכין איז א גאַנצע ענדערונג פאָרקומען אין מיין לעבן. ר' מרדכי האָט זיך באַצויגן צו מיר מיט פאָטערלעכער ליבשאַפט און ער האָט געמאכט פאַר מיר דאָס לערנען, נישט ווי א שווערע לאַסט, ווי אַן אָפּקומעניש, נייערט ער האָט פאַר מיר באַליבט געמאכט דאָס לערנען. ער האָט מיר יעדע זאַך געגעבן צו פאַרשטיין על פי שכל. ער האָט מיט מיר געלערנט אויסער תלמוד, אויך תנ"ך און די העברעישע שפּראַך. ער האָט מיר באַקאַנט געמאכט מיט די אַלטע יידישע לעגענדעס און מעשה'ס וואָס געפינען זיך אין פאַרשידענע יידישע ספרים. ער, ר' מרדכי, האָט מיר געעפנט די אויגן צו קוקן אַנדערש אויפן לעבן און אויף דער וועלט. ער פלעגט מיך אָפט אַרויסנעמען שפּאַצירן אויף די פעלדער וואָס אַרום שטעטל און ער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין ווי שיין די נאַטור איז אין אַלע צייטן פון יאָר און א מענטש מוז געניסן פון דער נאַטור־שיינקייט, און בכלל מוז יעדער מענטש, אויב ער איז נאָר א מענטש, קענען אויפנעמען און באַגרייפן דעם ווונדערלעכן כוח פון שיינקייט, פון אַלץ וואָס איז שיין.

מיין רבי האָט מיר אויך אויפגעקלערט א סך זאַכן פון וועלכע כ'האָב פריער אפילו קיין אַנונג נישט געהאַט. ער האָט מיט מיר געלערנט די געשיכטע פון יידישן פאָלק און ער האָט מיר דערציילט ווי אַזוי עס לעבן יידן אין פאַרשידענע לענדער אויף דער וועלט, ווי אַזוי עס פירן זיך אַנדערע פעלקער און מלוכות פון אַלע לענדער. ער האָט מיר אויך אויפגעוויזן, אַז א ייד מוז קענען נישט נאָר זיין אייגענע שפּראַך, נאָר אויך די שפּראַכן פון אַנדערע פעלקער. מיין רבי, ר' מרדכי, האָט מיר אויך דערציילט, אַז עס איז פאַראַן א באַוועגונג וואָס שטרעבט אויסצובויען ארץ ישראל פון גויישקע הענט, דאָרט אויפצושטעלן א באַנייטע יידישע מלוכה, אַזוי ווי אַמאָל, און יידן זאָלן ווידעראַמאָל ווערן א פאָלק גלייך ווי אַלע פעלקער אויף דער וועלט. נאָך און נאָך א סך וויכטיקע זאַכן האָט מיין רבי מיר דאַמאָלסט אויפגעקלערט, געגעבן צו פאַרשטיין און אין מיר אַריינגעקנעלט.

מיין רבי האָט אין מיר אַריינגעבלאָזן א נייעם רוח חיים. מיין

## מאיר קאָראַנאַ

דערדריקטן געמיטצושטאַנד, וואָס האָט שטענדיק פריער געהערשט איבער מיר, האָט מײַן רבי ר׳ מרדכי פון מיר אַראָפּגענומען.

איך בין אַ נײַער מענטש געוואָרן. איך האָב גאָר אויפגעלעבט. איך בין געוואָרן מוטיקער, פרײַער, מונטערער און פריילעכער.

איין יאָר האָט ר׳ מרדכי געלערנט מיט מיר אין יאַנאָווע. ער האָט געמוזט צוריק אַהיימפאָרן קיין נאָווימינסק. ווײַל ער איז אויפגענומען געוואָרן אַלס ראש הישיבה אין דער דאָרטיקער ישיבה, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער השגחה פונם דאָרטיקן חסידישן רבין.

ר׳ מרדכי האָט דאַמאָלסט פאַרגעשלאָגן מײַן זיידן, אַז ער זאָל מיך לאָזן פאָרן אין דער נאָווימינסקער ישיבה, ר׳ מרדכי האָט צוגעזאָגט צו האַלטן מיך אונטער זײַן השגחה און ער וועט מיך אָפּהיטן ווי אַן אייגן קינד. נאָך לאַנגער שפּאַרעניש און דינגעניש האָבן ענדלעך, מײַן זיידע און מײַן מאַמע, מסכים געווען. און איך בין אַוועק לערנען אין דער נאָווימינסקער ישיבה.

איינמאָל אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט. אַרויסגייענדיק פון ישיבה־הויף. האָב איך דערהערט ווי מ׳שרײַט אַרויס פון אַ פענצטער:

— חיים ליב, חיים ליב, דו פאַרשטייטס וואָס גענדז רעדן?

איך האָב זיך אַרומגעקוקט און דערזען ברכהן. אָט די זעלביקע ברכה וואָס איז געווען מיט אַנדערהאַלבן יאָר צוריק אין יאַנאָווע. זי האָט מיך אַרויפגערופן צו אירע עלטערן אין שטוב אַרײַן, וואָס איז געווען פונקט קעגנאיבער דעם ישיבה־הויף. ברכה האָט מיר דערציילט אַז שוין באַלד אַ יאָר ווי אירע עלטערן האָבן זיך איבערגעצויגן פון וואָלאָמין קיין נאָווימינסק און איר פאָטער האָט דאָ געעפנט אַ בעקערײַ.

אין לויף פון די אַנדערהאַלבן יאָר איז ברכה העכער און שענער געוואָרן. ביידע האָבן מיר שטאַרק, זייער שטאַרק, זיך דערפרייט מיט אונדזער ווידער צוזאַמענטרעפן זיך. ברכה איז שוין דאַמאָלסט געגאַנגען אין אַ פּוילישער גימנאַזיע, באַזונדער האָט זי געלערנט שפּראַכן ביי פּריוואַטע לערערס און זי האָט אויך געלערנט שפּילן פּיאַנאָ. זי האָט זיך שוין געהאַלטן פאַר אַ גאַנצער מאָדערנער פרײַלין און אַלס באַווייז פון דעם, האָט זי די ערשטע מיך אַרומגעכאַפּט און מיר האָבן זיך צעקושט. און ברכה האָט אויסגעשריגן:

# פארלוירענע וועגן

— נו חיים לייב, דו פארשטייסט שוין וואס גענדז רעדן? אבער פון היינט אן וועסטו שוין פון מיינע הענט זיך נישט ארויסגליטשן.

איך האב אנגעהויבן אריינצוקומען זייער אפט צו ברכהן אין שטוב אריין און צווישן אונדז האט זיך פארקנופט און פארבונדן אן אמתע און הערלעך־פלאמיקע ליבע.

פון איין זייט — די דערמוטיקונג פון מיין רבין ר׳ מרדכי, וועלכער איז צו מיר געווען ווי א טאטע, און ער האט מיר צוגערעדט צו דעם. פון דער צווייטער זייט — ברכהס פארלאנג, וואס איז פאר מיר געווען ווי א קעניגלעכער באפעל, האב איך אין נאווימינסס אנגעהויבן צו לערנען ביי פריוואטע לערערס די שפראכן, רוסיש און דייטש. פארשטענדלעך, אז אלץ איז געווען אין שטרענגער געהיים, אז מ׳זאל זיך דערפון נישט דערוויסן אין דער ישיבה.

דערנאך איז געקומען א פארלאנג פון ברכהן, אז איך זאל זיך נעמען צוגרייטן צו אן עקזאמען, אלס עקסטערן, צו פיר קלאסן אין דער רוסישער גימנאזיע.

איך האב זיך באראטן מיט מיין רבין און ער האט מיר אויך צו דעם צוגערעדט. ער האט מיר אויפגעוויזן, אז אלע אונדזערע אמאליקע חכמים און גדולי התורה זענען געווען אויך געלערנט אין וועלטלעכער וויסנשאפט און באזונדער, האט מיין רבי מיר געגעבן צו פארשטיין, דארף יעדער מענטש האבן א פראפעסיע אין האנט, אויב נישט א פראסטע מלאכה איז אן אינטעליגענטע פראפעסיע, וועלכע מ׳קען דערגרייכן דורך בילדונג.

איך האב זיך ערנסט גענומען צום דאזיקן ענין און, אין א בערך קורצער צייט, האב איך געמאכט אן אויסערגעוויינלעכן פראגרעס אין מיין לערנען, צו דער באוואונדערונג פון מיינע לערערס, צו דער גרויסער פרייד פון מיין געליבטער ברכה און צו דער צופרידנקייט פון מיין רבין ר׳ מרדכי.

דעם עקזאמען בין איך דורך גלענצנדיק. מיט אן עקסטרער אויסצייכענונג.

איך בין אהיימגעפארן קיין יאנאווע אויף יום טוב. דארטן האב איך געזאגט מיין זיידן, דעם רב, אז אין נאווימינסק רעדט מען מיר

א שידוך מיט אַ מיידל, און דאָס מיידל געפעלט מיר. ווי מיין זיידע האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך אָנגעצונדן מיט א ווילדן כעס, ער האָט מיר דערלאַנגט צוויי פייערדיקע פעטש און גענומען מיר זידלען פאַר מיין חוצפה. ערשטנס, האָט מיין זיידע געשריגן, טאָר א בחור נישט רעדן זיך אַליין א שידוך, דאָס פּאַסט נישט פאַר יידן. און צווייטנס, האָט מיין זיידן פאַרדראָסן, פאַרוואָס איך וויל חתונה האָבן מיט א בעקערס אַ טאָכטער, וואָס עס פּאַסט נישט פאַרן רבינישן יחוס זיינעם. עס האָט נישט געהאָלפן דאָס בעטן זיך פון מיין גוטער מאַמען, אַז איך בין אַ יתום, ווען מ׳טאָר נישט שטערן אין קיין שידוך. מיין זיידע האָט פון גאָרנישט נישט געוואָלט וויסן. ער איז נאָך געוואָרן אין כעס אויף מיין מאַמען, פאַרוואָס זי גיט מיר צו גערעכט.

איך בין אוועק פון דער היים אַ ברוגזער און אַן אויפגערעגטער. איך בין געקומען צוריק אין נאָוואָמינסק. דאָ איז ברכהן איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז איך זאָל זיך פרייוויליק צושטעלן צום רוסישן מיליטער. ברכה האָט דערביי געהאַט אין זינען עטלעכע טובות, וואָס מיר וועט דערפון ארויסקומען, ערשטנס, אזעלכער וואָס האָט געענדיקט אין רוסלאַנד פיר קלאַסן גימנאַזיע און ער האָט זיך פרייוויליק אָנגעגעבן אין מיליטער, האָט נישט באַדאַרפט דינען מער ווי איין יאָר און ער האָט געהאַט באַזונדערע פּריווילעגיעס, ער האָט נישט באַדאַרפט טאָן פּראָסטע מיליטערישע ארבעט, נאָר ער איז אריין ארבעטן אין אַן אָפּיס אַלס שרייבער אָדער סעקרעטאַר.

צווייטנס, האָט ברכה אויסגערעכנט, אַז זייענדיק אין מיליטער אַלס פרייוויליקער וועל איך האָבן אַ מעגלעכקייט וויטער פאָרצוזעצן מיין לערנען. דריטנס, וועט מיר אַזוי אַרום זיין לייכטער אַנצוקומען אין אוניווערסיטעט, וואָס איז פאַר יידן אין רוסלאַנד שווער געווען, און אַז איך וועל ענדיקן אויף דאָקטאָר מעדיצין, האָט ברכה געמאַכט איר פּלאַן, וועלן מיר חתונה האָבן און לעבן גליקלעך.

יאָ, איר אויסרעכענונג איז געווען אַ גוטע, אָבער עס האָט זיך אויסגעלאָזט גאָר אַנדערש.

דזשאָרזש, וואָס האָט מיט אינטערעס אויסגעהערט אַלץ וואָס דער פאָטער האָט דערציילט, האָט אַ פרעג געטאָן:

## פאַרלוירענע וועגן

— פאַר וואָס זשע האָט זיך אויסגעלאָזט אַנדערש?

— דאָס וועל איך דיר שפּעטער דערציילן. אָבער זאָג מיר נאָר, דזשאָרזש, צי ווייסטו ווער די ברכה איז געווען? צי שטויסטו זיך נאָך אַליין נישט אָן אַליין, ווער דאָס איז געווען?

— ווער? פון וואַנען זאָל איך וויסן ווער? עס איז דאָך געווען מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק, נאָך איידער איך בין געבוירן געוואָרן.

— איי גוישקער קאָפּ! (די ווערטער האָט פּעטראָוו געזאָגט אין יידיש).

און פּעטראָוו האָט געמאַכט אַן אומצופרידענע מינע, קוקנדיק מיט באַדויערן אויף זיין זון. ער האָט אַרויסגענומען אַ פאָטאָגראַפיע, דערלאַנגט דעם זון און געזאָגט:

— אָט דאָס איז זי!

— וואָס רעדסטו, טאַטע?! — האָט דזשאָרזש אָנגעקוקט דעם פאָטער מיט שטוינונג און געמיינט, אַז דער פאָטער מאַכט אַ שפּאַס.
— דאָס איז דאָך פּערלאַ!

— ניין, דזשאָרזש, — האָט פּעטראָוו אַרויסגערעדט שטיל און מיט אַ קרעכץ — דאָס איז נישט פּערלאַ. דאָס איז פּערלאַס מאַמע, ווען זי איז נאָך געווען אין פּערלאַס יאָרן, אָדער אפשר נאָך יינגער.

דאָ האָט דזשאָרזש אַרויסגעלאָזט אַ ווילדן געשריי:

— אָ, איצט פאַרשטיי איך שוין!

— וואָס פאַרשטייסטו?

— איך האָב דיר ביז איצט נאָך נישט דערציילט. איינמאָל, ווען איך האָב געוויזן פּערלאַס מאַמען דיינע פאָטאָגראַפיעס און זי האָט געזען דיין בילד, ווי דו שטייסט אין מיליטערישן אוניפאָרם, אַלס מיליטער־דאָקטאָר אין רוסלאַנד, איז זי געוואָרן ווייס ווי קאַלך, איר גאַנצער קערפּער האָט גענומען קאָנוואָלסיוו ציטערן און עס איז איר געקומען טרערן אין די אויגן. איך האָב געמיינט, אַז זי וועט אָוועקפאַלן און חלשן. זי האָט מיר געפרעגט פון וואַנען דו שטאַמסט. האָב איך איר געזאָגט, אַז דו ביסט געבוירן געוואָרן אין רוסלאַנד. איך האָב טאַקע שטענדיק אַזוי געמיינט. דערנאָך האָט זי, בערטאַ,

פּערלאָס מוטער, עפּעס געבאַלבאָטשעט אין דער יידישער שפּראַך, וואָס איך האָב נישט פאַרשטאַנען.

— אוי, אָרעמע ברכה, — האָט פּעטראָוו אַ שווערן זיפץ געטאָן — זי האָט מיך נאָך אַלץ נישט פאַרגעסן.

פּעטראָוו האָט פאַרמאַכט די אויגן און ער האָט זיך פאַרזונקען אין בילדער פון דער אַלטער פאַרגאַנגענהייט. מיטאַמאָל האָט ער זיך אויפגעכאַפּט ווי פון שלאָף, און ער האָט אַ פרעג געגעבן:

— און ווי זעט זי אויס היינט?

— זי איז ווי צוויי טראָפּן וואַסער ענלעך צו פּערלאָן. זי איז אויך ווי פּערלאַ זייער אַ שיינע, זי איז נאָר אַ ביסל דיקער און עלטער. אָבער זאָג מיר, טאַטע, פאַרוואָס זשע שטייט אין אַלע דיינע דאָקומענטן, אַז דו ביסט געבוירן געוואָרן אין רוסלאַנד, ביי קריסטלעכע עלטערן, און אַז אונדזער פאַמיליע איז אַ קריסטלעכע?

פּעטראָוו האָט, מיט אַ שאַרפן דורכדרינגענדיקן בליק, אַנגעקוקט דזשאָרזשן און געזאָגט:

— האָב געדולד. איך וועל דיר אַלץ דערציילן. דו ביסט שוין אַ גרויסער און ס׳איז שוין צייט, אַז דו זאָלסט אַלץ וויסן, דעם גאַנצן אמת.

און דער אַלטער פּעטראָוו האָט גענומען ווייטער דערציילן זיין געשיכטע:

— איך האָב געפאָלגט ברכהס עצה, כאָטש מיין קלוגער רבי איז געווען שטאַרק דערקעגן. כ׳האָב פרייוויליק זיך צוגעשטעלט צום מיליטער. מ׳האָט מיך אָנגענומען און מ׳האָט מיך אוועקגעשיקט דינען אין אַ ווייטער רוסישער שטאָט, טולאַ. די אַלע מעשה׳ס, וואָס מ׳האָט מיר איינגערעדט, אַז אַ פרייוויליקער און אַ פּירקלאַסנער נאָך דערצו, איז פּריווילעגירט און ער וועט נישט גענומען צו מיליטערישע איבונגען, — אָט די אַלע מעשה׳ס האָבן זיך נישט אָנגעהויבן און נישט אויסגעלאָזט. פּונקט ווי יעדן פּראָסטן סאָלדאַט האָט מען מיך געמוטשעט, פון פאַרטאָג אָן, מיט מיליטערישע איבונגען און מיט אַלע שווארצע קאַזאַרמע־אַרבעטן. איך האָב געמוזט עסן פון אַלגעמיינעם סאָלדאַטסקן קעסל, אַן עסן וואָס האָט מיר גענודעט צום

## פאַרלוירענע וועגן

ברעכן און כ׳האָב געמוזט שלאָפן אין דער שמוציקער און פאַרשטונ־קענער קאַזאַרמע, פּונקט ווי אַלע סאָלדאַטן. איך האָב געמוזט זיין אונטערגעוואָרפן דער שטרענגער, בעסטיאַלישער, קאַזאַרמע־דיסציפּלין און ווילדן אַבסורדאַלן דעספּאָטיזם, פּונקט ווי אַלע סאָלדאַטן. איבער מיר האָט מען אוועקגעשטעלט אַ „דיאַדקאַ" — עלצטן, אַ כאַכאָל, וואָס האָט אַפילו נישט געקענט רעדן רוסיש קאָרעקט, און שרייבן — אַפילו קיין אות נישט. אים האָב איך געמוזט באַדינען, פּוצן די שטיוול און טאָן אַלערליי שווערע און שמוציקע אַרבעט פאַר אים. און ער, דער „דיאַדקאַ" מיינער, פלעגט זיך זייער אָפט באַניצן מיט פּעטש און מיט טרוקענע קלעפּ, פאַר יעדער קלייניקייט וואָס איז אים נישט געווען געפעלן.

דאָס אַלצדינג האָט מיר פאַרביטערט מיין לעבן און כ׳האָב זיך פאַרשאָלטן, פאַרוואָס איך האָב זיך געלאָזט פאַרפירן פון ברכהן און כ׳האָב געפאָלגט איר נאַרישע עצה. איך בין דאַמאָלסט געווען שרעקלעך אין כעס אויף איר. מיר איז אַפילו דאַמאָלסט געקומען אויפן געדאַנק, אַז זי האָט עס מיר ספּעציעל אונטערגעפירט אַזוי, כדי פון מיר פּטור צו ווערן, ווייל זי האָט מסתמא געקריגן אַ צווייטן געליבטן און זי האָט נישט געוואָלט, אַז איך זאָל איר זיין אַ שטערונג אין וועג. און אַז מ׳טראַכט שוין פון אַזעלכע זאַכן, הייבט זיך שוין אָן אויסצודאַכטן, אַז מ׳האָט נאָך פריער באַמערקט קלאָרע באַווייזן, וואָס קענען דאָס באַשטעטיקן. מיין כעס אויף ברכהן איז געווען אַזוי גרויס, אַז כ׳האָב צו איר מער קיין בריוו נישט געוואָלט שרייבן.

אין מיין פאַרביטערונג און פאַרצאָרנטקייט זענען מיר געקומען אָפט אויפן געדאַנק מיינע בייזע מלמדים, די רשעים, וועלכע פלעגן פּייניקן זייער תלמידים מיט סאַדיסטישער הנאה. איך פלעג פאַר זיך זען מיין שטרענגן זיידן, דעם דעספּאָט און עגאָאיסט, וועלכער וואָלט, צוליב זיין כבוד־גייציקייט, מקריב געווען אַלע מענטשן פון דער וועלט. קיין זאַך און קיין מענטש האָט פאַר אים נישט עקזיסטירט ווען ער האָט געוואָלט דערגרייכן זיינע אַמביציעס. אין מיין דערדריקטקייט האָב איך אַפילו פאַרדאַמט מיין אייגענער גוטער מאַמען. איך האָב זי באַטראַכט ווי אַ צעקראָכענע אידענע, וועלכע האָט קיין מוט נישט אַרויסצוווייזן איר אייגענעם ווילן און שטעלן זיך

אנטקעגן דעם זיידנס דעספאָטיזם. אפילו אויף זיך אַליין האָב איך געקוקט מיט האַס, פאַר מיין נישטיקייט און צעקראָכנקייט, צו לאָזן זיך איבעררעדן פון אַ נאַריש מיידל. די גאַנצע שולד האָב איך דאַמאָלסט געוואָרפן אויף דער כאָאָטישער און צוועקלאָזער יידישער דערציונג וואָס איך האָב באַקומען. אַזוי איז שוין די טבע פון מענטש, ער וויל קיינמאָל נישט נעמען אויף זיך די שולד פון זיינע אייגענע פעלערן. עס איז אים שטענדיק באַקוועמער צו וואַרפן די שולד אויף אַנדערע. אַלע זענען שולדיק, נאָר ער אַליין נישט.

אָבער מיין שווער און אומדערטרעגלעך לעבן אין קאַזאַרמע, האָט אָנגעהאַלטן נישט מער ווי פיר וואָכן. נאָך פיר וואָכן בין איך גערופן געוואָרן אין אָפיס פון גענעראַל, סעמיאָן אַנדרייעוויטש פעטראָוו. באַלד פון דער ערשטער מינוט, ווי איך האָב זיך פאַר אים געשטעלט, איז זיין באַציונג צו מיר נישט געווען ווי פון אַ גענעראַל צו אַ סאָלדאַט. ער האָט מיר דערלאַנגט אַ האַנט, וועלכע איך האָב אין ערשטן מאָמענט מורא געהאַט אָנצונעמען, און ער האָט מיר געבעטן זיצן. ער האָט באַמערקט מיין צעטראָגנקייט, האָט ער דעריבער זיך באַמיט אַרויסצוווייזן מיר גענוג העפלעכקייט און ער האָט גענומען פאַרפירן מיט מיר אַ שמועס אויף אַ פריינדלעכן אופן. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגן מיינע עלטערן, וועגן מיין לעבן ביז איך בין געקומען אין מיליטער און פאַרוואָס איך האָב אַליין פרייוויליק זיך אָנגעגעבן אין מיליטער־דינסט. איך האָב אים אַלצדינג דערציילט, דעם גאַנצן אמת, און איך האָב אים אויך דערציילט וועגן דעם שווערן קאַזאַרמע־לעבן וואָס איך טראָג איבער. דער גענעראַל האָט געבעטן, איך זאָל אַנטשולדיקן פאַר מיין פּלאָגן זיך אין קאַזאַרמע פיר וואָכן צייט. ער ווייסט, האָט ער געזאָגט, אַז פאַר אַזאַ אינטעליגענטן מענטש, ווי איך בין, איז נישט צוגעפּאַסט דאָס קאַזאַרמע־לעבן פון פּראָסטע סאָלדאַטן. אָבער אַזוי איז דער רעגלאַמענט און אַזוי פאָדערט די מיליטערישע דיסציפּלין, אַז יעדער פרייוויליקער, פון וועלכן ראַנג בילדונג ער זאָל נישט זיין, מוז די ערשטע פיר וואָכן דורכגיין דאָס לעבן פון אַ פּראָסטן סאָלדאַט. דערביי האָט ער מיר צוווויסן געגעבן, אַז ער האָט שוין פאַראָרדנט, אַז פון מאָרגן אָן, זאָל איך אַרבעטן, אַלס סעקרעטאַר, ביי אים אין אָפיס, אַז איך זאָל עסן אין דער אָפיצירן־קיך און שלאָפן אין דער אָפיצירן־אָפּטיילונג.

## פאַרלוירענע וועגן

ביי מיין ארבעט, אין גענעראַלס אָפּיס, האָב איך ארויסגעוויזן, צו דער באַוואונדערונג פון אַלע, א סך פעיקייט און געשיקטקייט, דערהויפּט איז געפעלן געווען ווי אזוי איך האָב איינגעאָרדנט דעם מיליטערישן ארכיוו אין אָפּיס פון גענעראַל פּעטראָוו.

איינמאָל, א פארנאַכט, ווען איך בין געווען אַליין אין אָפּיס, איז דער גענעראַל פּעטראָוו אריינגעקומען. באַלד ווי ער איז אריין האָט ער מיר געזאָגט, אז מ'לויבט שטאַרק מיין טיכטיקע און ניצלעכע ארבעט אינם אָפּיס. ער זעט אין מיר, האָט ער געזאָגט, א מענטש מיט גרויסע פעיקייטן, וועמען עס שטייט פאַר א גרויסע און רייכע מיליטערישע צוקונפט. אָבער, האָט ער צוגעגעבן, עס איז געווענדט אין מיר אַליין. איך דאַרף נאָר וועלן. ווען איך האָב אים געזאָגט, אז מיין העכסטע שטרעבונג איז צו ווערן דאָקטאָר־מעדיצין, האָט ער מיר געענטפערט מיט א ספּעציעלער באַטאָנונג:

— אַפילו אויף דעם געביט קענסטו א סך דערגרייכן און הויך שטייגן, נאָר אין מיליטער. אָבער נאָר אויב דו וועסט וועלן. עס איז אַלץ געווענדט אין דיר אַליין.

אַזעלכע שמועסן האָבן זיך איבערגעחזרט עטלעכע מאָל און שטענדיק האָט גענעראַל פּעטראָוו שטאַרק באַטאָנט די ווערטער: „אויב נאָר דו וועסט וועלן. עס איז אַלץ געווענדט אין דיר אַליין".

איך האָב זיך גוט אריינגענומען די דאָזיקע ווערטער אין קאָפּ אריין. אָבער איך האָב נישט געקענט פארשטיין וואָס ער מיינט דערמיט צו זאָגן. ס'טייטש, האָב איך זיך געטראַכט, פארוואָס זאָל איך דען נישט וועלן! דאָס איז דאָך געווען מיין ציל, צוליב וועלכן איך האָב פרייוויליק זיך צוגעשטעלט צום מיליטער! איך האָב עטלעכע מאָל געוואָלט פרעגן דעם גענעראַל, וואָס ער מיינט מיט זיינע ווערטער צו זאָגן. אָבער איך האָב נישט געוואַגט.

ביז איינמאָל, נאָך אַזא שמועס מיט גענעראַל פּעטראָוו, האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און אים געפרעגט, וואָס ער מיינט מיט די ווערטער „אויב דו וועסט נאָר וועלן", פארוואָס זאָל איך דען נישט וועלן!

און דאָ איז דער גענעראַל ארויס מיט אָפענע דיבורים:

# מאיר קאַראַנאַ

— חיים לייב גערשענאָוויטש גאָרדאָן, איך זע אַז דו באַזיצט גענגיאַלע פעיקייטן, דו ביסט אומשטאַנד אַ סך צו דערגרייכן אין דיין לעבן. אָבער פאַרשטיי, ביי אונדז אין רוסלאַנד איז די לאַגע אַזעלכע, אַז אַלס ייד קענסטו געזעצלעך נישט דערהייבן זיך צו גאָרנישט. איז פאַר דיר געבליבן נאָר איין וועג: דו דאַרפסט בלויז אַריבער צום קריסטלעכן פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן, דאַמאָלסט שטייען פאַר דיר אָפן אַלע טויערן און דו קענסט שטייגן אויפן לייטער פון דיין קאַריערע, אַלץ העכער און העכער.

דערהערנדיק דעם גענעראַלס פאַרלאַנג בין איך געבליבן פאַרשטמעליעט, דערשראָקן און פאַרציטערט. בלויז דער געדאַנק אַליין „שמדן זיך" האָט מיך אויפגעשוידערט. איך בין אַריין אין אַ שרעקלעכער פאַרלעגנהייט: באַלד אָפּזאָגן אים, דעם גענעראַל, האָב איך מורא געהאַט און כ'האָב נישט געוואַגט. ווידער וועגן צושטימען, האָב איך אויפגעציטערט אפילו צו טראַכטן. האָב איך געענטפערט, אַז איך וועל זיך דורכטראַכטן און זיך מישב זיין. דערנאָך וועל איך אים געבן אַ קלאָרן ענטפער.

נאָך דעם דאָזיקן שמועס מיטן גענעראַל, האָב איך נישט געקענט שלאָפן אין די נעכט און אין די טעג האָט מיך געמאַטערט און געפייניקט דער געדאַנק: „וואָס ענטפערט מען"? כאָטש איך בין שוין דאַמאָלסט געווען זייער ווייט פון פרומקייט און רעליגיע בכלל האָט מיר שוין וויניק וואָס אינטערעסירט, אָבער פאַרן טייוולאַנישן געדאַנק: „שמדן זיך" האָב איך געציטערט און זיך געשראָקן ווי פאַרן טויט.

באַזונדערס האָט מיר געעקבערט אין קאָפּ די פראַגע: וואָס זאָל עס זיין די סיבה, וואָס גענעראַל פּעטראָוו ווייזט אַרויס אַזאַ פריינדלעכע באַציונג צו מיר? פאַרוואָס איז ער אַזוי אינטערעסירט אין מיר און אין מיין צוקונפט? און וואָס גייט אים אַזוי אין לעבן, אַז איך זאָל זיך שמדן, צי דען פעלן קריסטן אין רוסלאַנד אָן מיר? מיר איז דאָס אַלצדינג געווען אומפאַרשטענדלעך און ס'איז מיר פאַרגעקומען עפּעס פאַרדעכטיק.

עטלעכע מאָל האָט גענעראַל פּעטראָוו מיר דערמאָנט וועגן דעם וואָס מ'האָט גערעדט. ער האָט געפאָדערט פון מיר אַן ענטפער. יעדעס

# פאַרלוירענע וועגן

מאָל ווען ער האָט מיך געזען איז ער צו מיר צוגעשטאַנען מיט זיין פראַגע:

— נו גאָרדאָן, וואָס האָסטו באַשטימט?

איך האָב אַלץ געהאַלטן אין איין אָפּלייגן פון טאָג צו טאָג אויף צו געבן אַ דעפיניטיוון ענטפער. איך האָב אַלץ געטראַכט, ווי אַזוי מאַכט מען, אַז דער וואָלף זאָל זיין זאַט און דאָס שעפּסעלע זאָל ארויס גאַנץ.

ביז ענדלעך איך האָב זיך אָנגענומען מיט קוראַזש און גאַנץ אָפן און קלאָר דערקלערט דעם גענעראַל פּעטראָוו, אַז אויף קיין פאַל קען איך נישט איינשטימען אויף זיין פּאָרשלאַג, צו פאַרלאָזן דעם גלויבן פון מיינע עלטערן און איבערגיין צו אַ צווייטן גלויבן, אפילו ווען מיין קאַריערע זאָל דערפון דאַרפן ליידן.

אַ צייט לאַנג האָט דער גענעראַל מער נישט גערעדט מיט מיר וועגן דעם. כאָטש זיין פריינדלעכע באַציונג צו מיר איז געבליבן אַזוי ווי פריער, גאָרנישט געענדערט.

איינמאָל, נאָך אַ לענגערער צייט, האָט גענעראַל פּעטראָוו מיך פאַרבעטן, אַז איך זאָל קומען אין אָוונט צו אים אהיים. דאָס ערשטע מאָל, ווי ער האָט מיך גערופן צו זיך אין זיין פּריוואַט־וווינונג. מיר האָט שטאַרק געשראָקן דער דאָזיקער וויזיט. דאָס האַרץ האָט מיר פאָרגעזאָגט, אַז קיין גוטס קען איך נישט דערוואַרטן פון דעם דאָזיקן צוזאַמענטרעף מיט אים. איך האָב געציטערט, ווי אַ נאַקעטער אין אַ גרויסן פראָסט, כאָטש אין דרויסן איז געווען גוט וואַרעם. אָבער פאַרפאַלן. אַ גענעראַלס אַ ביטע איז פאַר אַ סאָלדאַט אַ שטרענגער באַפעל.

צו דער באַשטימטער צייט האָב איך שוין אָנגעקלונגען ביי זיין טיר און מיין האַרץ איז שיר נישט אַרויסגעשפּרונגען פון שרעק. איך האָב זיך געפילט אין דער לאַגע פון איינעם וואָס וואַרט אויף אַ טויט־אורטייל.

דער גענעראַל האָט מיך אויפגענומען זייער העפלעך און מיך אַריינגעבעטן צו זיך אין קאַבינעט. באַלד האָט ער געהייסן די דינסט אַריינדערלאַנגען טיי. איך בין געזעסן אַ בלייכער, אַ צעשראָקענער,

## מאיר קאָראָנאַ

און די הענט האָבן זיך מיר געטרייסלט. ווייזט אויס, אַז גענעראַל פּעטראָוו האָט עס אין מיר באַמערקט, און כדי מיך אַרויסצונעמען פון פאַרלעגנהייט האָט ער, מיט פריינדלעכער באַנעמונג, זיך געווענדעט צו מיר:

— גאָרדאָן, איך פאַרשטיי אַז מיין רופן דיך צו מיר אַהיים האָט דיך איבערגעראַשט. איך באַמערק אין דיר אַ צעטומלטקייט. דו דאַרפסט זיך אָבער גאָרנישט שרעקן. איך מיין חלילה נישט דיר שלעכטס צו טאָן. די גאַנצע צייט, זינט דו ביסט אָנגעקומען אַהער, זוך איך דיר צו העלפן, ווייל דו געפעלסט מיר זייער. איך זע, אַז דו באַזיצט וווּנדערבאַרע פעיקייטן און פון דיר קען אויסוואַקסן אַ גרויסער מענטש. איך וואָלט געוואָלט, אַז דו זאָלסט דערגרייכן דאָס, צו וועלכן דו ביסט באַרופן. אָבער דו ביסט אַן עקשן. אין אַ געוויסן זין געפעלט דאָס מיר, דאָס באַווייזט, אַז דו פאַרמאָגסט אין זיך גענוג ענערגיע און אַ שטאַרקן ווילן, וואָס וועט דיר, אין דיין לעבנס וועג, שטאַרק צונוץ קומען. דעריבער האָב איך פאַר דיר אַ פאָרשלאָג.

דאָ האָט גענעראַל פּעטראָוו מיר דערציילט אַזאַ געשיכטע: זיין ברודערס אַ זון איז געווען אַן אויסוואורף, אַ ניעגאָדייעץ, אַ שאַרלאַטן. ער איז געווען דער שוואַרצער שעפּס אין דער גאַנצער רעספּעקטאַבלער פאַמיליע פּעטראָוו. ווען זיין פאָטער איז געשטאָרבן איז ער, דער דאָזיקער לאָבוז, דאַניעל סערגייעוויטש פּעטראָוו, פאַרשווּנדן געוואָרן און מ'ווייסט נישט ווו ער איז אַהינגעקומען. עס איז שוין אַ סך יאָרן אין דעם. ידיעות זענען דערגאַנגען, אַז ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט ערגעץ קיין אינדיע און ער איז דאָרטן אומגעקומען. קיינער האָט פון דעם נישט געוווּסט אויסער ער, גענעראַל פּעטראָוו, און זיין ברודער, דאַניעלס פאָטער.

איז גענעראַל פּעטראָווס פאָרשלאָג געווען אַזעלכער: איך זאָל ענדיקן דאָס יאָר אין מיליטער. אין דער דאָזיקער צייט וועט ער זען אַז איך זאָל האָבן גענוג פרייע צייט פאָרצוזעצן מיין לערנען, כדי צוצוגרייטן זיך צו „אַטעסטאַט זרילאָסטי", ד"ה פון אַכט קלאַסן גימנאַזיע. נאָכדעם ווי מיין טערמין וועט זיך ענדיקן, וועט ער, גענעראַל פּעטראָוו, מיך באַקליידן מיט די אַלע געהעריקע מעטריקעס, דאָקומענטן און פּאַפּירן פון זיין ברודערס זון. פון חיים לייב

# פאַרלוירענע וועגן

גערשענאָוויטש גאָרדאָן וועט מיט איין מאָל ווערן דאַניעל סערגייעוויטש פּעטראָוו. אַלס אַזעלכער וועל איך קענען פריי אָנקומען אין אוניווערסיטעט, און נישט דאַרפן דורכמאַכן די אַלע שוועריקייטן און שיקאַנעס וואָס ווערן אָנגעווענדעט קעגן יידן לויט די רוסישע געזעצן. דאָס האָט געמיינט, לויט גענעראַל פּעטראָווס פּלאַן, אַז אי איך וועל זיך נישט דאַרפן שמדן, אי איך וועל ווערן אַן עכטער גלייכבארעכטיקטער רוס.

איך וויים נישט, איך קען זיך איצט גענוי נישט דערמאָנען, וואָס איז מיט מיר דאַמאָלסט געשען. צי עס איז געווען פּשוט פּאַר מורא. איך האָב מורא געהאַט אָפּצוזאָגן אַ גענעראַל, פון וועמענס הענט עס איז אָפּהענגיק געווען מיין לעבן, אַזוי האָב איך זיך דאַמאָלסט איינגערעדט; צי דאָס איז געווען אויס דאַנקבאַרקייט צום גענעראַל, וועלכער האָט מיך, אַן עלענדן און איינזאַמען יידישן בחור, אַזוי שטאַרק מקרב געווען און אַזוי פּאַטערלעך געזאָרגט זיך וועגן מיין צוקונפט; צי דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל איך האָב געדענקט, אַז נישט שמדן זיך, נאָר ווערן אַ פּראַוואָסלאַוונער רוס דורך אָננעמען אַ צווייטנס פּאַפּירן, בין איך קעגן מיין געוויסן ריין. איך וויים נישט. איך געדענק שוין נישט. דער עיקר איז — איך האָב איינגעשטימט. איך האָב בלויז געוואַגט צו פרעגן:

— ווי אַזוי קען דאָס געמאַכט ווערן, ס׳טייטש אַלע קענען דאָך מיר דאָ אַלס גאָרדאָן?

דער גענעראַל איז מיטאַמאָל געוואָרן שטרענג און ערנסט. און שוין אין אַן אָפיציעל־מיליטערישן טאָן געזאָגט:

— דאָס לאָז איבער צו מיר! נאָך איין זאַך זאָלסטו וויסן: טאָמער וועט דיר איינפאַלן אויסצופּלוידערן פאַר וועמען, אָט דעם סעקרעט, שטייט דיין לעבן אין קאָן. דאָס מוז בלייבן אויף אייביק אַ שטרענגער סוד צווישן אונדז ביידע, ווייטער נישט!

פון דאַמאָלסט אָן איז געקומען אַ גאַנצער איבערבייט אין מיין מיליטער־לעבן. גענעראַל פּעטראָוו האָט שוין געזען, אַז איך זאָל האָבן גענוג פרייע צייט. עס האָט געהייסן, אַז איך בין פאַרנומען ביים גענעראַל אין הויז, אַלס זיין פּריוואַט־סעקרעטאַר. מיט דער פולער ענערגיע האָב איך זיך גענומען צו מיין ווייטערדיקן שטודירן,

טאָקע ביים גענעראַל אין הויז, און איך האָב פאַר דער צייט זייער אַ סך דערגרייכט.

אָבער איין פראַגע האָט מיך דאַמאָלסט נאָך אַלץ געמאַטערט, אויף וועלכער איך האָב זיך באַמיט צו געפינען אַן ענטפער און נישט געקענט.

— וואָס זאָל זיין די אמתע סיבה, פאַר וואָס גענעראַל פּעטראָוו איז אַזוי שטאַרק פאַראינטערעסירט אין מיין פּערזאָן? וואָס גייט אים אַזוי אין לעבן דער גורל פון מיין צוקונפט? וואָס פאַר אַ כוונה זאָל ער האָבן דערביי? עפּעס מוז דאָך דאָ פאַרט זיין אין דעם!

דער ענטפער האָט נישט געלאָזט לאַנג אויף זיך וואַרטן.

עס איז אַריבער דאָס יאָר. איך, חיים לייב גערשענאָוויטש גאָרדאָן, בין באַפרייט געוואָרן פון מיליטער. אויפן וועג אַהיים בין איך „פאַרלוירן געגאַנגען אָן אַ שפּור". אַ צווייטער איך, איך דאַניעל סערגייעוויטש פּעטראָוו, שוין אין ציווילע קליידער, באַזאָרגט פון מיין „פּעטער" גענעראַל פּעטראָוו מיט אַלע נויטיקע דאָקומענטן און מיט אַ באַדייטנדיקער סומע געלט, האָב געמוזט אָפּפאָרן, לויטן באַפעל, קיין ראָסטאָוו, וואָס איז ביים טייך דאָן. און דער אמת איז, אַז בדיעבד בין איך גאַנץ צופרידן געווען פונם דאָזיקן אומבייט.

אינם גאַנצן יאָר פון מיין מיליטער־דינסט איז ברכה פון נאָווימינסק, וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרנעפּלט געוואָרן אין מיין געדאַנק. און ביי מיין אָפּפאָרן קיין ראָסטאָוו איז זי שוין געווען כמעט אויסגעמעקט פון מיין זכרון.

דאָרטן, אין ראָסטאָוו ביי דער באַן, האָבן מיר אָפּגעוואַרט אַ מאַן מיט אַ פרוי, שוין גאָר עלטערע מענטשן. זיי האָבן מיר געמאָלדן, אַז זיי האָבן דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע פון מיין פּעטער, גענעראַל פּעטראָוו, זייערס אַן אַלטער פריינד, אַז זיי זאָלן מיר אויפנעמען ביי מיין אָנקומען, אַז איך זאָל וווינען ביי זיי אין הויז, און אַלע מיינע אויסגאַבן און באַדערפענישן וועלן גיין אויף מיין פּעטערס חשבון.

נאָך עטלעכע טאָג האָב איך באַקומען אַ בריוו פון „פּעטער", ווו ער האָט מיר געשריבן אַז איך זאָל זיך אָנשטרענגען מיט אַלע

# פאַרלוירענע וועגן

מיינע פעיקייטן צו צוגרייטן זיך צום עקזאַמען אויפן גאַנצן קורס פון אַכט קלאַסן גימנאַזיע. אַלץ וואָס איך דאַרף און אַלע מיינע אויסגאַבן וועלן פון אים גערעקט ווערן און איך דאַרף גאָרנישט זאָרגן וועגן מאַטעריעלע מיטלען.

דער בריוו איז געשריבן געווען אין אַ זייער פריינדלעכן, כמעט פאָטערלעכן, טאָן. איך האָב אָבער נישט באַדאַרפט אָנקומען צו מיין פעטערס גוטע עצות. אַלע מיינע יאָרן בין איך געווען פון נאַטור אַ גרויסער מתמיד. לערנען און פאָרשן, אַז און פאַר זיך, אַפילו אָן אַ ציל, איז ביי מיר שטענדיק געווען מיין גרעסטער פאַרגעניגן. בפרט דאַמאָלסט אין ראָסטאָוו, ווען מיין לערנען האָט געהאַט פאַר זיך אַ ציל, צו וועלכן איך האָב אַזוי שטאַרק געשטרעבט.

אונטער דער אויפזיכט פון צוויי לערערס, פּראָפעסאָרן פון ראָסטאָווער גימנאַזיע, וועלכע האָבן מיך צוגעגרייט צום עקזאַמען, בין איך געווען אַזוי אַריינגעטאָן זעכצן־אַכצן שעה אַ טאָג, אין מיין לערנען, אַז איך האָב קיין צייט נישט געהאַט צו טראַכטן וועגן עפּעס וואָס אַנדערש, וואָס האָט נישט געהערט צום ראַם פון מיין לערנען. איך האָב לגמרי פאַרגעסן ווער איך בין און ווער איך בין געווען. עס האָט מיר גאָרנישט אינטערעסירט. מיט מיין „פעטער" האָב איך זעלטן זיך דורכגעשריבן. אָבער איך האָב געוווּסט, אַז דער אַלטער, מיין „פעטערס" פריינד, ביי וועמען איך בין געווען, האָט באַריכטעט גאַנץ גענוי אַלצדינג וועגן מיר צום „פעטער". און דאָס האָט מיר אויך נישט אינטערעסירט.

איינמאָל, דאָס איז געווען שוין נאָך אַ האַלב יאָר פון מיין זיין אין ראָסטאָוו, זענען צו מיר געקומען אומגעריכטע געסט. מיין פעטער גענעראַל פעטראָוו צוזאַמען מיט אַ יונג מיידל ווי פון אַ יאָר זעכצן־זיבעצן. זי איז געווען אַ הויכגעוואוקסיקע מיט אַ לענגלעך מאָגער פּנים, מיט העל־בלאָנדע האָר און מיט קינדיש־נאַיווע העל־גרינע אויגן. זי האָט זיך באַמיט צו ווייזן זיך ווי אַ גרויסע, כאָטש אויף איר גאַנצן וועזן איז געלעגן קינדערישע אומבאַהאָלפנקייט, וואָס האָט איר גראָד צוגעגעבן אַ געוויסן חן. קיין שיינע איז זי נישט געווען אָבער — אַ גאַנץ סימפּאַטישע. גענעראַל פעטראָוו האָט אונדז פאָרגעשטעלט, איר אַלס זיין טאָכטער, זינאַ סעמיאָנאָוויטש און מיר אַלס זיין פּלימעניק, דאַניעל סערגייעוויטש.

## מ א י ר   ק אָ ר אָ נ אָ

דער „פעטער" האָט דערציילט, אַז מיט אַכט יאָר צוריק איז זינאַס מוטער געשטאָרבן. האָט זיך זינאַ אויפגעהאַלטן די גאַנצע צייט אין ראָסטאָוו, אין אַ פּריוואַטן פּענסיאָנאַט. זי האָט היי־יאָר געענדיקט אַ זיבנקלאַסנע פּרויען־גימנאַזיע, ער איז געקומען נאָך איר, זי אַהיימצונעמען און ער דענקט צו פאַרבלייבן אין ראָסטאָוו עטלעכע טאָג.

גאַנצע אָוונטן האָבן מיר שוין פאַרבראַכט אַלע דריי צוזאַמען. צום ערשטן מאָל, נאָך זעקס מאָנאַטן זיין אין ראָסטאָוו, האָב איך זיך באַקענט מיט דער שטאָט, מיט אירע בולוואַרן, מיט אירע שווים־פּלעצער, מיט אירע פאַרוויילונגס ערטער און מיט אירע אַריסטאָקראַטישע קלובן. אין זכות פון מיין גרויסן „פעטער" בין איך, זיין „פּלימעניק", אויפגענומען געוואָרן אומעטום מיט גרויסן כבוד. מיר האָט עס באמת הנאה געטאָן און איך בין געווען דערפון זייער צופרידן. עס האָט מיר נאָר פאַרדראָסן, וואָס צוליב דעם האָב איך באַדאַרפט פּטרן אַזוי פיל צייט און איך בין געשטערט געוואָרן פון מיין לערנען.

דערוויל האָט זיך מיר שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן, אַז דער פעטער זוכט מיט אַלע מעגלעכקייטן און ביי יעדער געלעגנהייט צו דערנענטערן מיר מיט זינאַן.

ערשט דאַמאָלסט האָט אין מיין קאָפּ זיך גענומען אויסלייטערן דער ענטפער אויף דער פראַגע, וואָס האָט מיך אַ לאַנגע צייט געמאַטערט: „צוליב וואָס האָט גענעראַל פּעטראָוו אַזאַ גרויסן אינטערעס אין מיר?"

נאָך עטלעכע טעג איז דער פעטער אָפּגעפאָרן צוריק אַהיים קיין טולאַ און זינאַ האָט נאָך „דערוויל" געמוזט בלייבן אויף צו דערליידיקן נאָך געוויסע זאַכן... אָבער דער „דערוויל" האָט געדויערט אַ גאַנץ לאַנגע צייט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אַזוי וועט עס זיין.

אין די טעג פלעגט זינאַ קומען צו מיר. און נישט נאָר וואָס זי האָט מיר נישט געשטערט, נאָר פאַרקערט — זי האָט מיר זייער אַ סך צוגעהאָלפן אין מיין לערנען און אין צוגרייטן מיינע לעקציעס. זי האָט געענדיקט גימנאַזיע מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל. איבערהויפּט

# פ אַ ר ל ו י ר ע נ ע  ו ו ע ג ן

האָט זי געקענט אויסגעצייכנט וועלט־געשיכטע און לאַטיין. און אין די אָוונטן פלעגן מיר ארויסגיין צוזאַמען.

מיר ביידע, זינאַ און איך, האָבן זיך געפילט ווי צוויי פאַרבלאָנדזשעטע איינזאַמע מענטשן, וואָס האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן ערגעץ אין אַ ווייסטער מדבר. זינאַ איז געווען אַ שטילע, אַ שעמעוודיקע, אַ פאַרחלומטע, עס איז אויף איר געלעגן די יתומישע עלענדקייט. זי האָט זיך צו מיר געטוליעט פיזיש און גייסטיק, ווי זי וואָלט געזוכט אין מיר אַן אָנהאַלט אין איר לעבן. און איך האָב איר ליב געקריגן.

זינאַ פלעגט מיר דערציילן פאַרשידענע געשיכטעס פון די פעטראָוו־פאַמיליעס. איך האָב זיך געמאַכט ווי איך זאָל האָבן געוווּסט פון דעם אַלעמען. מיר זענען די אַלע געשיכטעס שפּעטער צונוץ געקומען, ווען מיר איז אויסגעקומען צו טרעפן זיך מיט „קרובים" און רעדן מיט זיי וועגן אַלטע פאַמיליע־אָנגעלעגנהייטן.

איינמאָל ווען איך האָב גערעדט מיט זינען וועגן דער געשיכטע פון נאָענטן מזרח, האָט זי מיר פּלוצלינג אַ זאָג געטאָן:

— דו ווייסט, דאַני, אַז אונדזער זיידע, אַנדרעי, שטאַמט פון יידן. אַמאָל פלעגט מען אין רוסלאַנד כאַפּן יידישע קליינע קינדער, מ'האָט זיי געצוווּנגענערהייט אָפּגעשמדט און זיי דערצויגן פאַר קריסטן. אונדזער זיידע, אַנדרעי, איז געווען איינער פון אָט די יידישע קינדער.

זינאַ האָט באַמערקט אין מיר ווי איך בין געבליבן אין אַ שטוינענדיקער אויפטרייסלונג, האָט זי מיר געזאָגט:

— מיר איז אַ וווּנדער, דאַני, וואָס דו ווייסט נישט פון דעם.
איך בין געבליבן אין פאַרלעגנהייט, כ'האָב זיך אויסגעדרייט פון רעדן נאָך וועגן דעם און איך האָב גענומען רעדן וועגן עפּעס אַנדערש, וואָס האָט זיך גאָרנישט געפּאַסט צו אונדזער שמועס. אָבער דערפאַר איז מיר מיט איין מאָל אַלץ קלאָר געוואָרן... און אַלץ איז מיר פאַרענטפערט געוואָרן...

— אַזוי, עס האָט געצויגן צום שורש!

איך האָב זייער גוט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען, אַלס עקסטערן,

# מ א י ר   ק אָ ר אָ נ אָ

אויף „אַטעסטאַט זריעלאָסטי" — אַכט קלאַסן גימנאַזיע, און איך בין גלייך אָנגעקומען אין אוניווערסיטעט, אויפן מעדיצינישן פֿאַקולטעט.

די ליבע צווישן מיר מיט זינאַ האָט פֿולשטענדיק צופֿרידנ־געשטעלט דעם „פֿעטער", ווען מיר האָבן אים געשריבן וועגן דעם.

מיט גרויס פּאָמפּע איז געפֿייערט געוואָרן אונדזערע תּנאָים, אינעם רייכן מיליטערישן קלוב פֿון ראָסטאָוו, און ס'איז באַשטימט געוואָרן, אַז באַלד ווי איך וועל ענדיקן דעם אוניווערסיטעט זאָל געפֿייערט ווערן אונדזער חתונה.

אין יאָר 1914, פּונקט ווען איך האָב באַקומען מיין פּראָפֿעסיאָנעלן דאָקטאָראַט־טיטל, אַלס מעדיקער, האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. איך בין באַלד מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי אַלס מיליטער־דאָקטאָר, מיטן טיטל קאַפּיטאַן.

דער פֿעטער האָט פֿאַרגעזען, אַז די מלחמה וועט לאַנג נישט אָנהאַלטן, האָט ער דעריבער געהייסן וואַרטן מיט דער חתונה ביז איבער דער מלחמה.

די מלחמה מיט דייטשלאַנד האָט זיך צעפֿלאַקערט מיט אַ מוראדיקן ראַזמאַך. פֿון פֿראָנט זענען אָנגעקומען באַריכטן, איינער טרויעריקער פֿון צווייטן. די דייטשישע אַרמיי איז אַריין קיין פּוילן און מיט גיגאַנטישע טריט האָט זי זיך גערוקט אַלץ ווייטער און ווייטער. צוזאַמען מיט אַ גרופּע יונגע דאָקטוירים בין איך קאָמאַנדירט געוואָרן קיין וואַרשע. עס האָבן שוין נישט געהאָלפֿן דאַמאָלסט קיין שום פּראָטעקציעס. „עס איז מלחמה־צייט, אַלע מוזן מיר דערפֿילן דעם פּאַטריאָטישן חוב". דאָס איז געווען דער אַלגעמיינער לאָזונג און פֿון „פֿעטער" אויך. „ראַטעווען דאָס פֿאָטערלאַנד איז פֿריער פֿאַר אַלע פּריוואַטע אינטערעסן".

דער נאָמען „וואַרשע" האָט מיך אויפֿגעשוידערט. עס האָט מיר אַרומגעכאַפּט אַ קאָמפּלעקס פֿון שרעק און ציטער. איך האָב זיך אַבסאָלוט נישט געשראָקן פֿאַר דעם, וואָס קען מיט מיר געשען אַלס פֿאָלגן פֿון קריג. נאָר בלויז פֿאַר וואַרשע האָב איך מורא געקריגן. איך בין אויפֿגעטרייסלט געוואָרן פֿון געדאַנק, אַז איך קען זיך נאָך באַגעגענען אין פּוילן מיט אַלטע פֿריינד, נאָענטע און באַקענטע,

## פאַרלוירענע זועגן

וועלכע כ'האָב געוואָלט פאַרגעסן און אויסמעקן פון מיין זכרון. איך האָב בכלל געוואָלט אויסמיידן נישט צו טרעפן זיך מער מיט יידן. איך האָב זיך געפילט שולדיק קעגן יעדן ייד. מיין געוויסן האָט מיך געפייניקט און געריסן שטיקער פון מיין נשמה. איך בין געווען זיכער, אז ווען איך וועל זיך אָנטרעפן מיט יידישע אויגן, וועט זייער בליק מיך פאַרסאַמען צום טויט. דער דאָזיקער פחד, פאַר זיין אויסגעשטעלט צו באַגעגענען זיך אויף טריט און שריט מיט שמייכנדיקע יידישע אויגן, איז אין מיר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א ווילדן האַס. עס האָט זיך אין מיר צעפלאַקערט א געפערלעכע שנאה צו יידן. כדי צו דערשטיקן אין זיך מיין אייגענע שוואַכקייט, האָב איך מיין שולדיקייט געוואָרפן אויפן גאַנצן יידישן פאָלק. עס איז מיר געוואָרן באַקוועמער אָפּצוטרייסלען פון זיך די אחריות פון מיין אייגענער אומווירדיקייט און זי ארויפוואַרפן אויף יענעם. אַלע זענען שולדיק, נאָר נישט איך.

אין די קרייזן פון דער העכערער מיליטערישער פירערשאַפט האָב איך דאַמאָלסט זיך אָנגעהערט א וועלט מיט בילבולים אויף יידן, אז זיי פירן שפּיאָנאַזש פאַר דייטשלאַנד, אז זיי פאַרראַטן רוסלאַנד, און אז נאָר צוליב אָט דעם יידישן שפּיאָנאַזש ליידט די רוסישע אַרמיי אַזעלכע שווערע מפלות. איך האָב אַלץ געהערט, און כאָטש איך בין זיכער געווען אין זיך, אז אָט די אַלע בילבולים זענען אַבסאָלוט פאַלשע, אויסגעטראַכטע און אויף קיין האָר נישט באַרעכטיקטע, פונדעסטוועגן האָט מיר דאַמאָלסט הנאה געטאָן וואָס מ'פאַרדאַמט און מ'באַשמוצט יידן.

מיר האָבן געהאַלטן אין איין לויפן צוריק. אינעם רוסישן שטאַב האָט געהערשט א כאַאָטישע צעטומלטקייט. מיר, אין דער אַרמיי, האָבן קיינמאָל נישט געוווּסט וואָס פאַר א באַפעל עס וועט קומען מיט א שעה שפּעטער און וווּהין מיר וועלן דאַרפן ווייטער לויפן. יעדער באַפעל איז געקומען ווי א פּלוצלינג־אַראָפּגעפאַלענע באָמבע. נאָך דריי יאָר מלחמה האָט א שרעקלעכע דעמאָראַליזאַציע צעפרעסן די גאַנצע רוסישע אַרמיי. מיר זענען אַלע געוואָרן הפקרדיק, צעווילדעוועט. די צעקראַכענע מיליטערישע דיסציפּלין איז שוין נישט געווען אומשטאַנד איינצוהאַלטן די כוואַליע פון די חיהשע

# מאיר קאָראָנאַ

אינסטינקטן ביי דעם צעיושעטן, הילפלאָזן, הפקר־געוואָרענעם סאָלדאַט.

ווען עס האָט אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד אין יאָר 1917 האָב איך דערפילט, אַז ס'האָט זיך מיר אפּגערגעגליטשט דער באָדן פון אונטער מיינע פיס. דעמאָלסט האָב איך זיך געלאָזט אויף הפקר און גענומען לויפן וווהין די אויגן האָבן געטראָגן. איך בין געפלויגן ווי אַ בלאַט אויפן ווינט. כ'האָב קיינמאָל נישט געוווּסט וווּ איך בין און וווהין איך דאַרף לויפן. אַ געהיימער כוח האָט מיך געהאַלטן אין איין טרייבן און אַ שטים פון ערגעץ ווו האָט צו מיר געשריגן: „אַנטלויף וואָס שנעלער פון דעם צעפּאַלענעם און צעשטויבטן רוסלאַנד!" אָבער ווי אַזוי? דאָס האָב איך נישט געוווּסט. אין איין דאָרף ערגעץ ווו, האָב איך אַראָפּגעוואָרפן פון זיך מיינע מיליטערישע קליידער און איך האָב באַקומען פון אַ פּויער אַלטע פּויערישע טראַנטעס. אַזוי האָב איך זיך געלאָזט, אויף גאַטס באַראַט, פון איין באַן אַראָפּ און אויף דער צווייטער אַרויף. ענדלעך דורך פאַרשידענע וועגן און אומוועגן, ווי אַזוי געדענק איך שוין אַליין נישט, האָב איך אין סוף 1919 זיך דערשלאָגן קיין לאָנדאָן.

דאָרטן, אין לאָנדאָן, האָב איך שוין געטראָפן אַ סך אַזעלכע ווי איך, אַנטלאָפענע פון רוסלאַנד, צווישן זיי אַ סך הויכע מיליטער־לייט, וועמען איך האָב דערקענט און זיי האָבן מיך דערקענט, מיך דעם מיליטער דאָקטאָר, דאַניעל סערגייעוויטש פּעטראָוו. אין לאָנדאָן האָב איך זיך באַקענט מיט אַ יידישער פרוי פון ווילנע, אויך אַן אַנטלאָפענע פון רוסלאַנד. זי האָט מיר זייער אַ סך אַרויסגעהאָלפן סיי מאַטעריעליש און סיי גייסטיק. אַ דאַנק איר האָב איך צוריק באַקומען מיין מענטשלעך פּנים און צוריק איינגעשטעלט מיין נאָרמאַלן נערוון־צושטאַנד, וועלכער איז צעטרייסלט געווען פון אַזוי פיל לויפן, וואַנדערן און וואַלגערן זיך אין שמוץ, הונגער און שרעק, ביז מיין אָנקומען אין לאָנדאָן. איך האָב מיט דער דאָזיקער פרוי חתונה געהאַט און צוזאַמען זענען מיר, אין יאָר 1922 אָנגעקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אַט די פרוי איז דיין מאַמע, נאַסטאַסיא. און שוין. אין אַמעריקע — דאָס איז שוין אַ קאַפּיטל פאַר זיך.

פּראָפעסאָר פּעטראָוו איז געבליבן זיצן אַ פאַרמאַטערטער פון

# פאַרלוירענע וועגן

אזוי פיל רעדן און דערציילן. פעטראָוו, ווען ער האָט דערציילט, האָט ער מיט אַלע זיינע חושים נאָכאַמאָל דורכגעלעבט יעדן מאָמענט פון זיין לעבן, וואָס ער האָט געשילדערט. ער האָט מער גערעדט פאַר זיך אַליין איידער פאַרן זון. ער האָט די גאַנצע צייט גאָר קיין אַכט נישט געלייגט צו זען, וואָס פאַר אַן איינדרוק זיין געשיכטע מאַכט אויפן זון.

ערשט ווען ער האָט זיך געוואָלט ווענדן צו דזשאָרזשן מיט אַ פראַגע, האָט ער דערזען ווי יענער שלאָפט גאָר.

אויפצומאָרגנס האָט פראָפעסאָר פעטראָוו פאָרוואורף געמאַכט דעם זון:

— איך האָב נעכטן גערעדט צו דיר און גערעדט. כ׳האָב דיר דערציילט מיין גאַנצע לעבנס געשיכטע. איך האָב געמיינט, אַז דו הערסט מיר אויס, צום סוף ביסטו גאָר געשלאָפן. צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן ווי איך האָב פאַר אַ מענטש אַזוי אויפגעעפנט מיין האַרץ און זיך אַראָפגערעדט פאַר די אַלע יאָרן. אפילו פאַר דיין מאַמען האָב איך עס נאָך קיינמאָל נישט דערציילט. איך בין געווען זיכער, אַז דיר וועט דאָס שטאַרק אינטערעסירן און וועסט מיר אויסהערן מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט. ביסטו גאָר געשלאָפן און האָסט גאָרנישט געהערט, וואָס כ׳האָב דיר אַלץ דערציילט.

— אָך, טאַטע, פאַרוואָס זאָלסטו אַזוי זאָגן. מיט אָנגעצווינגענער געשפּאַנטקייט האָב איך זיך צוגעהערט צו יעדעס וואָרט וואָס דו האָסט געזאָגט, מיט גרעסטן אינטערעס האָב איך אויפגעכאַפּט יעדע סיטואַציע פון דיין לעבן, וואָס דו האָסט געשילדערט, טיילמאָל האָבן דיינע ווערטער מיך גערירט ביז טרערן. איך געדענק גאַנץ גענוי אַלצדינג וואָס דו האָסט דערציילט, שוין אפילו ווי דו האָסט זיך באַקענט מיט מיין מאַמען אין לאָנדאָן. דערנאָך איז מיר פּלוצלינג באַפאַלן אַ שלאָף און איך האָב שוין נישט געהערט ווי אַזוי און ווען דו מיט דער מאַמען זענט אָנגעקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן און ווי אַזוי דו האָסט דורכגעלעבט אין אַמעריקע, פון דיין קומען אָן ביז היינט.

— נו, דאָס איז שוין נישט וויכטיק. וועגן דעם וועלן מיר רעדן אַ צווייטן מאָל. וואָס איך וויל דיר איצט זאָגן, מיין זון, איז אַזוי:

# מאיר קאַראַנאַ

דיר קען אַמאָל איינפאַלן, ווען שרייבן צו דיין מיידל אין מעקסיקע ווענן דעם וואָס איך האָב דיר דערציילט. וואָרן איך דיר און פאַרזאָג דיר גאַנץ שטרענג, אַז דו זאָלסט נישט וואגן אַזעלעכס צו טאָן.

— איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, טאַטע, איך האָב טאַקע געטראַכט אַזוי צו טאָן, שרייבן פערלאַן דעם גאַנצן אמת. פאַרוואָס ווילסטו נישט, אַז איך זאָל עס טאָן?

— הער זיך איין, דזשאָרזש, איך פאַרלאַנג דאָס פון דיר און דו מוזט מיר פאָלגן. זאָלסט וויסן זיין, אַז מיט רויקייט און מיט באַרעכנטער געלאַסנקייט וועסטו אַלץ דערגרייכן אין לעבן. מיט היציקייט און מיט איבערגעאיילטקייט פאַלט מען אָפּט אַדורך. מיין אייגענע פּראַקטיק האָט מיר אַ סך געלערנט. איך האָב גענוג פעלערן געמאַכט אין מיין לעבן צוליב געאיילטקייט. איך וואָלט נישט וועלן, אַז דו זאָלסט אויך מאַכן ענלעכע פעלערן. איצט, דזשאָרזש, הער אויס מיין פּלאַן: אין מאָנאַט יולי, האָב איך באַשטימט, זאָלן מיר, דיין מאַמע, איך און דו, פאָרן קיין מעקסיקע אויף וואַקאַציע־צייט. דיין מאַמע פילט זיך לעצטנס נישט ביים בעסטן געזונט. איך האָב סיי ווי געררעכנט אַרויסצופאָרן מיט איר ערגעץ אין וואַקאַציע־צייט. צוליב דיר וועלן מיר פאָרן קיין מעקסיקע. אָבער געדענק וואָס איך זאָג דיר אָן: ביז דאַמאָלסט — פאַר קיינעם קיין וואָרט נישט. איך פאַרבאָט עס דיר מיט דער האַרבסטער שטרענגקייט.

דזשאָרזש איז אויפגעשפּרונגען פאַר פרייד און מיט איבער־געלאָדענעם עקסטאַז האָט ער אַרומגעכאַפּט דעם פאָטער און געהאַלטן אים אין איין קושן. און מיט קינדערישער צעלאָזנקייט האָט ער אויסגעשריגן:

— ביסט אַזאַ גוטער טאַטע; קיינער האָט נישט אַזאַ גוטן טאַטן ווי איך!

# די פּעטראָווס אין וועג קיין מעקסיקע

אין אַ ברענענדיק־הייסן טאָג פון אָנהייב חודש יולי זענען זיי אַלע דריי, פּראָפעסער פּעטראָוו, זיין פרוי און זון, איינגעזעסטיגן אין צוג, אין ניו־יאָרק, וואָס גייט אין דער ריכטונג צו דער מעקסיקאַנער גרענעץ.

יעדער איינער פון די דריי איז געווען פאַרנומען מיט זיינע אייגענע באַזונדערע געדאַנקען.

פּראָפעסאָר פּעטראָוו האָט אַ סך געטראַכט וועגן דעם, ווי אַזוי עס וועט פאָרקומען זיין ערשטע באַגעגניש מיט זיין אַמאָליקער יוגנט־געליבטער, ברכה, אָדער בערטאַ. ער האָט, אין זיין פאַנטאַזיע, זיך אויסגעמאָלן פאַרשידענע בילדער פון אָט דער באַגעגעניש. אָט האָט ער זיך פאָרגעשטעלט, אַז ברכה וועט אַרויסווייזן צו אים אַ פאַרביטערטן כעס, פאַרוואָס ער האָט דאַמאָלסט געהאַנדלט אַזוי גראָב און ברוטאַל קעגן איר. ער האָט זי פאַרלאָזט, נישט געלאָזט פון זיך הערן, אַפילו קיין בריוו מער צו איר נישט געשריבן און איר אָפּגעצאָלט מיט רשעות פאַר אַזוי פיל געטריישאַפט און ליבשאַפט וואָס זי האָט צו אים אַרויסגעוויזן. זי וועט זיכער אַרויסטרייבן אים פון איר הויז, נישט וועלן פון אים וויסן און זי וועט נאָך נאָכשיטן מיט קללות אויף זיין קאָפּ. באַלד איז אים געקומען אויפן געדאַנק, אַז עס קען גאָר מעגלעך זיין דאָס פאַרקערטע, אַז זי וועט אים אויפנעמען מיט פרייד, מיט אָפענע אָרעמס, מיט גליקלעכער צופרידנקייט און איר וועט שטאַרק הנאה טאָן אים ווידער צו זען. לויט ווי דזשאָרזש האָט אים דערציילט טראַכט זי נאָך אַלץ וועגן אים מיט בענקשאַפט און ליבשאַפט.

## מ א י ר  ק אָ ר אָ נ אַ

און אפשר גאָר, איז פּעטראָוון איינגעפאַלן, וועט זי אים נישט גלייבן, אַז ער איז עס דער זעלביקער, אמאָליקער, יונגער בחור חיים לייב גאָרדאָן, דעם רבס אייניקל פון יאַנאָווע, אין וועמען זי איז אַמאָל אזוי פארליבט געווען. און עס קען אויך גאַנץ מעגלעך זיין, אַז זי וועט אים נישט וועלן קענען מער, ווייל... נו, ווייל ער איז געוואָרן אַ גוי. אפילו ווען ער וועט איר באַווייזן, אַז ער האָט זיך חלילה נישט געשמדט. ער האָט אפילו זיין זון געמלט. נישט מער, ער האָט זיך נאָר פארשטעלט אונטער אַ גוישקן פּאַספּאָרט. אָבער, האָט ער זיך איבערגעקלערט, ער האָט זיך דאָך אינגאַנצן אָפּגעפרעמדט פון יידן, צי איז דען דאָס ביי יידן נישט די זעלביקע זאַך ווי שמדן זיך.

אזוי האָט פּעטראָווס געדאַנק זיך געוואַקלט צווישן יאָ, ניין און אפשר. עס איז אים נאָר געבליבן דער איינציקער אויסוועג, צו האָבן געדולד און וואַרטן.

פּעטראָווס פרוי, נאַסטאַסיאַ, איז געווען פארנומען מיט אירע געדאַנקען. זי האָט געטראַכט, אַז זי קען בשום אופן נישט פארשטיין איר מאַן. ער איז דאָך אַזאַ געלערנטער און קלוגער מענטש, מיט אַזאַ באַרימטן נאָמען אין גאַנץ אַמעריקע, ער איז דאָך אַזאַ לאָגישער און פּראַקטישער מענטש, פאַרוואָס זשע איז אים איינגעפאַלן נאָכצוגעבן דעם זונס אַ נארישן קאַפּריז. באַשר בכן ער, דזשאָרזש, האָט זיך פארליבט אין מעקסיקע אין עפּעס אַ יידישקע. ווער ווייסט וואָס און ווער זי איז דאָרטן. צי וואָלטן דען געפעלט עכטע אַמעריקאַנער מיידלעך, פון אָנגעזעענע און רייכע פאַמיליעס, וואָס וואָלטן געהאַלטן פאַר אַ כבוד און אַ זכיה זיך משדך צו זיין מיט די פּעטראָווס? פאַרוואָס מוז מען עס לויפן דווקא אַזש קיין מעקסיקע און נאָך צו יידן?!

שוין אַזוי פיל יאָרן ווי מ'איז פון זיי אַוועק, צו וואָס דאַרף מען עס צוריק קריכן אין יידישע צרות און פּלאָגן?! אָבער ווער איז דען בכוח איר דאַניעלן איבערצושפּאַרן. ער, אַז ער פארנעמט זיך אויף אַ זאַך, מעג דונערן און בליצן, די גאַנצע וועלט מעג זיך איבערקערן, ער מוז זיינס אויספירן. אַז ער זאָגט „יאָ" אָדער „ניין" וועט שוין קיינער אים נישט קענען איבערשפּאַרן. און עס איז נישט כדאַי צו רייסן זיך מיט אים. סך הכל איז נאָך אַ פראַגע, צי זיי, די

# פאַרלוירענע וועגן

יידן דאָרט אין מעקסיקע, וועלן גאָר וועלן מיט גויים זיך משדך זיין. אָבער צוריק גערעדט, וואָס קען עס שאַדן דאָס פאָרן קיין מעקסיקע, די רייזע אַליין איז דאָך אינטערעסאַנט. מענטשן דערציילן זיך אָן ניסים ונפלאות פון דער שיינער מעקסיקע. פון דעם שידוך וועט דאָך סיי ווי גאָרנישט ווערן. וועט מען כאָטש פאַרברענגען אַביסל דאָרט, אינם שיינעם לאַנד, נאָך אַזוי פיל יאָרן ווי זיי זענען נאָך אין ערגעץ נישט געווען און גאָרנישט נאָך געזען.

דזשאָרזשם קאָפּ ווידער איז פאַרנומען געווען אויסשליסלעך בלויז מיט איין און איינציקן פונקט פון דער וועלט, דאָס איז פּערלאַ. ער איז געווען אויסגעטאָן פון אַלץ וואָס ס'האָט עקזיסטירט אַרום אים. ער האָט גאָרנישט געזען, גאָרנישט געהערט און גאָרנישט געפילט וואָס אַרום אים טוט זיך. ער איז געווען פאַרטראָגן, מיט אַלע זיינע חושים, אין דער שטאָט מעקסיקע. ער האָט נאָכאַמאָל דורכגעלעבט יעדע קלייניקייט פון זיין פאַרברענגען מיט פּערלאַן, מיט עטלעכע חדשים צוריק. ער האָט פאַר זיך געזען נאָכאַמאָל פּערלאַס אויגן, ווי זיי קוקן אויף אים פאַרליבטערהייט; ער האָט געפילט פּערלאַס הענט, ווי זיי וויקלען זיך אַרום זיין האַלדז; זיינע ליפּן האָבן פון דאָסניי איינגעזאַפּט פּערלאַס פלאַמיקע קושן; ער האָט געהערט אירע זיסע, לאַשטשענדיקע, ליבע ווערטער; זיינע הענט האָבן געפילט איר צאַפּלדיקן, וואַרעמען, צאַרטן קערפּער; ער האָט געזען, געהערט און געפילט נאָר פּערלאַן און ווידעראַמאָל פּערלאַן.

## אין באַן מיט מעקסיקאַנער ייִדן

אין רעסטאָראַן־וואַגאָן האָבן די פּעטראָווס געטראָפן צוויי מיטליאָריקע מענטשן, וואָס האָבן צווישן זיך גערעדט שפּאַניש. איינער איז געווען אַ נידעריקער מיט אַ פּליכעוואַטן קאָפּ און דער צווייטער איז געווען אַ הויכער מיט אַ שוואַרצן קאָפּ האָר. פּראָפעסאָר פּעטראָוו האָט זיך גוט איינגעקוקט אין אָט די צוויי מענטשן און ער איז כמעט זיכער געווען, אַז זיי זענען ייִדן.

דאָ איז פּעטראָוון איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז עס וואָלט גוט געווען, ווען ער וועט אַריינקומען צו ברכהן אין הויז זאָל ער באַלד אָנהייבן צו רעדן ייִדיש. עס וואָלט דורך דעם, אַזוי האָט ער זיך פאָרגעשטעלט, באַלד געשאַפן געוואָרן אַ צוטרוילעכע דערנענטערונג, אַ וואַרעמע אַטמאָספערע און אַ היימישע באַציונג. אָבער, האָט ער געטראַכט, ווער ווייסט צי ער וואָלט נאָך געקענט רעדן אַזוי פריי ייִדיש ווי אַמאָל, נאָכדעם ווי ער האָט שוין עטלעכע צענדליק יאָר נישט גערעדט און נישט געהערט קיין ייִדיש וואָרט. דעריבער וואָלט כדאַי געווען צו נעמען רעדן ייִדיש מיט אָט די צוויי ייִדן. אַזוי וועט ער אינם גאַנצן רייזע־וועג זיך ווידער איינאיבן אין ייִדיש רעדן.

פּעטראָוו האָט לאַנג נישט געטראַכט, ער האָט זיך דערנענטערט צו די צוויי ייִדן, וואָס האָבן גערעדט שפּאַניש, און ער האָט זיי אַריינגערוקט אַ ברייטן פאָלקסטימלעכן:

— שלום עליכם ייִדן. איך מיין אַז איך האָב קיין טעות נישט געמאַכט.

## פֿאַרלוירענע וועגן

— עליכם שלום — איז באַלד געקומען אַ היימישער ענטפֿער פֿון ביידע יידן גלייך.

פּעטראָוו האָט פֿאָרגעשטעלט זיין פֿרוי און זון און ער האָט צוגעגעבן, אַז זיין פֿרוי פֿאַרשטייט יידיש, אָבער זיין זון, דזשאָרזש, איז אַ געבוירענער אַמעריקאַנער, ער פֿאַרשטייט נישט קיין איין יידיש וואָרט.

נאַסטאַסיאַ האָט געמאַכט אַן אומצופֿרידענע מינע, פֿון דעם וואָס איר מאַן האָט איר באַליידיקט און געזאָגט, אַז זי פֿאַרשטייט יידיש. מענטשן קענען נאָך מיינען, אַז זי איז עפּעס חלילה ווער ווייסט ווער, אַ יידישקע פֿון ווילנער שול־הויף. נאַסטאַסיאַן איז אויפֿן מאָמענט געקומען אַ געדאַנק אין קאָפּ אריין, אַז איר מאַן קען נאָך איינפֿאַלן צו פֿאַרשאַפֿן איר אַ סך אַזעלכע חרפּות אין מעקסיקע. און זי האָט שוין חרטה געהאַט, פֿאַרוואָס זי האָט זיך געלאָזט איינרעדן מיטצופֿאָרן קיין מעקסיקע. דאָך האָט זי פֿון העפֿלעכקייט וועגן באַוויליקט צו געבן אַ שמייכל צו די צוויי פֿאָרגעשטעלטע יידן און, איר מאַן צוליב, האָט זי אַרויסגעוויזן אַזוי פֿיל פֿריינדלעכקייט צו זאָגן עטלעכע צעקאַלעטשעטע יידישע ווערטער:

— ביסעלע פֿאַרשטיי, נישט רעד יידיש, רעדט מיין מאַמאַשאַ, שוין פֿאַרגעסט, דאַוונאָ נישט געדענק.

עס האָט זיך באַלד אָנגעהויבן, ווי דער שטייגער איז, אַ יידישלעכער נאָכפֿרעגן זיך: פֿון וואַנען מען פֿאָרט, וווהין מ׳פֿאָרט און נאָכוואָס מ׳פֿאָרט; וואָס איז די באַשעפֿטיקונג, ווי גייט עס אין פּרנסה, וואָס מאַכט מען אין געזונט און אַזוי כּסדר און וויטער.

פּעטראָוו האָט באַמערקט, ווי די צוויי יידן קוקן זיך אָפּט אַרום, האָט ער זיי געפֿרעגט צי זיי זוכן וועמען.

— ניין — האָט געענטפֿערט דער הויכער ייד, מיט אַ ציטערנדיקער שטים — מיר זוכן נישט קיינעם. נאָר ע־ע־ע, איר פֿאַרשטייט, די קעלנערס דרייען זיך דאָ אַרום. איך מיין, איך האָב געוואָלט זאָגן, איר פֿאַרשטייט, צו וואָס דאַרף מען דאָ רעדן יידיש און די גויים זאָלן מיינען, אַז מיר זענען יידן.

— וואָס הייסט זיי זאָלן מיינען — האָט פּעטראָוו געזאָגט מיט

פאַרוואונדערונג — איר זענט דאָך טאַקע יידן. און באַזונדערס, די גויים פאַרשטייען דאָך נישט קיין יידיש, קענען זיי דאָך מיינען אַז איר זענט כינעזער אָדער טערקן!

דערביי האָט פּעטראָוו ביי זיך געטראַכט: „אָט האָסטו שוין עכטע יידישע יידן פון מעקסיקע און זיי ווילן זיך אויך פאַרשטעלן פאַר גויים".

— יאָ, ס'איז אמת, מיר זענען יידן — האָט דער נידעריקער פליכעוואַטער ייד זיך פאַרענטפערט — מיר ווילן דאָס חלילה נישט פאַרלייקענען. נישט מער, כ'ווייס וואָס, עס איז אַזוי, כ'ווייס, צו וואָס דאַרף מען? מ'קוקט שלעכט. איך מיין צו זאָגן, אַז צו וואָס דאַרף מען? ס'איז בעסער אַז נישט. צו וואָס דאַרף מען שטעכן יענעם די אויגן? איר פאַרשטייט? וואָס פאַר אַ נוצן קען עס אונדז ברענגען?

פּעטראָוו האָט איראָניש געשמייכלט. אין זייערע ווערטער האָט ער געפונען פאַר זיך אַ פאַרענטפערונג און אַ באַרעכטיקונג. ער האָט דערמיט געוואָלט כשרן זיין אייגענע באַקוועמע גויישקע מאַסקע, וואָס ער טראָגט שוין אַזוי פיל יאָרן. אין אים האָט זיך מיטאַמאָל דערוועקט זיין אַמאָליקע שטיפערישע צולהכעיסדיקייט און ער האָט, מיט שטיפערישער איראָניע, געזאָגט צו די צוויי מעקסיקאַנער יידן:

— לאָמיר אויף טשיקאַווע זען, מיר וועלן רעדן יידיש, וועלן מיר זען, צי מ'וועט אונדז אַרויסוואַרפן פון באַן, צי די סאַרווערס וועלן נישט פאַר אונדז דערלאַנגען וואָס מיר וועלן בעטן און צי מ'וועט נישט ביינאַכט צורעכט מאַכן פאַר אונדז די בעטן.

ביידע מעקסיקאַנער יידן זענען געבליבן געפּלעפט פון פּעטראָווס איראָניש־שטעכעדיקע ווערטער און זיי האָבן זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין, וואָס אַן אַמעריקאַנער פּראָפעסאָר וויל יאָ רעדן יידיש און זיי נישט.

נאַסטאַסיאַ האָט אַבסאָלוט נישט געקענט פאַרשטיין איר מאַן, וואָס פּלוצלינג האָט זיך אים פאַרוואָלט רעדן יידיש. סיידן ער איז חלילה נישט ביים קלאָרן זינען. אין געדאַנק האָט זי פולשטענדיק איינגעשטימט מיט די מעקסיקאַנער יידן, אָבער זי האָט נישט געוואָגט איבערצושפּאַרן איר מאַן.

פּראָפעסאָר פּעטראָוו ווידער איז געווען זייער צופרידן צו הערן

## פאַרלוירענע וועגן

זיין אייגענע שטים מיט יידישע ווערטער. ער האָט זיך געוואונדערט אויף זיך אַליין, ווי ער גדענקט נאָך צו רעדן יידיש, נאָך אַזוי פיל יאָרן לעבן צווישן גויים, ווו אים איז נישט אויסגעקומען צו הערן אַפילו דעם מינדסטן יידישן קלאַנג. אמת טאַקע, אַז אָפטמאָל דאַרף ער קלערן ביז ער דערמאָנט זיך אַ וואָרט, ווי מ׳זאָגט עס אין יידיש. אָבער ער איז זיכער געווען, אַז אין די עטלעכע טעג וואָס ער וועט פאָרן צוזאַמען מיט אָט די צוויי מעקסיקאַנער יידן, און אפשר זענען אין באַן פאַראַן נאָך יידן, איז ווען ער וועט אָנקומען אין מעקסיקע וועט ער שוין רעדן פריי יידיש.

עטלעכע מאָל האָט פּראָפעסאָר פּעטראָוו זיך באַגעגנט מיט די צוויי מעקסיקאַנער יידן און יעדעס מאָל האָט ער פאַרפירט מיט זיי אַ שמועס דווקא אין יידיש. הגם ער האָט איינגעזען, לויט זייער פּראַקטיקיים, אַז אַ סך צו רעדן מיט זיי וועט ער נישט האָבן וואָס. עס איז שווער געוואָרן צו געפינען אַ געמיינזאַמע טעמע, וועלכע זאָל קענען דינען פאַר אַ לאַנגן שמועס צווישן מענטשן פון פאַרשידענע וועלטן, פון פאַרשידענע קולטור־שטאַנדן און פון פאַרשידענע באַגריפן. אָבער אַפילו צו פלוידערן איבער נאַרישקייטן האָט פּעטראָוון אינטערעסירט, אַבי צו רעדן יידיש. עס האָט אים הנאה געטאָן ווען ער האָט געזען, אַז וואָס אַמאָל דערמאָנט ער זיך מער יידישע ווערטער און דאָס רעדן הייבט אים אָן צו ווערן לייכטער און נאַטירלעכער.

אָבער איין מאָל, דאָס איז געווען אויפן צווייטן טאָג פון דער רייזע, האָט פּעטראָוו געהערט ווי די צוויי יידן צווישן זיך האָבן באַנוצט אַ מיאוס פּאָרנאָגראַפיש וואָרט, און דאָס איז נאָך געווען אין דער קעגנוואַרט פון זיין פרוי. פּעטראָוון האָט מיטאַמאָל אָנגעכאַפּט אַן עקל צו אָט די צוויי מעקסיקאַנער יידן. ער האָט שוין חרטה געהאַט אויפן גאַנצן ענין, פאַרוואָס ער האָט געזוכט זיך צו דערנענטערן צו זיי. ער האָט איינגעזען, אַז זיין פרוי איז גערעכט געווען וואָס זי האָט געזאָגט, אַז די דאָזיקע צוויי יידן געפעלן איר נישט. און ער האָט באַשטימט אויף ווייטער זיי אויסצומיידן. בכלל האָט ער באַשלאָסן אויפצוגעבן זיין פאַרלאַנג צו וועלן רעדן אויפן וועג דווקא אין יידיש.

# דער צוזאַמענטרעף פון פּראָפעסאָר פּעטראָוו מיט הרב זלמן שטיינבערג

אזוי געגאַנגען איז אים אַנטקעגנגעקומען אַ שיינער, ברייטפּלייציקער און הויכער מאַן, אין ברילן, מיט אַ לאַנגער שוואַרצער באָרד. ער איז אזוי געגאַנגען איז אים אַנטקעגנגעקומען אַ שיינער, ברייטפּלייציקער הויכער מאַן, אין ברילן, מיט אַ לאַנגער שוואַרצער באָרד. ער איז צוגעקומען צו פּעטראָוון, האָט זיך פאַרנייגט און אין אַ פיינעם ענגליש האָט ער געפרעגט:

— אויב איך מאַך נישט קיין טעות, זענט איר פּראָפעסאָר פּעטראָוו?

— יאָ, איך בין עס. מיט וואָס קען איך האָבן דעם כבוד אייך צו דינען?

— איך בין הרב זלמן שטיינבערג. מיין זון איז אייערער אַ סטודענט. מיר פרייט זייער אייך צו טרעפן אין דער דאָזיקער צוזאַמענריי זע.

זיי האָבן זיך געגעבן די הענט און פּעטראָוו האָט געזאָגט:

— מיר פרייט באמת צו באַקענען זיך מיטן פאָטער פון מיין געניאַלן סטודענט, האַרי שטיינבערג. איך האָב אים אויפריכטיק ליב. עס שטייט אים פאַר אַ גלענצנדיקע קאַריערע אַלס מעדיקער, ער האָט מיר דערציילט, אַז זיין פאָטער איז אַ רב אין ניו־יאָרק. איך האָב ביז איצט נישט געהאַט דעם כבוד אייך צו קענען. טוט מיר

## פארלוירענע וועגן

באמת הנאה אַט די דאָזיקע געלעגנהייט. איך פאָר קיין מעקסיקע מיט מיין פרוי און זון אויף וואקאציע־צייט. און וווהין פאָרט איר?

— איך פאָר אויך קיין מעקסיקע, אין א געזעלשאפטלעכער שליחות.

— אויב אזוי וועל איך זיין זייער צופרידן מיר זאָלן פארברענגען דעם רייזע־וועג צוזאמען. מיר וווּנדערט וואָס איך האָב אייך אין דער גאַנצער צייט נישט באַגעגנט אין רעסטאָראַן־וואַגאָן.

דער רב האָט זיך צעשמייכלט און געזאָגט:

— דאָרטן, אין רעסטאָראַן־וואַגאָן, דאַרפט איר פאַרשטיין, הער פּראָפעסאָר, קענט איר מיך נישט טרעפן. איך האָב נישט דאָרטן וואָס צו טאָן, וואָרן עסן קען איך דאָרטן נישט, אפילו מיט זייערע כלים קען איך זיך נישט באַניצן, ווייל עס איז פארבאָטן לויטן יידישן דין. אָבער איך נעם געָרן אָן אייער איינלאַדונג צו פארברענגען צוזאמען, מיט אייך און אייער חשובער פאמיליע, אין דער צייט פון דער רייזע. עס וועט זיין פאַר מיר א גרויסער פארגעניגן צו שמועסן מיט אזא הויכגעלערנטן מאַן. מיין זון האָט מיר וועגן אייך א סך דערציילט.

— נאָר טרייבט נישט איבער, הער ראַביי, — האָט פּראָפעסאָר פּעטראָוו עניוותדיק זיך צעשמייכלט.

און ביידע האָבן נאָכאמאָל זיך געדריקט די הענט.

דעם גאַנצן ווייטערדיקן וועג האָבן זיי, פּראָפעסאָר פּעטראָוו און הרב שטיינבערג, שוין פארבראַכט צוזאמען. די שמועסן צווישן זיי האָב זיך געוויקלט איבער פארשידענע וועלט־פּראָבלעמען, איבער דערציוּנגס פראַגן, איבער די אָנשויוּנגען פון דעם יונגן דור אין אַמעריקע און אויך וועגן די אייראָפּעישע און אַמעריקאַנער ליטעראַטורן, אין וועלכע ביידע זענען געווען גוט באַהאוונט.

נאַסטאַסיא מיט דזשאָרזשן האָבן הנאה געהאַט זיך צו צוהערן צו די אינטערעסאַנטע שמועסן און טיילמאָל האָבן זיי אויך אָן אַנטייל גענומען.

אַז די צוויי מעקסיקאַנער יידן האָבן געזען ווי דער אַמעריקאַנער פּראָפעסאָר מיטן רב האַלטן זיך אזוי נאָענט, האָבן זיי איינמאָל

געפרעגט דעם רב וועגן פּראָפעסאָר פּעטראָוו, וועמען זיי האָבן געהאַלטן פאַר אַ צעדרייטן.

— אַה, דער פּראָפעסאָר — האָט דער רב זיי געגעבן צו דערקלערן — איז אַ באַרימטער מעדיקער, אַ גרויסער געלערנטער מענטש און ער איז איינער פון די גרעסטע פּראָפעסאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

און ער האָט צוגעגעבן מיט שטאָלץ:

— מיין זון איז זיינער אַ סטודענט אין פילאַדעלפיער אוניווערסיטעט.

די צוויי יידן האָבן זיך אַזוי מאָדנע איבערגעקוקט און דער הויכער האָט געפרעגט:

— איז ער, דער פּראָפעסאָר, אַ ייד?

דער רב האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט:

— ווי פאַלט אייך איין אַזאַ אַבסורד?! פּראָפעסאָר פּעטראָוו איז אַן עכטער רוס. זיין פאָטער איז געווען אַ רוסישער גענעראַל ביים צאַר און ער, פּעטראָוו, איז נאָך אין רוסלאַנד געווען אַ מיליטער־דאָקטאָר אין דער צארישער אַרמיי. מיין זון ווייסט זיין גאַנצע ביאָגראַפיע.

— פאַרוואָס זשע האָט ער מיט אונדז נאָר געוואָלט רעדן יידיש? און ער רעדט יידיש פּונקט ווי איינער פון אונדז.

— עס קען נישט זיין. איר מאַכט אַ טעות. עס איז אוממעגלעך.

— אַז איך זאָג אייך. איך וועל דאָך נישט אויסטראַכטן קיין מעשה׳ס. זאָל ער זאָגן — האָט ער אָנגעוויזן אויף זיין פריינד, דעם פליכעוואַטן — מיר האָבן מיט אים גערעדט יידיש.

— ער האָט אוודאי געמוזט זיין אַ צייט צווישן יידן — האָט דער רב געגעבן צו פאַרשטיין — האָט ער זיך אויסגעלערנט עטלעכע ווערטער יידיש. איר דאַרפט פאַרשטיין ווען ער וואָלט באמת געווען אַ ייד וואָלט ער זיך דאָך געוועזן געשעמט מיטן יידישן לשון, ווי אַלע אונדזערע יידן ווען זיי ווערן גרויס ביי די גויים. איך פאַרזיכער אייך,

# פארלוירענע וועגן

אז פּראָפעסאָר פּעטראָוו איז א פּאָניע מבטן ומלידה. אפילו אין זיין פּנים קענט איר דאָס דערקענען.

ביידע מעקסיקאַנער יידן האָבן שוין דאַמאָלסט צוגעגעבן, אז דער פּראָפעסאָר רעדט טאַקע יידיש ווי א גוי.

אז דער רב שטיינבערג און דער פּראָפעסאָר פּעטראָוו זענען שוין געווען גוט היימיש צווישן זיך, האָט פּעטראָוו זיך אינטערעסירט צו וויסן פון וואַנען הרב שטיינבערג שטאַמט פון דער אַלטער היים, ווי לאַנג ער איז שוין אין די פאר. שטאַטן און מיט וואָס פאר א שליחות ער פאָרט קיין מעקסיקע.

הרב שטיינבערג האָט אים דערציילט אז ער שטאַמט פון פּוילן. ער איז ערשט אינגאַנצן צען יאָר אין די פאר. שטאַטן און ער פאָרט אין שליחות וועגן קאַמפּיין פאַרן „קרן היסוד", וואָס גייט אָן אין מעקסיקע צווישן די דאָרטיקע יידן.

— וואָס איז דאָס פאר א קאַמפּיין — האָט פּעטראָוו געפרעגט — און וואָס באַדייט קרן היסוד?

דער רב האָט דערקלערט, אז „קרן היסוד" מיינט א גרונט־פאָנד. דאָס איז א פאָנד אזא, צו העלפן אויפבויען דאָס באַנייטע, אַלטע, יידישע היימלאַנד, ארץ ישראל, און דאָס געלט ווערט געזאַמלט צווישן אַלע יידן אין דער וועלט.

— אָה. דאָס איז זייער גוט, זייער גוט, — האָט פּעטראָוו אויסגערופן מיט באַגייסטערונג — עס איז שוין צייט, אז יידן זאָלן אויפהערן צו זיין נע ונד איבער דער וועלט, ווי ציגיינער, אָן אָן אייגן היימלאַנד און אומעטום זאָל מען זיי האַלטן פאר איבעריקע, אומגעוווּנטשענע און אָנגעוואָרפענע; אומעטום, ביי יעדן קאַמף צווישן וועלט־מאַכטן זענען יידן די ערשטע פּאַרטיליקט צו ווערן. שוין צייט אז יידן, מיט זייער אינטעלעגענץ, מיט זייער ענערגיע, איניציאַטיוו און גייסטיקע פעיקייטן, זאָלן נישט דאַרפן אוועקגעבן זייערע כוחות פאר פרעמדע און קריגן דערפאר באַצאָלט מיט שטיינער, מיט בילבולים, מיט שייטער־הויפנס, מיט גאַז־קאַמערן און קאַלך־הויוונס. שוין צייט, אז יידן, אלס פאָלק, זאָלן ווידמענען זייערע גייסטיקע און פיזישע כוחות פאר זיך אַליין, צום נוצן פון די אייגענע פאָלקס אינטערעסן און זיי זאָלן שוין ווערן א פאָלק מיט פעלקער

צוגלייך. ווען איך האב געהערט, אז יידן האבן פראקלאמירט אן אייגענע, זעלבסטשטענדיקע, יידישע מדינה, אין לאנד פון זייער אפשטאם, בין איך זייער צופרידן געווען. עס איז זייער גוט, וואס אלע יידן אין דער וועלט העלפן צו צום אויפבוי פון זייער היימלאנד. איך אליין בין אויך גרייט, אויב מ׳וועט ביי מיר אננעמען, צו געבן מיין באשיידענע באשטייערונג פאר דעם דאזיקן אויפבוי־פאנד, וואס הייסט, ווי האט איר געזאגט?

— קרן היסוד — האט דער רב אים ארויסגעהאלפן.

הרב שטיינבערג איז געווען איבערראשט צו הערן פון א גוי אזעלכע ווערטער. ער האט זיך געטראכט, אז הלוואי וואלטן אנדערע יידן געווען אזוי פעיק צו פארשטיין די יידישע פראבלעמען. ווי אט דער גוי.

— מיט פארגעניגן — האט הרב שטיינבערג געזאגט — וועלן מיר אייער באשטייערונג אננעמען. זאגט מיר ווו איר וועט איינשטיין אין מעקסיקע וועלן מיר צוקומען צו אייך.

— מיר וועלן איינשטיין אין האטעל „מאזשעסטיק״. צו יעדער צייט וועט איר זיין ביי אונדז א גוטער און אנגעלייגטער גאסט.

עטלעכע מינוט איז פראפעסאר פעטראוו געבליבן זיצן פארטראכט, דעם קאפ אנגעשפארט אויף ביידע הענט, ווי ער זאל זיין פארזינקען אין מחשבות. דער רב איז געזעסן נעבן אים אין איינגעהאלטענער שטילקייט. ער האט דעם פראפעסאר נישט געוואלט שטערן. מיטאמאל האט פעטראוו א פרעג געגעבן:

— רבי שטיינבערג, איר האט געזאגט, אז אינגאנצן ערשט צען יאר ווי איר זענט אין אמעריקע, ווי אזוי זשע איז אייך געלונגען ארויסצוכאפן זיך פון פוילן אין רעכטן מיטן ברען פון דער צווייטער וועלט־מלחמה?

— אה, דאס איז א גאנצע געשיכטע. אויב איר ווילט, הער פראפעסאר, וועל איך אייך דערציילן.

— זייער גערן וואלט איך עס וועלן פון אייך הערן.

און הרב שטיינבערג האט אנגעהויבן צו דערציילן:

# פאַרלוירענע וועגן

— מיר זענען געווען צוויי חברים אין דער שטאָט ביאַלע, אין פּוילן. פון קינדווייז אָן האָבן מיר זיך געהאַלטן צוזאַמען. מיר האָבן געלערנט צוזאַמען אין דער ליטווישער שטאָט נאָוואָרדאָק, אין דער דאָרטיקער ישיבה. דאָס איז אַזאַ רבנישע אַקאַדעמיע. מיר האָבן זיך גערעכנט דאָרט פון די בעסטע תלמידים אין דער ישיבה. ביידע גלייך האָבן מיר דאָרט געקריגן סמיכה אויף רבנות. דערנאָך האָבן מיר כמעט אין דער זעלביקער צייט חתונה געהאַט. איך בין געוואָרן אַן איידעם פון ביאַלער רב און מיין חבר, שמעון זאַלקינד, איז געוואָרן אַן איידעם פון יאַנאָווער רב.

פּעטראָוו האָט פלוצלינג געגעבן אַ שטעל אָן אויפן רב אַ פּאָר אויסגעשטאַרצטע, צעשראָקענע אויגן און ער האָט אַ געשריי געגעבן:

— פון וואַנען זאָגט איר, איז אייער חבר געוואָרן אַן איידעם, פון יאַנאָווער רב ר׳ שלמה קאַצענעלענבויגן? ער האָט חתונה געהאַט מיט זיין שטומער טאָכטער, מיט שפּרינצען?

— וואָס איז, הער פּראָפעסאָר, — איז דער רב אַזש פאַרציטערט געוואָרן פון איבעררראַשונג — וואָס איז, פון וואַנען האָט איר געקענט דעם יאַנאָווער רב און זיין טאָכטער?

פּראָפעסאָר פּעטראָוו האָט זיך געכאַפּט, אַז ער איז אַריינגעפאַלן, אַז אין זיין פלוצלינגדיקער צערודערונג האָט ער זיך אַליין געמסרט, האָט ער באַלד אויפן אָרט צוגעטראַכט אַ ליגנט און, מיט אָנשטרענגונג צו האַלטן זיך רויק, האָט ער געזאָגט:

— יאָ, איך האָב געקענט דעם יאַנאָווער רב און זיין פאַמיליע. ווען איך האָב געדינט, אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַלס מיליטער־דאָקטאָר אין פּוילן, איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין יאַנאָווע. איך האָב זיך דאָרטן זייער גוט באַפריינדעט מיטן רב און מיט זיין פאַמיליע. איך געדענק, אַז ביים רב איז געווען איין טאָכטער אַן אַלמנה, רבקה האָט זי געהייסן, און אַ טאָכטער אַ מיידל, זייער אַ שיינע איז זי געווען אָבער אַ שטומע, זי האָט געהייסן שפּרינצע. און די רביצן איז שטענדיק געווען אַ קראַנקע.

— אַזוי איז טאַקע געווען — האָט דער רב געזאָגט — איר האָט זייער אַ גוטן זיכרון, הער פּראָפעסאָר. די עלטערע טאָכטער, די

## מ א י ר  ק אָ ר אַ נ אַ

אלמנה האָט נאָך, באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַ צווייט מאָל חתונה געהאַט. זי מיט איר מאַן וווינען היינט אין ירושלים. ער איז אַ גרויסער גאון און ער פאַרנעמט דאָרטן, אין ירושלים, זייער אַ חשובע פּלאַץ, אַלס איינער פון די אָנגעזעענסטע רבנים. דער שטומער טאַכטער, שפּרינצען, האָט מען אָפּערירט און זי האָט גענומען רעדן נאָרמאַל ווי יעדער מענטש.

פּעטראָוו איז געזעסן כלומרשט אַ רויקער, אָבער אין זיין בלייך געוואָרענעם פּנים, אין די אומרויקע באַוועגונגען מיט די הענט, און אין זיינע נערוועזע און צעשראָקענע אויגן האָט מען געקענט באַמערקן אַן אינערלעכע אויפרעגונג און אַ צעברויזטע צעטראָגנקייט. מיט אומגעדולדיקער געשפּאַנטקייט האָט פּעטראָוו שוין געוואָלט הערן וואָס דער רב וועט ווייטער דערציילן, האָט ער געפרעגט:

— נו און וואָס ווייטער?

— איך בין געוואָרן רב אין אַ שטעטל לאָמאַז און מיין חבר, שמעון זאַלקינד, איז געבליבן צוזאַמען מיט זיין שווער. דער יאַנאָווער רב איז שוין געווען אַלט און שוואַך, האָט מיין חבר פּאַקטיש געפירט דאָס רבנות אין יאַנאָווע.

— אין יאָר 1939 — האָט הרב שטיינבערג ווייטער דערציילט — זענען די דייטשן באַפאַלן פּוילן. דאָס פּוילישע מיליטער איז צעקראָכן געוואָרן און די דייטשן האָבן זיך גערוקט אַלץ נענטער צו אונדז. מיר האָבן שוין געהערט פון די חורבנות וואָס די דייטשן מאַכן אָן אין די פּוילישע שטעט און די שוידערלעכקייטן וואָס די נאַציס טוען צו יידן אין די פאַרנומענע ערטער, האָבן מיר ביידע חברים, שמעון זאַלקינד און איך, באַשלאָסן צו אַנטלויפן פון פּוילן. מיר האָבן אויך געוואָלט מיטנעמען דעם אַלטן יאַנאָווער רב מיט דער פרוי, אָבער ער האָט זיך איינגעעקשנט, אַז ער וועט זיך נישט רירן פון אָרט. וואָס עס וועט זיין מיט אַלע יידן, האָט ער געטענהט, וועט זיין מיט אים אויך.

וויפל מיר האָבן אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז על פּי דין מוז יעדער איינער זיך ראַטעווען אין אַ צייט פון סכנה אָבער ער האָט אַפילו נישט געוואָלט הערן פון דעם. אַ דין, האָט ער געזאָגט, ווייסט ער בעסער פון אונדז. צוליב דעם אַלטן איז שוין געבליבן מיט אים

# פארלוירענע זועגן

אויך די רביצן. מיר אלע פיר, מיין חבר מיטן ווייב און איך מיטן ווייב, האבן זיך געלאזט לויפן. קיין קינדער האבן מיר ביידע נישט געהאט. אזוי זענען מיר אנגעקומען קיין לידע. לידע איז שוין געווען נאענט פון דער ליטווישער גרענעץ. אין לידע האט דער דארטיקער רב זייער א סך אונדז געהאלפן, און ער האט זיך באמיט, אז מיר זאלן קענען זיך אריבערשווארצן איבער דער גרענעץ. אזוי זענען מיר אנגעקומען קיין קאוונע.

הרב שטיינבערג האט זיך פארטראכט און ער האט א שווערן זיפץ געטאן.

אין פעטראווון האט געברענט א נערוועזע אומגעדולדיקייט, צו וויסן שוין וואס ווייטער איז געשען, האט ער געפרעגט:

— נו, און וואס ווייטער?

— אין קאוונע — איז דעם רב געקומען טרערן אין די אויגן און ער האט גערעדט מיט א געבראכענער שטים — איז מיין ליבע פרוי קראנק געווארן. זי איז געווען זייער אן איידעלע און האט נישט געקענט איבערטראגן די שרעק און דאס פלאגן זיך אין די וועגן. נאך עטלעכע טעג קראנק זיין איז זי געשטארבן. מילא, אזוי גייט דאס לעבן, די טויטע באוויינט מען, זיי לאזן איבער א טרויער אין הארצן, אבער דער דראנג אנצוגיין ווייטער מיטן לעבן איז ביים מענטש שטארקער פון אלץ, מיט אלע כוחות רייסט זיך דער מענטש אנצוהאלטן זיין ווייטערדיקע עקזיסטענץ און עס איז א נאטירלעכער אינסטינקט ביי יעדער באשעפעניש צו אנטלויפן פון א מקום סכנה. האבן מיר נאך עטלעכע חדשים זיין אין קאוונע, זיך געלאזט ווייטער, אין לאנגן און ווייטן וועג אריין, איבער גאנץ רוסלאנד קיין מאסקווע; פון מאסקווע קיין וולאדיוואסטאק, און פון דארט מיט א שיף קיין יאפאן. ערשט אין יאפאן האט מיר פריי אפגעאטעמט פון דעם לאנגן און שווערן וועג, וואס איז פול געווען מיט שרעק, מאטערנישן, יסורים און צרות. אין קאבע, יאפאן, האט א דזשאינט־קאמיטעט באזארגט, די אלע אנטלאפענע, מיט דירות, אויסהאלטונג און אויך מיט געלט. באזונדערס האבן די יאפאנישע יידן ארויסגעוויזן צו רבנים זייער א ווארעמע און הארציקע באציונג.

— אין יאפאן — האט דער רב פארגעזעצט זיין דערציילן —

# מ א י ר   ק אָ ר אַ נ אַ

זענען מיר געצוווּנגען געווען צו בלייבן אכט חדשים צייט. באַטש מיר האָבן געהאַט די וויזעס קיין אַמעריקע, וואָס זענען אונדז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון אַמעריקאַנער קאָנסול אין קאָוונע, דאָך האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף גרויסע שוועריקייטן פון דעם אַמעריקאַנער קאָנסול אין יאַפּאַן, צו אָנערקענען די גילטיקייט פון אונדזערע וויזעס. ערשט נאָך לאַנגע חדשים, פון באַמיונגען און פּראָטעקציעס, זענען אונדזערע וויזעס באַשטעטיקט געוואָרן. אין אָנהייב 1940 זענען מיר אָנגעקומען צו די ברעגן פון די פאַר. שטאַטן.

דער רב איז אַנטשוויגן געוואָרן און ער האָט אָפּגעצויגן דעם אָטעם, ווי אין אַפּרו נאָך אַ לאַנגן און שווערן צופּוס־וועג. אָבער פּראָפעסאָר פּעטראָוו האָט אַלץ געוואָלט אַרויסקריגן פון רב נאָך און נאָך, האָט ער געפרעגט:

— נו, און וואָס ווייטער?

— ווייטער איז געווען אַזוי: איך האָב אין די פאַר. שטאַטן, אין צווייטן יאָר נאָך מיין אָנקומען, נאָכאַמאָל חתונה געהאַט מיט זייער אַ ווויילער פרוי, אויך אַן אַנטלאָפענע פון פּוילן. איך האָב אַדאָפּטירט איר זון פון ערשטן מאַן. דאָס איז אייער סטודענט, האַרי שטיינבערג, און מיר האָבן שוין צוזאַמען צוויי יינגלעך. איך בין רב אין דער שול „שבת אחים" אין ניו יאָרק און, דאַנקען גאָט, איך האָב נישט חלילה אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן.

— און וואָס איז געוואָרן מיט אייער חבר און זיין פרוי שפּרינצע? — האָט פּעטראָוו אומגעדולדיק געפרעגט.

— מיין חבר שמעון זאַלקינד און זיין פרוי האָבן צוויי ווויילע קינדער, אַ צווילינג, אַ יינגל מיט אַ מיידל. דאָס יינגל, חיים ליב, וואַקסט אַ גאון אַ מאַטעמאַטיקער.

— ווי האָט איר געזאָגט הייסט שפּרינצעס יינגל? — האָט פּעטראָוו איבערגעפרעגט און דערביי אַ שטילן זיפץ געטאָן.

— ער הייסט חיים ליב — האָט דער רב גאַנץ גלייכצייטיק געענטפערט — די מוטער האָט אים געלאָזט אַ נאָמען געבן נאָך אירן אַ פּלימעניק, רבקהס אַ זון, וועלכער איז מיט אַ סך יאָרן צוריק

# פאַרלוירענע וועגן

אומגעקומען אין רוסישן מיליטער, ווו ער האָט געדינט נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. זי, שפּרינצע, זאָגט אַז איר חיים לייב וואַקסט אַזאַ געניאַלער מענטש פּונקט ווי איר פלימעניק חיים לייב איז געווען.

— יאָ — האָט פּעטראָוו געזאָגט שטיל, ווי ער זאָל רעדן צו זיך אַליין — איך ווייס עס. חיים לייב, דעם יאַנאָווער רבס אייניקל, איז אומגעקומען. דער יאַנאָווער רב האָט עס מיר דערציילט. און וואָס טוט שפּרינצעס מאַן?

— ער איז אַ גרויסער למדן, מיין חבר שמעון זאַלקינד, ער איז ראש הישיבה אין אַ באַרימטער ישיבה, אין וויליאַמסבורג, ברוקלין. און ער מאַכט אַ גאַנץ פיין לעבן.

— איר ווייסט, רבי שטיינבערג, איך וואָלט נאָך געוואָלט זען אַמאָל שפּרינצען, וועלכער איך געדענק נאָך פון קינדווייז. איך וואָלט אויך געוואָלט זיך באַקענען מיט איר מאַן און מיט די קינדער.

— זייער גוט. מיט פאַרגעניגן וועל איך אייך געבן זייער אַדרעס.

אין אַ רעגנדיקן נאָכמיטאָג איז דער צוג אָנגעקומען אויף דער באַן־סטאַנציע פון דער שטאָט מעקסיקע.

פּראָפעסאָר פּעטראָוו, זיין פרוי און זון האָבן זיך האַרציק אָפּגעזעגנט מיט הרב שטיינבערג און עס איז ביי זיי אָפּגעשטימט געוואָרן צו טרעפן זיך אין מעקסיקע.

## פראָפעסאָר פּעטראָװוס ערשטער טאָג אין מעקסיקע

באַלד װי די פּעטראָװוס זענען אַריין אין האָטעל איז דזשאָרזש צו צום פאָטער און נישט דרייסט געפרעגט:

— מיר װעלן באַלד צוגיין צו פּערלאַס עלטערן, צו די קיזעלשטיינס?

פּעטראָװו האָט גאָרנישט געענטפערט. ער איז געשטאַנען קעגנאיבער דזשאָרזשן און מיט אַ באַדױערנדיקן קוק האָבן זיינע אױגן אָפּגעמאָסטן דעם זון זײנעם פון אױבן ביז אַראָפּ און ער האָט ביי זיך געטראַכט: „אַך װען אין די היציקע יונגנט־יאָרן װאָלט מען פאַרמאָגט דעם געזעצטן שכל פון דער עלטער, װאָס פאַר אַ װוּנדערבאַרע קאָמבינירונג דאָס װאָלט געװען!”

װען דזשאָרזש האָט געזען װי דער פאָטער קוקט אויף אים אַזױ מאָדנע, שאָקלט מיטן קאָפּ און שװײגט, האָט ער נאָך צוגעגעבן:

— עס איז זייער נאָענט פון דאַנען, בלױז עטלעכע גאַסן צו צוגיין.

ערשט דאַמאָלסט האָט פּעטראָװו געענטפערט:

— יאָ מיין זון, עס איז זייער נאָענט, אָבער נאָך גאָר װײט.

— איך פאַרשטיי נישט װאָס דו מיינסט.

— אויב דו פאַרשטייסט נישט װעל איך דיר דערציילן אַ מעשה. עס װערט געבראַכט אין יידישע ספרים, אַז אין דער אַמאָליקער ירושלים זענען די קינדער געװען אויסערגעװיינלעך קלוג. אַלס באַװייז װערט דערציילט אַזוי: איינער איז געגאַנגען אויפן װעג קיין

# פאַרלוירענע וועגן

ירושלים. אינמיטן גיין איז ער צוגעקומען צו א שיידוועג, פון וואנען עס האָבן זיך געצויגן צוויי וועגן. האָט דער מאַן נישט געוווסט וועלכער וועג עס פירט קיין ירושלים. אינדעם איז אים אַנטקעגנגעקומען א קינד. האָט דער מאַן געפרעגט ביים קינד, וועלכער וועג פון די צוויי פירט קיין ירושלים. האָט אים דאָס קינד געענטפערט, אַז ביידע וועגן פירן קיין ירושלים, איינער איז א נאָענטער וועג אָבער א ווייטער, דער צווייטער וועג איז א ווייטער אָבער א נאָענטער. דער מאַן האָט זיך געלאָזט מיט דעם נאָענטן וועג, כאָטש ער איז ווייט. ער איז אָפּגעגאַנגען א שטיקל וועג האָט ער געזען, אַז דער וועג איז טאַקע א נאָענטער. אָט זעען זיך שוין די ערשטע הייזער פון ירושלים. ער האָט זיך געפרייט וואָס שוין באַלד וועט ער זיין אין ירושלים. אַזוי גייענדיק האָט ער דערזען פאַר זיך א טיפן גרוב איבער דער גאַנצער ברייט פון וועג. מיט צרות און מאַטערניש איז ער קוים אַריבערגעקראָכן דעם גרוב. ער איז אָפּגעגאַנגען ווייטער א שטיקל וועג האָט ער אָנגעטראָפן אויף א באַרג שטיינער. ערשט דאַמאָלסט האָט דער מאַן פאַרשטאַנען די קלוגשאַפט פון דעם קינדס ווערטער, אַז דער וועג איז אין שטח טאַקע נאָענט, אָבער עס איז זייער ווייט מיט אים אָנצוקומען. דער מאַן האָט גענומען שפּאַנען אויף צוריק ביז ער איז קוים אָרוים צום פּלאַץ ווו ער איז פריער געשטאַנען און ער האָט גענומען גיין אויף דעם וועג, וואָס דאָס קינד האָט געזאָגט אַז ער איז א ווייטער אָבער א נאָענטער. דער וועג איז טאַקע געווען א לאַנגער און א ווייטער, אָבער ער איז געווען אויסגעפּלאַסטערט, ריין, גלאַטיק, אָן קיין שטרויכלונג. מיטן דאָזיקן וועג איז דער מאַן אָנגעקומען בשלום און צופרידן צו זיין ציל, קיין ירושלים.

— נו, דזשאָרזש, איצט האָסטו שוין פאַרשטאַנען? — האָט פּעטראָוו געפרעגט.

דזשאָרזש האָט אָראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געשוויגן.

*

פּראָפעסאָר פּעטראָוו האָט, אין דער ערשטער נאַכט אין האָטעל, געהאַט א שלאָפלאָזע נאַכט. דער שמועס, וואָס ער האָט געהאַט מיט הרב שטיינבערג אין באַן, האָט אים נישט געלאָזט קיין מנוחה. דער געדאַנק, אַז זיין אַלטע מאַמע לעבט און זי וווינט אין ירושלים; דאָס דערוויסן זיך, אַז שפּרינצע, דער מאַמעס שוועסטער, געפינט זיך שוין

## מ א י ר   ק אָ ר אָ נ אַ

איבער צען יאָר אין ניו יאָרק, אַזוי נאָענט פון אים, — האָט אים געמאַטערט און געפּייניקט. פאַר זיינע אויגן האָט, אין יענער נאַכט, אויפגעלעבט דעם זיידנס הויז אין יאַנאָווע. ער האָט באַטראַכט יעדעס ווינקעלע פון זיידנס שטוב, ווו ער איז געבוירן און אויפגעהאָדעוועט געוואָרן, און פון יעדן שפּאַן האָבן צו אים אַרויסגעוווּנקען היימישע בילדער פון זיין יוגנט. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי ווען ער פלעגט אַהיימקומען אויף יום טוב פון נאָווימינסקער ישיבה האָט די קליינע שפּרינצע זיך גאָרנישט געקענט אָפּרייסן פון אים. זי פלעגט אים האַלטן אין איין קושן. זי האָט אים זייער שטאַרק ליב געהאַט. ער פּעטראָוו, האָט זיך דערמאָנט, ווי די קליינע שפּרינצע פלעגט שטענדיק אין אים אַרויסרופן גרויס רחמנות, וואָס זי איז נעבעך געווען אַ שטומע. געהערט האָט זי זייער גוט, נאָר רעדן האָט זי נישט געקענט. זי האָט זיך אַליין אויסגעאַרבעט איר אייגענעם אופן פון רעדן מיט אַ צייכן־שפּראַך, מיט די הענט, און אַלע האָבן זי פאַרשטאַנען. וואָס זי האָט שוין נישט געקענט באַווייזן צו דערקלערן מיט די הענט, פלעגט זי אויפשרייבן. דאָס האָט איר די שוועסטער אויסגעלערנט שרייבן. היינט, ווי שטיינבערג האָט דערציילט, רעדט זי נאָרמאַל ווי יעדער מענטש. פּעטראָוון האָט, אין יענער שלאָפלאָזער נאַכט, אָנגעכאַפּט אַ בענקשאַפט נאָך שפּרינצן. אַך ווי גוט וואָלט געווען, האָט ער געטראַכט, ווען ער וואָלט זיך מיט איר ווידער געטראָפן, איר אַלצדינג דערציילן און פאַר איר זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן. זי, שפּרינצע, וואָלט אים זיכער אַלץ מוחל געווען און זי וואָלט זיך מיט אים דערפרייט. זי האָט דאָך אים אַמאָל אַזוי שטאַרק ליב געהאַט. און אָט זעט ער דאָך, אַז זי האָט אין אים נישט געקענט פאַרגעסן, איר יינגל האָט זי אַ נאָמען געגעבן חיים לייב, נאָך אים „דעם אומגעקומענעם יונגן פעטער, וועמען זי האָט אַמאָל זייער ליב געהאַט".

עטלעכע מאָל האָט פּעטראָוו איבערגעחזרט מיט אַ זיפץ דעם נאָמען „חיים לייב". אַ נאָמען, וועלכן ער האָט שוין לאַנג געהאַט פאַרגעסן, איז אים אין יענער נאַכט געוואָרן מיטאַמאָל אַזוי נאָענט און טייער. כאָטש ער האָט אים אָפּגעקלונגען ווי אַן עכאָ פון אַ ווייטער וועלט, צו וועלכער ער קען זיך שוין צוריק נישט אומקערן. ניין, ער קען שוין צוריק נישט גיין. אַהין זענען אַלע וועגן שוין פאַרלוירן געגאַנגען. עס איז שוין פאַרפאַלן. ער מוז שוין אַזוי

# פאַרלוירענע וועגן

אָפּלעבן די רעשט פון זײַנע יאָרן, אַלס געבוירענער רוס און אַלס אַמעריקאַנער פּראָפעסאָר, מיטן נאָמען דאַניעל סערגייעוויטש פּעטראָוו.

איז וואָס זשע וועט זײַן מיט ברכהן? — האָבן זײַנע געדאַנקען אים געמאַטערט — ער איז דאָך ספּעציעל געקומען קײן מעקסיקע, דעם זון צוליב, כּדי צו לאָזן זיך דערקענען צו ברכהן, אַז זי זאָל נישט מײנען, אַז דזשאָרזש איז אַ גוי. אָדער אפשר גאָר, האָט ער געטראַכט, וואָלט גלײַכער געווען, ער זאָל דאָס אינגאַנצן אויפגעבן. דער זון וועט סוף כּל סוף זײַן פּערלאַן פאַרגעסן, פּונקט ווי ער האָט דאַמאָלסט אין ברכהן פאַרגעסן. דזשאָרזש וועט חתונה האָבן מיט זײַנס גלײַכן, מיט אַן אַמעריקאַנער מיידל, און אַלץ וועט בלײַבן בײַם אַלטן. האָט ער דאָך אָבער שוין פאַרן זון אַלצדינג דערציילט, דעם אמת ווער ער איז. קען דאָך זײַן, אַז דאָס וואָס ער וועט אַליין נישט וועלן טאָן, וועט דזשאָרזש דאָס סײַ ווי טאָן אָן אים.

אָבער ניין, ניין, — האָט פּעטראָוו אויפגעציטערט בײַם דאָזיקן געדאַנק — דאָס טאָר נישט געשען און עס וועט נישט געשען. ער קען שוין צוריק נישט גיין, צוריק צו יידישע צרות און צו יידישער דערשלאָגענקייט. האָט ער אײנמאָל פון דאָרטן זיך אַרויסגעריסן, זענען שוין אויף צוריק אַלע וועגן פאַרלוירן.

אָבער — האָט ער זיך ווידער באַטראַכט — צי קען מען דען זיך אַרויסרײַסן אויף שטענדיק פון דער אײגענער הויט. אָט ווען דו מיינסט שוין גוט און דו ביסט שוין זיכער, אַז דו ביסט אַן אמתער גוי, אַ געבוירענער דאַניעל סערגייעוויטש פּעטראָוו, און די יידישע פאַרגאַנגענהייט איז שוין לאַנג אויסגעמעקט פון דײַן זכּרון, קומט דיר מיטאַמאָל אונטער דער זון, וואָס פאַרליבט זיך אין אַ יידיש מיידל, וועמענס מאַמע עס איז די נאָווימינסקערין ברכה; עס קומט דער אומגערעכט אונטער אַ רב, וועלכער רוקט פאַר דיר אַרויס אַזעלכע נאָענטע געשטאַלטן, פון דער טײַערער ליבער מאַמען און פון דער מאַמעס שוועסטער שפּרינצע. זיי אַלע שלעפּן דיך אויף צוריק, זיי רײַסן פון דיר שטיקער, זיי מאָנען פון דיר אַ חשבון און רופן דיר צוריק אַהיים קײן יאַנאָווע, צוריק צו חיים לײבן, צוריק צו דער נאָווימינסקער ישיבה און צוריק צו דײַן יונגנט־געליבטער ברכה. אָך, מ׳קען דאָך משוגע ווערן! פּלוצלינג איז פּעטראָוון אײַנגעפאַלן

# מ א י ר   ק אָ ר אָ נ אָ

גאָר אַ נייער געדאַנק: אפשר גאָר איבערלאָזן אַלץ מיט אַלעמען און אוועקפאָרן אהין, אין דער נייער יידישער מדינה, דאָרטן צוריק ווערן אַ חיים לייב גאָרדאָן, דאָרטן ווידער זיך טוליען צו דער געפונענער מאַמען אין ירושלים און אָנהייבן ווידער אַלצדינג פון דאָסניי. באַלד אָבער האָט ער מיט אַ ציטער זיך אָפּגעטרייסלט פונם דאָזיקן משונהדיקן איינפאַל. ניין, ניין, עס איז שוין צו שפּעט; דער פּאַדים איז שוין פון לאַנג איבערגעריסן געוואָרן און דער וועג אויף צוריק איז אויף אייביק שוין פאַרלוירן געגאַנגען. אַ מענטש מיט אַ קלאָרן, ניכטערנעם קאָפּ קען נישט אַזוי לייכטזיניק נעמען און אוועקוואַרפן אַזאַ וויכטיקע און פאַרנעמפולע פּאָזיציע, אויף וועלכער ער האָט אַ גאַנץ לעבן געהאָרעוועט זי צו דערגרייכן.

אַזוי האָט פּראָפעסאָר פּעטראָוו זיך געפּלאָגט און געמאַטערט אַ גאַנצע נאַכט מיט אַלערליי סתירהדיקע געדאַנקען, וועלכע איינער האָט דערשטיקט דעם צווייטן.

און דאָך, פונם דאָזיקן גאַנצן קאַשמאַר טראַכטענישן און געדאַנקען־פּלאָנטער, האָט פּעטראָוו ענדלעך ארויסגעטויכט אַן אויסקריסטאַליזירטן און רעאַלן פּלאַן.

אויפצומאָרגנס, באַלד אינדערפרי, האָט פּעטראָוו צוגערופן זיין זון און, האַלטנדיק אַ טוריסטן־ביכל אין האַנט, האָט ער אים געפרעגט, צי ער ווייסט ווו עס געפינט זיך דאָס שטעטל קורנאַוואַקאַ און ווי אַזוי מ׳פאָרט אַהין.

דזשאָרזש האָט באַרימעריש געענטפערט:

— אוודאי ווייס איך. איך בין דאָרטן געווען עטלעכע טעג, ווען איך האָב פאַרבראַכט אין מעקסיקע.

— איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דו ווייסט — האָט פּעטראָוו אים צוגעגעבן מוט — אויב אַזוי, וועסטו אַזוי גוט זיין נעמען דיין מאַמען און צופאָרן אהין, וואָרן דאָ אין שטאָט מעקסיקע איז צו הויך פאַר איר. איך האָב באַמערקט, ווי עס איז איר געווען שווער צו אָטעמען אַ גאַנצע נאַכט און זי האָט זיך אויפגעהויבן אינדערפרי מיט אַ מישונג אין קאָפּ. דו וועסט אַלזאָ צופאָרן אהין מיט דער מאַמען און טאַקע שוין באַלד. קורנאַוואַקאַ איז נידעריקער פון מעקסיקע מיט איבער טויזנט מעטער. דאָרטן וועט זי זיך פילן אַ סך בעסער. דערווייל

# פאַרלוירענע וועגן

וועט איר פֿאָרן אהין בלויז אירביידע. אין עטלעכע טעג אַרום וועל איך אויך אהין צוקומען.

— פֿאַרוואָס מיינסטו אַזוי, דאַניעל? — האָט נאַסטאַסיאַ געפֿרעגט איר מאַן — איך פֿיל זיך דאָ גאַנץ גוט.

— דאַרפֿסט וויסן, טייערע — האָט פּעטראָוו געענטפֿערט — אַז איך בין נישט קיין שלעכטער מעדיקער, אַזוי זאָגט מען. איך האָב אַ גאַנצע נאַכט נישט געקענט רוען, ווען כ'האָב געהערט ווי דו האָסט אַזוי שווער געסאָפּעט אין שלאָף. מיר זענען געקומען אהער אויף אָפּרו, ווייל איך נישט אַז דו זאָלסט חלילה דאָ קראַנק ווערן. איך האָב נאָר איין טייערע און ליבע פֿרוי, ווייל איך זי שטענדיק זען אַ געזונטע און מונטערע. אַז איך היים דיר אַראָפּפֿאָרן אין קוערנאַוואַקאַ ווייס איך וואָס כ'זאָג.

נאַסטאַסיאַ האָט אַרומגעכאַפּט איר מאַן, אים געקושט און געזאָגט:

— איך ווייס, דאַניעל, אַז דו ביסט מיר געטריי. איך ווייס עס אָפּצושאַצן.

נאַסטאַסיאַ האָט גאַנץ גוט פֿאַרשטאַנען, אַז איר מאַן האָט געהאַט דערביי אויך אַנדערע אויסרעכענונגען און אַז ער פֿאַרשטייט אַזוי, דאַרף מען אים נישט איבערשפּאַרן. האָט זי באַלד זיך געווענדעט צו איר זון;

— נו, וואָס זאָגסטו, דזשאָרזש, וועלן מיר פֿאָרן אהין?

ד׳שאָרזש האָט אַראָפּגעלאָזט די נאָז און ברוגזלעך געפֿרעגט דעם פֿאָטער:

— צי דען וועלן מיר נישט פֿריער גיין זען פּערלאַן און אירע עלטערן?

— דו האָסט שוין פֿאַרגעסן וואָס איך האָב דיר נעכטן דערציילט — האָט פּעטראָוו אים געענטפֿערט אין אַ שטרענגן טאָן — דער וועג אויף וועלכן דו ווילסט גיין איז אַ נאָענטער אָבער אַ ווייטער. ער איז אַזוי ווייט, אַזוי ווייט, אַ סך ווייטער ווי דו קענסט זיך פֿאָרשטעלן. דער וועג איז פֿול מיט שווערע שטרויכלונגען. אַלענפֿאַלס

## מאיר קאָראָנאַ

האָסטו שוין געפּרוווט גיין אויף אַט דעם וועג, האָסטו באַדאַרפט אַליין זען וואָס פאַרא ריזיקע שטיינער עס פאַרהאַלטן דיר דיין גאַנג צום ציל. מען מוז פריער אויספּלאַסטערן פאַר דיר אַ גאַנץ נייעם וועג, אויף וועלכן דו זאָלסט קענען גיין זיכער און אָנקומען בשלום צום ציל. איך וועל זיך אָנשטרענגען מיט אַלע מיינע כוחות, און איבער מיינע כוחות, פאַר דיר דעם וועג אויסצופּלאַסטערן. הגם איך בין גאָרנישט אַזוי זיכער צי עס וועט מיר געלינגען. אָבער איך וועל טאָן אַלץ וואָס כ׳וועל קענען. דאָס איז אַלץ דיר צוליב. זיי זשע אַ קלוגער און פאָלג זיך וואָס מ׳הייסט דיר.

## ווי אַזוי מען באַמיט זיך צו אַנטלויפן פון כבוד . . .

באַלד ווי נאַסטאַסיאַ מיט דזשאָרזשן זענען אָפּגעפאָרן קיין קוערנאַוואַקאַ האָט פּעטראָוו געבעטן און שטרענג פאַרזאָגט אַלע אָנגעשטעלטע און באַדינערס פון האָטעל, אַז למען השם זיי זאָלן פאַר קיינעם נישט דערציילן, אַז ער, פּראָפעסאָר פּעטראָוו פון פילאַדעלפיע, געפינט זיך אין מעקסיקע און אַז ער שטייט איין ביי זיי, אין האָטעל „מאַזשעסטיק". ער איז געקומען אַהער, האָט ער דערקלערט, כדי זיך אָפּצורוען אביסל פון דעם אַמעריקאַנער טומל. וויל ער נישט, אַז מ'זאָל אים דאָ באַלעסטיקן מיט אינטערוויוען, מיט רעפּאָרטערס מיט פאָטאָגראַפערס און נאָך אַזעלכע מעשה'ס. ער האָט גענוג זיך אויסצושטיין פון זיי אינדערהיים. דאָ וויל ער זיי נישט האָבן. דאָ זוכט ער מנוחה.

און פּעטראָוו האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַ שפּאַציר איבער די גאַסן פון מעקסיקע. ער האָט אַזוי שפּאַצירט ביי אַ צוויי שעה צייט. אָבער ווי נאָר ער האָט באַוויזן איבערצוטרעטן די שוועל פון האָטעל איז ער באַהאָגלט געוואָרן מיט גאַנצן בערג קאָמפּלימענטן, וואָס האָבן זיך אויף אים געשאָטן פון אַלע זייטן, פון די אַמעריקאַנער טוריסטן, מענער און פרויען, וועלכע זענען איינגעשטאַנען אינם זעלביקן האָטעל.

— אַך וואָס פאַרא כבוד, וואָס פאַרא גליק, וואָס פאַרא פרייד, וואָס פאַרא פאַרגעניגן, וואָס פאַרא איבערראַשנדיקער סורפּריז, עס איז פאַר אונדז צו האָבן אין אונדזער געזעלשאַפט אַזאַ גרויסע,

## מאיר קאַראַנאַ

א.א באַרימטע, און אַזוי נאָבעלע פּערזענלעכקייט, ווי פּראָפעסאָר פּעטראָוו, מיט וועמען עס קלינגט אַ גאַנצע וועלט!

פּעטראָוו האָט געשמייכלט אין זיך. ער האָט גוט געוווסט, אַז די אַלע אַמעריקאַנער טוריסטן, וואָס רינגלען אים אַרום און באַשיטן אים מיט אַזוי פיל קאָמפּלימענטן, האָט קיינער פון זיי קיינמאָל אפילו פון זיין נאָמען נישט געהערט. ער האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז דאָס אַלצדינג האָט אָנגעמאַכט, זיין אויסגערעכנטער שטרענגער פאַרזאָג, אַז מ'זאָל למען השם פאַר קיינעם נישט דערציילן וועגן זיין געפינען זיך דאָ אין האָטעל. פּעטראָוו האָט זיך דאַמאָלסט געטראַכט, אַז אַזוי מוז עס אוודאי זיין מיט אַלע „באַרימטע פּערזענלעכקייטן". מ'דאַרף נאָר פאַרשטיין ווי אַזוי „צו אַנטלויפן פון כבוד..."

און איידער פּעטראָוו האָט באַוויזן צו ענטפערן מיט אַ וואָרט אויף די אַלע באַשאָטענע קאָמפּלימענטן, איז ער פּלוצלינג באַפאַלן געוואָרן פון אַ גאַנצער באַפּטע רעפּאָרטערס און פאָטאָגראַפערס, וועלכע האָבן אים גענומען אויפן צימבל צו אינטערוויואירן. מען האָט אים פאַרוואַליעט מיט אַ וועלט נאַרישע פראַגעס, ווי למשל: וווּ איז ער געבוירן געוואָרן? וואָס האָט ער זיך אָנגעקערט מיטן רוסישן צאַר? ווי אַזוי איז ער געוואָרן לעניגס אַ פריינד? וואָס פאַרא משפחה איז ער מיט וואַנדערווילדן? פאַרוואָס איז ער אַנטלאָפן פון דער רוסישער רעוואָלוציע? צי זענען אין רוסלאַנד פאַראַן שיינע פרויען? צי איז ער טאַקע געקומען קיין מעקסיקע מיט אַ געהיימער פּאָליטישער מיסיע צום מעקסיקאַנער פּרעזידענט? צי איז אמת אַז עס רוקט זיך אָן אַ פּלאַנעט נאָענט צו אונדזער ערד, וועלכער וועט חרוב מאַכן די גאַנצע וועלט? צי גלייכט ער בעסער בלאָנדע פרויען, אָדער ברונעטע? צי איז אמת, אַז מ'האַלט ביי דערפינדן אַזאַ מעדיציניש מיטל, וואָס וועט מאַכן, אַז מענטשן זאָלן לעבן אייביק? ווי האַלט ער פון איינשטיינס טעאָריע? וואָס דענקט ער וועגן דער ווירקונג פון דער אַטאָמישער באָמבע? וואָס איז זיין מיינונג וועגן דער פּאָליטיק פון ראַטן־פאַרבאַנד? ווי געפעלן אים מעקסיקאַנער פרויען? וואָס פאַרא מיינונג האָט ער וועגן טשאַרלאַ טשאַפּלין? און נאָך אַזעלכע פראַגעס.

פּעטראָוו האָט אויף די אַלע געשטעלטע פראַגעס געענטפערט אַזוי וויציק־איראָניש־לאַקאָניש, אַז אַלע אַרומיקע האָבן זיך

# פאַרלוירענע וועגן

אפּאראטן געארבעט פון אַלע זייטן, אויפצוכאַפּן פאַרשידענע פּאָזעס געקאַטשעט פון געלעכטער. דערביי האָבן די פאָטאָגראַפישע פון פּראָפעסאָר פּעטראָוו.
אַמעריקאַנער פּראָפעסאָר פּעטראָוו. ווי הונדערטער מענטשן האָבן, באַשריבן דער אָנקום אין מעקסיקע פון דעם וועלט־באַרימטן
צומאָרגנס אינדערפרי איז שוין אין אַלע צייטונגען געווען
אין האָטעל „מאַזעשסטיק", אים מקבל פּנים געווען מיט גרויס כבוד, ווי עס פּאַסט פאַר אַזוי הויכער נאָבעלער פּערזענלעכקייט. עס איז געווען באַשריבן דער אינטערוויו, וואָס רעפּאָרטערס האָבן מיט אים געהאַט. און אין דעם איז אַריינגעלייגט געוואָרן פּעטראָוון אין מויל אַריין אַזעלכע ווערטער, פון וועלכע ער האָט אפילו נישט געטראַכט.
דערביי זענען צוגעגעבן געווען זיינע בילדער אין פאַרשידענע פּאָזעס.

## פּראָפעסאָר פּעטראָוו באַגעגנט זיך מיט דאָקטאָר קיזעלשטיין און זיין מוטער

אינם זעלביקן פרימאָרגן האָט דאָקטאָר מאַקס קיזעלשטיין אָפּגערופן טעלעפאָניש זיין פּראָפעסאָר. ער האָט אים באַגריסט צו זיין אָנקומען אין מעקסיקע, ווי ער האָט געלייענט אין די צייטונגען. און אין פופצן מינוט אַרום איז שוין דאָקטאָר קיזעלשטיין געווען ביי אים אין האָטעל.

די באַגעגעניש צווישן דעם פּראָפעסאָר פּעטראָוו מיט זיין תלמיד, דעם יונגן דאָקטאָר קיזעלשטיין, איז געווען אַ האַרציקע און אַ פאַמיליאַרע.

פּעטראָוו האָט זיך פראינטערעסירט מיט אַלע איינצלהייטן פון קיזעלשטיינס לעבן, אַזוי מיט זיין פּריוואַטן פאַמיליע־לעבן ווי אויך מיט זיין פּראָפעסיאָנעלן לעבן. ער האָט זיך אויך נאָכגעפרעגט וועגן קיזעלשטיינס עלטערן און זיין שוועסטער.

דאָקטאָר קיזעלשטיין האָט, ווי פאַר אַן אַלטן, ליבן און אינטימען פריינד, דערציילט ווי גליקלעך ער איז מיט זיין פרוי און אַז זי האָט מיט צוויי מאָנאַטן צוריק אים געבוירן זיין ערשטן זון. ער האָט דערציילט, ווי פיין ער האָט זיך איינגעאָרדנט אַלס קינדער־דאָקטאָר. דערביי האָט ער זייער געדאַנקט דעם פּראָפעסאָר זיינעם פאַר דער עצה, אַז ער זאָל זיך ספּעציאַליזירן אַלס קינדער־דאָקטאָר און ער זייער צופרידן, וואָס ער האָט געפאָלגט זיין עצה. אַלס קינדער־דאָקטאָר האָט ער אַ גרויסן דערפאָלג, מיט אַ פיינער פּראַקטיק. די

# פאַרלוירענע וזעגן

מוטער זיינע, האָט קיזעלשטיין צוגעגעבן, העלפט אים זייער א סך אין דער ארבעט אין דער קאָנסולטאָריע. זי איז אמאָל געווען א קראנקן־שוועסטער אין א שפּיטאָל, אין האוואנא, קובא, און דאָס קומט איר א סך צונוץ ביי דער ארבעט. און זי האָט א היפּשן חלק אין זיין דערפאָלג. ווידער דער פאָטער זיינער איז שטארק פארנומען אין זיין ארבעט, אין זיין צעלאָלאָיד־פאַבריק. זיין שוועסטער האָט פריער שטודירט מאָלעריי, אין ניו יאָרק, אין א קונסט־אקאדעמיע. זי באַזיצט א גרויסן טאלאנט. אָבער דער פאָטער וויל נישט אז זי זאָל ווייטער שטודירן אויף דעם געביט. פארוואָס ווייסט ער נישט. זי איז דעם פאָטערס ליבלינג און דעם פאָטערס וואָרט איז ביי איר הייליק. איצט, ערשט מיט עטלעכע מאָנאטן צוריק, איז זי אַפּגעפאָרן מיט אן עקסקורסיע קיין מדינת ישראל. זי וועט אוודאי דאָרטן פארברענגען א לענגערע צייט.

פעטראָוו האָט געפילט, אין אופן ווי אזוי קיזעלשטיין האָט דערציילט וועגן זיין שוועסטער, אז ער איז איינגעהאַלטן מיט ווערטער, אז ער האָט א סך מער וואָס צו זאָגן, אָבער ער איז פאָרזיכטיק און בכיוון דערזאָגט ער נישט וואָס ער ווייסט.

— און ווו איז אייער פאמיליע? — האָט קיזעלשטיין געפרעגט — אין די צייטונגען שטייט, אז מיט אייך זענען אויך מיטגעקומען אייער פרוי און זון.

— יאָ, אָבער מיין פרוי האָט זיך נישט געפילט גוט, ס׳איז פאַר איר צו הויך דאָ, איז זי מיטן זון אָפּגעפאָרן אין קוערנאוואקא.

קיזעלשטיינס ווערטער, די געזאָגטע און נישט דערזאָגטע, האָבן פעטראָוון געעפנט די אויגן און פאר אים קלערער געמאַכט די לאַגע. איצט איז אים נאָך פארשטענדלעכער געוואָרן, פארוואָס דזשאָרזש האָט פון זיין מיידל קיין איין בריוו נישט באַקומען, הגם ער האָט עס גאַנץ גוט פארשטאַנען פריער אויך.

אינם דאָזיקן מאָמענט, ווען קיזעלשטיין האָט צו אים גערעדט, האָט פעטראָוו אָנגענומען, א פעסטן באַשלוס, ווי אזוי ער זאָל ווייטער האנדלען.

דאָקטאָר קיזעלשטיין האָט אָפּגערעדט מיט פּראָפעסאָר פעטראָוו,

# מאיר כאַראָנאַ

אַז פינקטלעך פיר אַזייגער נ. מ. וועט ער קומען אים נעמען צו זיך אין קאָנסולטאָריע.

בערטאַ, ד״ר קיזעלשטיינס מוטער, האָט פאַרשטאַנען ווי אַזוי אויסצוניצן די געלעגנהייט, פון פּעטראָווס באַזוך אין איר זונס קאָנסולטאָריע, צו צעלייגן און צעשפּרייטן, פאַר די וואַרטנדיקע נאַאיווע יונגע מוטערס. אירע גוזמאָס, פאַנטאַזיעס און צוגעטראַכטע מעשה׳ס, ווי איר שטייגער איז געווען.

אַזוי האָט בערטאַ דערציילט, אַז דער באַרימטער אַמעריקאַנער פּראָפעסאָר פּעטראָוו איז געקומען קיין מעקסיקע, אויף דער אַרויספאָדערונג, צו אַ הויכער מעקסיקאַנער פּערזענלעכקייט, וועלכער ליגט קראַנק. און דער פּראָפעסאָר האָט איינגעשטימט צו קומען, נאָר מיטן תּנאַי, אויב איר זון, דאָקטאָר קיזעלשטיין, וועט בייזיין ביים אונטערזוכן דעם קראַנקן. בערטאַ האָט אויך פאַר יעדערן געוויזן די צייטונגען, וואָס די וועלט זאָגט וועגן פּראָפעסאָר פּעטראָוו, אַז מ׳האַלט אים פאַרן גרעסטן מעדיקער, וואָס איז פאַראַן אין דער וועלט אין היינטיקער צייט און אַז ער האָט דערפונדן אַ מיטל ווי אַזוי צו פאַרלענגערן דעם מענטשנס לעבן אויף דריי־פיר מאָל אַזוי פיל ווי געוויינלעך און אפשר גאָר אויף אייביק. דערווייל איז נאָך די דערפינדונג אַ גרויסער סעקרעט. פּראָפעסאָר פּעטראָוו וויל פריער זיך באַראָטן מיט איר זון וועגן דער ווירקזאַמקייט פון זיין דערפינדונג. בערטאַ האָט אויך דערציילט, אַז פּראָפעסאָר פּעטראָוו וויל דווקא אַרויסנעמען איר זון אין די פאַר. שטאַטן, וווּ די גאַנצע מעדיצינישע פּראָפעסיע וואַרט אויף אים. און דאָרט שטייט אים פאַר אַ גלענצנדיקע צוקונפט, אָבער זי, בערטאַ, וועט אים נישט לאָזן אַהין פאָרן, ווייל עס איז נישט לאָגיש. וואָרן אויב איר זון איז יאָ אַזאַ געניאַלער מעדיקער, ווי פּראָפעסאָר פּעטראָוו זאָגט, דאַרף פריער פון אַלץ געניסן מעקסיקע פון אים, דאָס לאַנד וווּ ער איז געבוירן געוואָרן און וווּ ער האָט באַקומען זיין מעדיצינישער אויסבילדונג.

אַלע צוהערערינס האָבן צוגעגעבן, אַז בערטאַ איז פולשטענדיק גערעכט.

⁂

ווען פּראָפעסאָר פּעטראָוו מיט דאָקטאָר קיזעלשטיין זענען אַריין אין דער קאָנסולטאָריע האָבן אַלע אַנוועזנדיקע זיך אויפגעשטעלט

# פאַרלוירענע וועגן

און מיט א הייליקן דרך־ארץ האָבן אַלע אַנגעשפּאַנט זייערע בליקן אויף דעם וועלט־באַרימטן פּראָפעסאָר מיטן שפּיציקן בלאָנד־גרויען בערדל, וועלכער האָט אין זייערע אויסגעזען, אין יענעם מאָמענט, ווי א הויכע גייסטיקע פּערזענלעכקייט פון גאָר אַן אַנדערער וועלט, וועמען מ׳קען נישט האָבן די זכיה צו זען אָפט.

דאָקטאָר קיזעלשטיין האָט פאָרגעשטעלט זיין מוטער. פּראָפעסאָר פּעטראָוו האָט זיך פאַרנויגט צו אַלע אַנוועזנדיקע און בערטאַן שטאַרק גערדריקט די האַנט. אַלע דריי זענען אריין אין אויפנעם־צימער פון דאָקטאָר קיזעלשטיין.

צווישן די פּאַציענטינס, די יונגע מוטערס, איז געוואָרן א געמורמל:

— זעט נאָר, אַזא הויכע וועלט־פּערזענלעכקייט און ער האַלט זיך אַזוי באַשיידן און איינפאַך. ער איז נישט פאַרריסן ביי זיך, ווי אַנדערע קליינע דאָקטוירימלעך, וועלכע קומען נישט צו זיינע קנעכלעך.

קוקנדיק אויף בערטאַן איז פּעטראָוון ווי געבליבן שטעקן עפּעס אין האַלדז. ער איז צעטומלט געוואָרן. ער האָט ווי פאַרלוירן דאָס לשון און ער האָט געזוכט אויסצומיידן איר בליק. בערטא ווידער איז געשטאַנען ווי א פאַרגליווערטע, מיט אויסגעשטאַרצטע אויגן האָט זי זיך איינגעגעסן אין פּעטראָווס געשטאַלט, אין זיינע אויגן און אין יעדן שטריך פון זיין געזיכט. זי האָט די אויגן נישט געקענט אָפּרייסן פון אים.

פּעטראָוו האָט, אין זיין צעטומלטקייט, געזוכט עפּעס וואָס צו זאָגן. ער האָט זיך געפּלאָנטערט אין רעדן און גענומען באַוווּנדערן די שיינע אויסשטאַטונג, די מאָדערנע איינריכטונג, די רייכקייט און דעם קאָמפאָרט פון דער קאָנסולטאַציע, וואָס גאַנץ גרויסע מעדיקער, אין די פּאַר. שטאַטן, האָבן דאָס נישט. ביים רעדן האָבן אַלע מאָל פּעטראָווס אויגן, נישט ווילנדיק, זיך פאַרטשעפּעט אין בערטאַס שאַרפע אויגן, וועלכע זי האָט געהאַלטן אָנגעשפּיצט אויף אים, דאָס האָט נאָכמער פאַרגרעסערט זיין צעטומלטקייט. דאָקטאָר קיזעלשטיין האָט דאָס באַמערקט און ער האָט נישט געקענט פאַרשטיין די סיבה דערפון. נאָכמער האָט קיזעלשטיינען געוווּנדערט אויף זיין

מוטער. אזא דרייסטע, אזא בארעדעווודיקע און אזא הומאָרפולע, ווי זי איז שטענדיק, און דאָ איז זי געשטאַנען ווי אַ נעבעכטיקע, אַ צעטראָגענע, אַ פארלוירענע און אַ שטומע. זי האָט געגלאָצט מיט די אויגן און קיין איין וואָרט נישט ארויסגעבראַכט.

שוין פאר פעטראָווס אוועקגיין האָט בערטאַ אים פארבעטן, אַז זי וויל האָבן דעם כבוד, ער זאָל זיין זייער גאַסט אין אָוונט ביי זיי אין הויז. פעטראָוו, אין אַ נישט באַהערשטער אומרויקייט, האָט באַדאַנקט און געענטפערט, אַז מיט פארגעניגן נעמט ער אָן די איינלאַדונג, אָבער היינט קען ער נישט, ווייל ער איז זייער פארנומען, נאָר מאָרגן אין אָוונט, ווען מ׳וועט נאָך אים קומען וועט ער זיין גרייט צו גיין.

— אָבער — האָט פעטראָוו צוגעגעבן — איך וועל אייך בעטן איין זאַך, אַז קיין זייטיקער מענטש זאָל דערביי נישט זיין. עס איז אַפילו נישט שיין פון מיר, אַלס גאַסט, דאָס צו פארלאַנגען, אָבער צוליב געוויסע סיבה׳ס מוז איך דאָס בעטן ביי אייך. מיר וועט זיין זייער אָנגענעם צו טרעפן זיך אין אייער הויז נאָר מיט אייך און אייער מאַן. און איר, מיין ליבער דאָקטאָר — האָט ער זיך געווענדעט צו קיזעלשטיינען — אויב איר ווילט קומט אויך.

דאָקטאָר קיזעלשטיין האָט געוואָלט פעטראָוון צופירן צום האָטעל מיט זיין קאָטש, אָבער פעטראָוו האָט נישט געלאָזט. ער האָט קיזעלשטיינען געזאָגט אין אַ לעקציע־טאָן:

— איר דארפט געדענקען, מיין ליבער דאָקטאָר קיזעלשטיין, אַז די פליכטן פון אַ מעדיקער צו זיינע פאַציענטן זענען פריער פאר אַלץ אין דער וועלט. איך זע, אַז פאַציענטן וואַרטן אויף אייך.

ווען פראָפעסאָר פעטראָוו איז אוועק האָט בערטאַ געזאָגט צו איר זון:

— איך ווייס נישט פארוואָס, אָט דער מאַן פארכישופט מיך. סיי ווען איך קוק אויף זיין בילד, וואָס הענגט ביי דיר און נאָכמער ווען כ׳האָב אים איצט געזען פערזענלעך, פיל איך אַז עפּעס אַ געהיימער כוח ציט מיך צו אים און מאַכט מיך אָפּהענטיק. איך פארליר זיך אינגאַנצן אין זיין קעגנוואָרט. איך פארשטיי אַליין נישט פארוואָס דאָס איז. טיילמאָל דאַכט זיך מיר, אַז דער דאָזיקער מאַן איז מיר

# פאַרלוירענע וועגן

גוט באַקענט, אַז איך האָב אים שוין אַמאָל ערגעץ געזען, אַז איך האָב זיך שוין אַמאָל מיט אים געהאַט באַגעגנט, און אַפּילו געווען באַפריינדעט. אָבער איך קען זיך נישט דערמאָנען ווען און ווו דאָס איז געווען.

קיזעלשטיין האָט אָנגענומען דער מוטערס האַנט און ליבלעך־שפּאַסיק איר געזאָגט.

— מאַמע, מיר דאַכט, אַז דו ביסט פאַרליבט אין פּראָפעסאָר פּעטראָוו.

— גיי שוין גיי, מיין זון, דו רעדסט נאַרישקייטן.

— זיי נישט בייז, מאַמע, איך האָב געמאַכט אַ שפּאַס. אָבער זאָג מיר, מאַמע, פאַרוואָס האָט ער דווקא געוואָלט, אַז נאָר מיר, דו, דער טאַטע און איך, זאָלן מיר זיין ביי דער אויפנאַמע ביי דיר אין הויז, ווייטער קיינער נישט. וואָס זאָל דאָס באַדייטן?

— איך פאַרשטיי פאַרוואָס. איך בין זיכער, אַז ער וויל רעדן מיט אונדז וועגן זיין זון מיט פּערלאַן, וויל ער נישט אַז אַ זייטיקער מענטש זאָל זיין דערביי.

— אָבער, מאַמע, עס זענען דאָך אַרויסגעוואָרפענע רייד. דער טאַטע וועט קיינמאָל דערצו נישט דערלאָזן. און מיר ווייסן דאָך, אַז צוליב דעם האָט ער פּערלאַן אַוועקגעשיקט קיין ארץ ישראל, כדי זי זאָל פאַרגעסן אין דזשאָרזשן.

— ווער קען וויסן — האָט בערטאַ געזאָגט פאַרטראַכטערהייט — ווער קען וויסן וואָס עס קען אַלץ געשען!

— וואָס מיינסטו צו זאָגן, מאַמע, „ווער קען וויסן". דו ווייסט דען נישט?

— איך ווייס גאָרנישט. מיר וועלן זען מאָרגן.

## דער שמועס צווישן פּראָפעסאָר פּעטראָוו און הרב שטיינבערג

ווען פּראָפעסאָר פּעטראָוו איז אַרויס פון דאָקטאָר קיזעלשטיינס קאָנסולטאַריע איז ער געווען דערשלאָגן און צעבראָכן. ער האָט זיך געפילט, ווי איינער וואָס האָט דערזען ביי יענעם אין הויז זיינס אַ ליבן און טייערן חפץ, וואָס ער האָט אַמאָל פארלוירן, און ער קען נישט מער וואגן אפילו דעם חפץ אָנצורירן.

פּעטראָוון האָט זיך געדאכט, אז ווען ער האָט זיך געזעגנט מיט ברכהן, אין קאָנסולטאַריע, האָט איר האַנט געציטערט אין זיין האַנט. אָדער אפשר האָט אים נאָר אזוי אויסגעוויזן, מסתמא האָט זיין אייגענע האנט געציטערט האָט ער געמיינט, אז ס'איז איר האנט וואָס ציטערט. און עס קען אויך זיין, אז ס'איז יאָ געווען אזוי, וואָרן ער האָט באמערקט, אז זי איז אויך געווען, אזוי ווי ער, נערוועיש און צערודערט. זאָל זיין אז זי האָט אים דערקענט? ווער ווייסט!

און פארוואָס האָט ער איר געזאָגט, אז היינט קען ער צו איר נישט צוקומען, ווייל ער איז פארנומען?

ער ווייסט אַליין נישט פאַרוואָס. עפּעס איז אים אזוי איינגעפאַלן, אָן אַ פאַרוואָס. אַ שטים פון ערגעץ האָט, אָן זיין ווילן, אים אזוי דיקטירט, אז ער זאָל אזוי זאָגן, אז ער זאָל דאָס אָפּלייגן אויף מאָרגן.

פּעטראָוו האָט זיך געלאָזט גיין איבער גאסן, נישט וויסנדיק ווו ער גייט און וווהין ער גייט. ער האָט פאַר זיך גאָרנישט געזען. פאַר

# פארלוירענע וועגן

זיינע אויגן איז געשטאַנען נאָר זי, זיין אַמאָליקע געליבטע ברכה.

ער האָט, אין גדאַנק, גערעדט צו איר, פונקט ווי זי זאָל שטיין נעבן אים און גיין ביי זיין זייט:

— אָך ברכה, ברכה! דו האָסט זיך דאָך גאָרנישט געענדערט. דו ביסט דאָך די זעלביקע ברכה ווי אַמאָל. דאָס זעלביקע, ליב'ע און חנעוודיקע פנים; די זעלביקע, שיינע, ליכטיקע, בלויע אויגן; דער זעלביקער זיסער שמייכל אויף דיינע צאַרטע ליפּן; די זעלביקע פּרעכטקע, שטאַלטנע און רייצנדיקע פיגור. דו ביסט נאָר אַביסל דיקער געוואָרן, אָבער דאָס מאַכט דיר נאָך אַ סך שענער, אָנגענעמער און חנעוודיקער. אָך ברכה, ברכה! איך האָב דאָך פון דאָסניי זיך פאַרליבט אין דיר מיט באַנייטן יוגנט־פלאַם. אָך ווען איך וואָלט געקענט דיך אַרומכאַפּן, דריקן דיך שטאַרק צו מיין האַרצן און דיך אויסקושן אַזוי ווי אַמאָל! אָבער איך בין דאָך פאַר דיר שוין נישט מער יענער יונגער, שיינער, יידישער בחור, חיים ליב דעם רבס. איך בין דאָך שוין היינט גאָר אַן אַלטער רוסישער גוי, דאַניעל סערגייעוויטש פּעטראָוו. און אַזוי, ווייזט אויס, איז מיר שוין באַשערט צו פאַרבלייבן, ווייל דעם וועג צוריק אַהין, קיין נאַווימינסק. האָב איך שוין פאַרלוירן אויף אייביק.

אַזוי איז פּעטראָוו געגאַנגען אַ לאַנגע צייט איבער אומבאַקאַנטע גאַסן און גערעדט צו זיך אַליין. ערשט ווען ער האָט זיך געכאַפּט, אַז אין דרויסן איז שוין גוט פינצטער און ער ווייסט נישט ווו ער געפינט זיך, האָט ער גערופן אַ קאַטש און געהייסן זיך פירן צום האָטעל „מאַזשעסטיק", ווו ער איז איינגעשטאַנען.

אַריינקומענדיק אין האָטעל איז פּעטראָוון אַנטקעגנגעקומען הרב שטיינבערג, וואָס איז געפאָרן צוזאַמען מיט אים אין באַן, אויפן וועג קיין מעקסיקע.

פּראָפעסאָר פּעטראָוו האָט אין יענעם מאָמענט זייער שטאַרק זיך דערפרייט מיטן רב. עס האָט אים הנאה געטאָן, וואָס עס איז אים אונטערגעקומען אַ באַקאַנטער מענטש מיט וועמען צו פאַרברענגען אַביסל און צו קענען אַזוי אַרום אַרויסשלאָגן פון קאָפּ זיינע טרויעריקע און יאושדיקע מחשבות.

— איך האָב זיך פאַרבענקט נאָך אייך, הער פּראָפעסאָר — האָט

## מאיר קאַראַנאַ

הרב שטיינבערג אַנגעהויבן — איך האָב הנאה מיט אייך צו שמועסן. איך וואָרט שוין דאָ אין האָטעל איבער אַ האַלבער שעה, אָבער איך בין צופרידן וואָס כ'האָב זיך דערוואַרט.

— מיט פולער אויפריכטיקייט וועל איך אייך זאָגן, הער רבי, אַז איך האָב נאָך אייך אויך געבענקט. ערשטנס, ווייל איך בין אַליין. מיין פרוי און זון זענען אַוועקגעפאָרן אין קורנאַוואַקאַ, פאַר איר איז מעקסיקע צו הויך. צווייטנס, אַזוי איז שוין מיין געוווינהייט, איך זוך שטענדיק אַ געלעגנהייט צו פאַרברענגען מיט אַן אינטעליגענטן מענטש, פון וועמען איך קען עפּעס לערנען. דריטנס, זענט איר פאַר מיר, אין איצטיקן מאָמענט באַזונדער, זייער וויכטיק. מיך מאַטערט אַ געוויסע פּראָבלעם, איז מיר זייער אינטערעסאַנט צו הערן אייער מיינונג.

פּעטראָוו האָט פאַרבעטן דעם רב צו זיך אין צימער און ער האָט באַלד אָנגעהויבן:

—איך ווייסט, רבי שטיינבערג, אונדזערע אינטערעסאַנטע שמועסן, וואָס מיר האָבן געפירט אין דער באַן, האָבן מיר אינטריגירט צו פאַרטראַכטן זיך וועג דער גאַנצער ארומנעמענדיקער פּראָבלעם, וואָס איז כולל אינם טערמין „יידן". ווי למשל: יידן ביי זיך און יידן אין דער וועלט; יידן אין דער געשיכטע און יידן היינט צו טאָג; יידן און יידישע רעליגיע; די צוקונפט פון יידן אין דער באַנייטער אייגענער מלוכה און די צוקונפט פון די יידן וואָס וועלן בלייבן וווינען אין אַנדערע לענדער; דער צוזאַמענבונד צווישן יידן, וואָס זענען יאָרהונדערטער דערצויגן געוואָרן אונטער קעגנ־געזעצטע פאַרשידענע קולטורן און נאָך אַזוי כסדר און ווייטער. איבערהויפּט אינטערעסירט מיר אַ פראַגע, וועגן וועלכער איך וואָלט געוואָלט הערן אייער מיינונג. איר, אַלס יידישער רעליגיעזער מנהיג און בכלל — אַ געלערנטער מענטש, זענט אַממערסטן קאָמפּעטענט און באַרופן מיר צו געבן אַ ענטפער און אַ ריכטיקע אויפקלערונג. די פראַגע באַשטייט אין דעם: ווי איך ווייס איז דער גאַנצער יידישער אויפהאַלטונגס כוח ליגט אין דעם, וואָס יידן לעבן אין אַלע צייטן אַ באַזונדער, אייגנאַרטיק לעבן און זיי פירן זיך, אין אַלע פאַזן פון לעבן, לויט די פאַרשריפטן פון תורת משה און לויט די געזעצן וואָס לערנען אייך די ספרים, וועלכע טייטשן אויס די ווערטער פון דער

תורה. ווייל איך ווייס, ווי ווערן ביי אייך פאַררעכנט יענע יידן, וואָס פירן נישט זייער לעבן לויט די באַזונדערע יידישע געזעצן. צי ווערן זיי ביי אייך פאַררעכנט פאַר יידן, אָדער נישט?

דער רב האָט גענומען די באָרד אין האַנט אריין, פאַרביסן די אונטערשטע ליפּ, פאַרריסן די אויגן אויף ארויף צום סופים. אזוי איז ער געזעסן פאַרטראַכט עטלעכע מינוט און דערנאָך געענטפערט:

— דאָס איז באמת אַ קאָמפּליצירטע פראגע, באַזונדערס פאַר אַן אויסנווייניקסטן מענטש, אַ נישט־ייד. אָבער איך וועל זיך באַמיען, ווי ווייט מעגלעך, דעם דאָזיקן ענין אויפצוקלערן. קודם דאַרפט איר ווייסן, אַז אַ ייד וואָס זאָל זיך אָפּטרייסלען פולשטענדיק פון אַלע יידישע רעליגיעזע געזעצן און זאָל נישט וועלן אָנהאַלטן אפילו נישט קיין איינעם פון זיי, אַזעלכער איז כמעט נישט בנמצא. אָט זענען אפילו די פרייסטע יידן מל זייערע קינדער; ביי חתונה מאַכן אַ קינד פירן זיי דורך אַ רעליגיעז־יידישע חתונה־צערעמאָניע; ווערט זייערס אַ יינגל אַלט דרייצן יאָר, וואָס לויטן יידישן דין ווערט ער פּוליעריק, באַמיען זיי זיך צו פּראַווען אין שול דעם רעליגיעזן צערעמאָניאַל, וואָס איז מיט דעם פאַרבונדן; אין אונדזער הייליקן טאָג יום כפּור טרעפן מיר אין שול אַזעלכע יידן, וואָס אַ גאַנץ יאָר האָבן זיי, דאַכט מיר, מיט יידישקייט קיין שום שייכות נישט. נאָך אין אַ סך פאַלן, ווען אפילו דער אָפּגעפרעמדטער ייד ווייזט ארויס די ירושהדיקע, יידיש־רעליגיעזע פאַרוואָרצלטקייט וואָס טליעט אין זיין הארצן.

פּעטראָוו האָט, מיט אַ געמאַכטער נאַאיווער ערנסטקייט, אויסגעהערט אַלצדינג וואָס דער רב האָט פאַר אים „אַנטדעקט". ער האָט געקנייטשט דעם שטערן און דערביי דערשטיקט אין זיך אַ שמייכל.

— ער מיינט, דער רב — האָט פּעטראָוו געטראַכט — אַז ער רעדט צו רוסישן איוואַן. גיי דערצייל אים, אַז איך בין אַמאָל געווען אַ בקי אין תלמוד ופוסקים און נאָך היינט וואָלט איך זיך פאַרהערט מיט אַ ייד אַ למדן. גיי דערצייל אים, אַז צו מיין בר מצווה האָב איך געזאָגט אַ דרשה וועגן „עשה דוחה לא תעשה" און דערביי פאַרענטפערט אַ סתירה אין רמב"ם, וואָס גרויסע לומדים האָבן באַוואונדערט. אפילו מיין אָנגעבלאָזענער דעספּאָטישער זיידע האָט מיך געגעבן אַ קוש דערפאַר. גיי דערצייל אים, אַז ביי מיינע זעכצן־זיבעצן יאָר בין איך באַרימט געווען אַלס עילוי און גרויסע רבנים

האָבן זיך געריסן איבער מיר, צו האָבן מיך פאַר אַן אײדעם. אָבער מ׳דאַרף שווייגן. מ׳דאַרף אָנהאַלטן די נאַאיווע גוישקע מאַסקע.

דער רב ווידער, אַז ער האָט געזען ווי פּראָפעסאָר פּעטראָוו איז אַזוי פאַרטראַכט און קנײטשט דעם שטערן, איז ער זיכער געווען, אַז דער גויישקער פּראָפעסאָר דענקט נאָך וועגן דעם וואָס ער, דער רב, האָט פאַר אים אויפגעקלערט. דערביי האָט הרב שטיינבערג געטראַכט, אַז ס׳איז פאַרט שווער פאַר אַ גוי, ווי געלערנט ער זאָל זיין, צו באַנעמען אַן אינערלעך־יידישן ענין. פונדעסטוועגן האָט דער רב זיך באַמיט ווייטער מסביר צו זיין פאַרן גוי דעם ענין „יידן, יידישקייט און רעליגיע״ לויט דער אויפפאַסונג פון דער יידישער טראַדיציע און לויט דער מיינונג פון יידישע ספרים.

— אונדזערע חכמים האָבן אונדז געלערנט — האָט דער רב געקנעלט מיט פּעטראָוון — אַז עס זענען פאַראַן צווייערליי אַפּטריניקעס, דאָס הייסט אַזעלכע וואָס ווילן נישט פירן זייער לעבן לויט די פאַרשריפטן פון דער יידישער רעליגיע. זיי ווערן אָנגערופן „מומר לתיאבון״ און „מומר להכעים״. דאָס מיינט צו זאָגן: איינער וואָס וויל זיך נישט פירן רעליגיעז, ווייל ס׳איז אים לייכטער און באַקוועמער, אָדער ער האָט זיך איינגערעדט, אַז ס׳איז אים באַקוועמער, צו לעבן הפקרדיק פריי, אָן צו זיין אונטערגעוואָרפן וועלכע ס׳איז פאַרבאָטן און פאַרזאָגן. און אַ צווייטער, וואָס וויל פּרינציפּיעל, באַוווסטזיניק נישט האַלטן זיך אין די ראַמען פון רעליגיע. דעם ערשטן האַלט מען פאַר אַ ייד, נאָר פאַר אַ לייכטזיניקן ייד. אַ מענטש מיט אַ שוואַכן כאַראַקטער, וואָס איז נישט פעיק נאָכצולאָזן פון זיינע באַקוועמלעכקייטן צוליב אַ העכערן אידעאַל, צוליב דער פאָלקס טראַדיציע, צוליב דעם יידישן פאָלקס קיום, צוליב גאָטס וואָרט, צוליב גיין אין די וועגן וואָס אונדזערע געלערנטע האָבן פאַר אונדז אָנגעצייכנט און אַזוי ווייטער. דער זעלביקער ייד ווען ער וועט איינזען, אַז אַלע זיינע איינגערעדטע באַוועמלעכקייטן זענען גאָרנישט אַזוי וויכטיק, אַז עס לוינט נישט צוליב זיי אָוועקצוגיין פון אַלטן יידישן וועג, דאַמאָלסט וועט ער ווידער ווערן אַ גוטער, אָפּגעהיטער ייד. אויך דעם צווייטן, דעם מומר להכעים, האַלטן מיר פאַר אַ ייד, נאָר פאַר אַ זינדיקן ייד, פון וועלכן מיר דערוואַרטן, אַז סוף כל סוף וועט ער זיך באַדענקען, תשובה

# פאַרלוירענע וועגן

טאָן און צוריק אַרויף אויפן ריכטיקן יידישן וועג, וועלכער איז קיינמאָל פאַר אים נישט פאַרלוירן.

דאָ האָט פּראָפעסאָר פּעטראָוו זיך געווענדעט צום רב:

— דערלויבט מיר, הער רבי, צו פרעגן אייך אַ פראַגע: ווען איך בין געווען מיליטער־דאָקטאָר אין דער רוסישער אַרמיי, און איך בין געווען אין יאַנאָווע, אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, פלעג איך אָפט אַריינקומען צום יאַנאָווער רב. ער איז געווען אַ גוטער רוסיש־קענער און האָט געהאַט, אין אַ געוויסער מאָס, אויך וועלטלעכע בילדונג. איך האָב ליב געהאַט צו שמועסן מיט אים וועגן יידישע פּראָבלעמען. האָט ער מיר אַמאָל געזאָגט, אַז דער ייד וואָס היט נישט אָפּ אַלע מצוות און אַלע פאַרבאָטן פון דער תורה און פון די יידישע חכמים, וואָס זיי האָבן דערנאָך צוגעגעבן, דער דאָזיקער איז מער קיין ייד נישט און ער קען מער נישט צוגערעכנט ווערן צום יידישן כלל. ווי זשע קומט עס וואָס איר האָט מיר גאָר אַנדערש דערקלערט?

— הערט מיך אויס, הער פּראָפעסאָר. איך האָב גוט געקענט דעם יאַנאָווער רב, ער איז טאַקע געווען אַ גרויסער יידישער געלערנטער, אָבער גלייכצייטיק — אַ גרויסער פאַנאַטיקער און אַ שטרענגער קאָנסערוואַטאָר.

יעדן נייעם געדאַנק, יעדער נייע אידעע, וואָס האָט אויפגעוואַכט אין יידישן לעבן, האָט ער, דער יאַנאָווער רב און נאָך אַזעלכע ווי ער, פאַנאַטיקער־קאָנסערוואַטאָרן, ביטער באַקעמפט. כאָטש די נייע אידעע איז אַבסאָלוט נישט געווען קעגן גייסט פון דער תורה און פון דער יידישער רעליגיע. ער האָט בכלל געהאַלטן, אַז יעדער נייער וועג גראָבט אונטער די פונדאַמענטן פון דער יידישער רעליגיע און טראַדיציע. אָט האָבן זיי, די דאָזיקע טיפן רבנים, פאַרדאַמט, באַקעמפט און פאַרפאָלגט דער ציוניסטישער באַוועגונג. באַזונדערס דער יאַנאָווער רב, ער האָט געפירט אַ העפטיקן און ביטערן קאַמף קעגן דעם ציוניזם און ציוניסטן, דורך שריפט און וואָרט. ער און אַנדערע רבנים ווי ער האָבן געהאַלטן, אַז די ציוניסטישע באַוועגונג איז נישט אין גייסט פון דער יידישער רעליגיע. נאָך זייער מיינונג נאָך האָבן יידן באַדאַרפט זיצן און וואַרטן ביז עס וועט צו זיי אַראָפּקומען פון הימל אַ געטלעכער משיח און ער וועט מיט איבער־

נאַטירלעכע הימלשע כוחות די יידן אויסלייזן פון גלות. אָבער, אז יידן זאָל אליין אָנווענדן נאַטירלעכע רעאַלע מיטלען אויף צו באַפרייען זיך, מיט גאָטס הילף, פון זייערע גלות־פּלאָגן און צוריק באַזעצן זיך אין אייגענעם לאַנד פון אונדזערע אבות, אָט דאָס טאָר מען נישט. דעריבער, ווען מיר נעמען באַטראַכטן יידישע פּראָבלעמען אויפן באַזיס פון אונדזער געשיכטע, אויפן באַזיס פון אונדזער טראַדיציע, באַפעסטיקט און באַגרינדעט אויף דער לערע פון אונדזערע אַמאָליקע געלערנטע, קענען מיר זיך נישט רעכענען מיט די פאַרהאַרטעוועטע, פאַרקריפּלטע, קאָנסערוואַטיווע מיינונגען פון יאַנאָווער רב און זיינס גלייכן.

— אָבער ווי אַזוי קען מען וויסן, פון רעליגיעז־יידישן שטאַנדפּונקט, ווער פון אייך ביידע איז גערעכט? — האָט פּעטראָוו געפרעגט.

דאָ האָט דער רב שטיינבערג אויפגעוויזן מיט אַ גאַנצער ריי פאַקטן, אַז אין אַלע תקופות פון יידישער עקזיסטענץ איז די אויפגאַבע פון יידישע חכמים, רבנים, אויסטייטשער פון דער תורה, געווען צו צופּאַסן די תורה־געזעצן צו די באַדינגונגען און פאָדערונגען פון לעבן און נישט פאַרקערט. וואָרן עס איז גוט פאַרשטאַנען געווען, אויב מ'וועט זיך נישט רעכענען מיט דער רעאַלער ווירקלעכקייט פון לעבן, נאָר מ'וועט וועלן דווקא זיך האַלטן פאַרעקשנט ביי דעם פאַרשטיינערטן וואָרט, וואָלט דערגאַנגען צו דעם, אַז יידן וואָלטן אַוועקגעשווומען מיטן שטראָם פון לעבן אָן דער תורה און די תורה וואָלט געבליבן ערגעץ אַ פאַרזיגלטע אָן יידן. עס זענען שוין געווען אַמאָל אַזעלכע סעקטעס ביי יידן און עס האָט זיך טאַקע פון זיי אַזוי אויסגעלאָזט.

— אַזוי אויף שטענדיק — האָט הרב שטיינבערג שאַרף באַטאָנט — איז עס די הייליקע עבודה פון אונדז רבנים, אַז אונטער אַלע באַדינגונגען זאָל די תורה זיך נישט אָפּרייסן פון יידן און אַז יידן, אונטער אַלע אומשטענדן, זאָלן זיך קענען האַלטן ביי דער תורה. די יעניקע רבנים, וואָס וויל דאָס נישט פאַרשטיין, קענען נישט און טאָרן נישט זיין קיין רעליגיעזע מנהיגים, און זייער וואָרט איז פאַר אונדז נישט מאַסגעבנדיק.

## פאַרלוירענע וועגן

ווען הרב שטיינבערג האָט באַמערקט, ווי פּראָפעסאָר פּעטראָוו קוקט אויפֿן זייגער, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ס'איז שוין צייט אוועקצוגיין.

זיי האָבן זיך זייער פריינדלעך געזעגנט, מיט דער אָפּשטימונג ווידער זיך צו טרעפן און פאָרזעצן דעם אינטערעסאַנטן שמועס.

## פּראָפעסאָר פּעטראָוו גיט זיך צו דערקענען

א שיינער, פרישער און געמיטלעכער אָוונט פון חודש יולי, אין דער שטאָט מעקסיקע. דער מבולדיקער נאָכמיטאָג־רעגן האָט נאָרוואָס אויפגעהערט; די וואָלקנס, וואָס האָבן א גאַנצן טאָג פארכמארעט דער וועלט, זענען ערגעץ־ווו פארשוווּנדן געוואָרן; דער הימל, אן אויסגעלייטערטער און אויסגעשטערנטער, האָט בלוי־יומטובדיק אראָפּגעשמייכלט צו אַלעמען; דער אָפּגעפרישטער דרויסן האָט געשפּרייט אויפוואַכונג און מונטערקייט; און מענטשן האָבן מיטאַמאָל אראָפּגעוואָרפן פון זיך די בייטאָגיקע פארשמייעטע פארזויערטקייט און האָבן הנאהדיק זיך אריינגעלאָזט אין אָוונט אריין מיט קוראַזש, פרייד און אויפגעלעבטקייט.

אין א שטילער, רויקער גאַס האָבן די געדיכט־באַבלעטערטע ביימער, פוןביידע זייטן, געמורמולט צווישן זיך א שטילן סוד און די טראָפּנס, וואָס האָבן אראָפּגעטריפט פון זייערע בלעטער, האָבן מיט קלאַפּ־צייכנס איבערגעגעבן איינער צום צווייטן עפּעס אַזעלכס, וואָס קיין פרעמדער האָט פון דעם נישט געטאָרט וויסן.

אין יענעם אָוונט האָט א רייכער אויטאָמאָביל, מיט גבירישער חוצפּה, טומלדיק זיך אריינגעריסן אין דער אָוונט־שטילקייט פון יענער גאַס און ער איז שטיין געבליבן פאַר א פּרעכטיקן בלומען־גאָרטן, וואָס איז צעלייגט געווען אין פראָנט פון א לוקסוסדיק, איינשטאָקיק הויז, די רעזידענץ פון לעאָן און בערטאַ קיזעלשטיין.

פון דעם אויטאָמאָביל זענען אַרויס, דער אַמעריקאַנער

# פּאַרלױרענע װעגן

פּראָפעסאָר דאַניעל פּעטראָװ און דער יונגער דאָקטאָר מאַקס קיזעלשטײן.

פּראָפעסאָר פּעטראָװ האָט אױסגעפונען אַן אױסגעפּרוּװט מיטל, װי אַזױ, אין געװיסע מאָמענטן, צו באַהאַלטן פון מענטשנס אױגן די אײגענע נערװעזע צערודערונג. טײלמאָל העלפט אָט דאָס דאָזיקע מיטל צו באַהאַלטן די נערװעזקײט, אַפילו פון זיך אַלײן אױך. דאָס מיטל הײסט „הומאָריסטישע פאַרטױבונג". און דאָס װערט באַנוצט אַזױ: מען פאַרשיט יענעם די אױגן און מען פאַרטױבט יענעם די אױערן מיט אַזױ פיל הומאָר, װיץ, שפּאַס און געלעכטער, אַז יענער זאָל נישט קענען האָבן קײן מעגלעכקײט צו באַמערקן דעם אינעװײניקסטן נערװעיש־אומרויקן אױפברויז, װאָס שפּאַרט זיך פון אַלע זײטן אַרױסצוקומען.

װי פּעטראָװ איז נאָר אַרײן אין דעם רײך־אַריסטאָקראַטישן סאַלאָן פון די קיזעלשטײנס, האָט ער דערפילט, אַז ער װעט דאַרטן זײן געצװוּנגען צו באַניצן זיך מיט זײן „פאַרטױבונגס מיטל".

מיט אַ ליבן און חנעװדיקן שמײכל איז פּעטראָװן אַנטקעגנגעקומען די באַלהאַבאָסטע, בערטאַ קיזעלשטײן. זי איז געװען אָנגעטאָן אין אַ געפּאַסט בלױ־זײדן קלײד, גענוג אױסדעקאָלטירט; מיט אַ שנירל פּערל אױף איר צאַרטן, הױכן אַלאַבאַסטער־האַלדז; מיט אַ װײסער קוסנט־בלום בײ דער טאַליע און מיט אַ הױכער פריזור פאַרקעמט.

אין פּעטראָװס אױגן האָט בערטאַ דאַמאָלסט אױסגעזען שלאַנקער, אײדעלער און עלעגאַנטער, אײדער אין װײסן פאַרטוך בײם זון אין דער קאָנסולטאַריע.

בערטאַ האָט אױסגעשטרעקט אירע בײדע הענט צו פּעטראָװן. ער האָט אַרײנגענומען אירע הענט אין זײנע, האָט זײ שטאַרק געדריקט און מיט באַגײסטערונג איר געזאָגט:

— װער װאָלט זיך געקענט גלײבן, אַז אָט די יונגע שײנע און חנעװדיקע (ער האָט שיר געװאָלט זאָגן „ברכה") מאַדאַם קיזעלשטײן איז שױן אַ מאַמע פון צװײ דערװאַקסענע קינדער און אַ באָבע פון אַן אײניקל!

— אײ פּראָפעסאָר, פאַרװאָס שפּאַסט איר פון מיר — האָט בערטאַ געזאָגט ברוגזלעך־פאַרשעמט, כאָטש זי איז זײער צופרידן

געווען צו הערן די דאָזיקע ווערטער פון פעטראָוון — צו אַזאַ קאָמפּלימענט האָב איך באַדאַרפט האָבן אַ דריטל פון מיינע יאָרן.

— אַך מאַדאַם קיזעלשטיין, איך מיין אַז אייער שפּיגל נאַרט אייך נישט אָפּ. ווייס איר גאַנץ גוט, אַז איך שפּאַס נישט. עס קען זיין, אַז ס'איז אפשר אַן עוולה פון מיר, פאַרוואָס איך האָב אייך געזאָגט דעם אמת אַזוי דירעקט. אין מיינע יונגע יאָרן איז עס דערלויבט געווען. אָבער היינט ווייס איך נישט. עס איז דאָך היינט אַן אַנדערע צייט און אַן אַנדערע וועלט. נו שוין, לאָמיר מער נישט רעדן וועגן דעם. און ווו איז הער קיזעלשטיין?

— אָט שוין באַלד קומט ער אַריין. דערווייל זיצט, ביטע, וועלן מיר אַביסל שמועסן.

דאָקטאָר מאַקס קיזעלשטיין, וואָס האָט געשוויגן, ווען זיין מוטער האָט גערעדט מיט פּעטראָוון, האָט מיטאַמאָל זיך אָנגערופן:

— איר ווייסט, הער פּראָפעסאָר, שטענדיק ווען מיין מוטער זעט אייך אויפן בילד, וואָס הענגט ביי מיר אין קאָנסולטאָריע, זאָגט זי אַז איר זענט איר זייער באַקענט. אויך ווען זי האָט אייך נעכטן געזען צום ערשטן מאָל פּערזענלעך האָט זי געזאָגט, זי איז זיכער אַז זי האָט זיך שוין אַמאָל מיט אייך ערגעץ באַגעגנט און זי גערענקט אייך זייער גוט, אָבער זי קען זיך נישט דערמאָנען, ווו און ווען זי האָט זיך מיט אייך באַגעגנט.

— יאָ, ס'איז אמת — האָט בערטאַ צוגעגעבן נישט דרייסט — מיר קומט אָפּט פאָר, אַז מיר זענען זיך באַקענט שוין פון לאַנג. נאָר איך קען זיך נישט דערמאָנען פון וואַנען.

פּעטראָוו האָט נערוועז געביסן די ליפּן און ער האָט זיך גענומען צו זיין הומאָריסטישן „פּאַרטויבונגס מיטל״ און ער האָט געזאָגט שפּאַסיק:

— אויך מיר קומט פאָר, אַז איך קען אייך שוין פון לאַנג, מאַדאַם קיזעלשטיין. מ'דערציילט, אַז איינער האָט באַגעגנט אַ מענטש אין גאַס, האָט ער אים אָפּגעשטעלט, אים איבערגעבעטן און געזאָגט: „הער, איר זעט מיר אויס זייער באַקענט. צי זענט איר נישט געווען אַמאָל אין מאָסקווע?״ האָט אים יענער געענטפערט:

# פאַרלוירענע וועגן

„ניין, איך בין אין מאָסקווע קיינמאָל נישט געוועזן". אויף דעם האָט דער ערשטער אים צוריק געענטפערט: „איך בין אויך קיינמאָל נישט געווען אין מאָסקווע. עס האָבן אוודאי דאָרטן געמוזט זיין אַנדערע צוויי מענטשן, נישט מיר. אַנטשולדיקט".

מאַקס קיזעלשטיין האָט זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעלאַכט פון פעטראָווס וויץ. אָבער בערטאַ איז דער וויץ נישט געקראָכן אין קאָפּ אַריין. זי איז געבליבן זיצן פאַרטראַכט, פאַרזונקען אין זיכרונות. זי האָט געזוכט אויפצוטויכן דערמאָנונגען פון ערגעץ אַ טיפעניש, כדי אויסצוגעפינען ווו זי האָט פאַרט אַמאָל פעטראָוון ערגעץ באַגעגנט. אָבער פעטראָוו האָט איבערגעריסן איר טראַכטן. ער האָט געזאָגט.

— אַן שפּאַס, מאַדאַם קיזעלשטיין. איך בין כמעט ווי זיכער, אַז מיר זענען שוין אַמאָל באַקענט געווען און מעגלעך — אויך גוט באַפריינדעט געווען. איך וועל אייך דערקלערן וואָס עס קען זיין די מעגלעכקייט פון דעם. ביי די אַלטע פעלקער פון אָריענט איז אָנגענומען געווען אַ גלויבן, אַז ווען אַ נשמה גייט אַרויס פון אַ מענטש ביים שטאַרבן, גייט זי באַלד אַריין אין אַ ניי־געבוירן קינד און די נשמה הייבט ווידער אָן צו לעבן פון דאָסניי. דאָס ניי געבוירענע קינד וואַקסט אויס, ווערט אַ גרויסער מענטש און ער האָט קיין שום אָנונג נישט וועמענס נשמה עס לעבט אין אים. אַמאָל טרעפט אָבער, צוויי מענטשן באַגעגענען זיך, אַזעלכע וועמענס נשמות זענען אַמאָל אין אַ פריערדיקן גילגול, געווען זייער באַפריינדעט צווישן זיך, אָדער אפשר גאָר פאַליבט געווען. איז ווען די צוויי מענטשן טרעפן זיך, ציט עס זיי איינער צום צווייטן. אין אונטערבאַוווסטזיין פילן זיי, אַז זיי זענען זיך באַקענט שוין פון לאַנג, אָבער זיי קענען זיך נישט דערמאָנען פון וואַנען. עס טליעט אין זיי אַ קעגנזייטיקע ליבשאַפט און פריינדשאַפט, וואָס איז אין זיי פאַרבליבן פונם פריערדיקן גילגול, כאָטש היינט קערן זיי זיך שוין מער גאָר נישט אָן.

— טאַקע, הער פּראָפעסאָר? — האָט בערטאַ געפרעגט מיט פאַרוווּנדערונג — איר מיינט עס טאַקע אויף אַן אמת?

— יאָ, יאָ, עס קען גרייליך זייער מעגלעך זיין — האָט פעטראָוו געענטפערט מיט אַן אַרויפגעצויגענעם ערנסטן טאָן — אַלץ קען

מענגלעך זיין. און מיר האָט אַמאָל אַן עגיפּטער אויסגעלערנט אַזאַ מאַגישע קונץ, דורך וועלכער מען קען דערגיין, וואָס פאַר שייכות צווי נשמות האָבן געהאַט צווישן זיך אין אַ פריערדיקן גילגול. וואָס פאַר אַ גראַד פריינדשאַפט עס האָט געהערשט צווישן זיי אַמאָל.

— איי פּראָפעסאָר, איך וואָלט געוואָלט דאָס דערגיין — האָט בערטאַ אויסגעשריגן מיט עקסטאַז.

— וואָס וואָלט איר וועלן דערגיין, מאַדאַם קיזעלשטיין?

בערטאַ איז רויט געוואָרן און זי האָט גאָרנישט געענטפערט.

— און איך בין אויך טשיקאַווע — האָט דאָקטאָר קיזעלשטיין געזאָגט — צו זען, ווי אַזוי איר קענט דאָס דערגיין.

דערווייל איז אַריינגעקומען דער באַלהאַבאַס, לעאָן קיזעלשטיין. ער האָט זיך זייער פריינדלעך באַגריסט מיט פּעטראָוון און זיך אַנטשולדיקט פאַר זיין פאַרשפּעטיקן.

בערטאַ האָט פאַרבעטן אַלע צום טיש, צו אָוונט־עסן.

ביים טיש האָט פּעטראָוו ערשט רעכט אויסגענוצט זיין מיטל וואָס הייסט „הומאָריסטישע פאַרטויבונג". ער האָט כסדר דערציילט וויצן, אַנעקדאָטן און שפּאַסיקע מעשהלעך, אַ דאַנק וועלכע ס'איז געשאַפן געוואָרן ביים טיש אַן אינטימע, היימישע שטימונג.

מיטאַמאָל האָט פּעטראָוו אַ זאָג געגעבן:

— איר ווייסט, הער קיזעלשטיין, ווען איך באַגעגן אייך ערגעץ ווו אין גאַס וואָלט איך אייך באַלד דערקענט, אַז איר זענט עס מאַקס' פאָטער.

— ווי אַזוי?

— עס איז פאַראַן אַ זעלטענע אידענטישע ענלעכקייט צווישן אייך און אייער זון. איר מיט אייער פרוי האָט זיך זייער גוט איינגעטיילט: איר מיט אייער זון — איין געשטאַלט, איין פּערזאָן. אייער פרוי מיט אייער טאָכטער — ווידער איין געשטאַלט, איין פּערזאָן.

# פאַרלוירענע וועגן

— פון וואַנען קענט איר מיין טאָכטער, הער פּראָפעסאָר? — האָט לעאָן געפרעגט.

— מיין זון, דזשאַרזש, האָט מיר געוויזן איר פאָטאָגראַפיע, ווען ער איז צוריקגעקומען פון מעקסיקע.

— און וואָס מאַכט ער דזשאַרזש? — האָט בערטאַ געפרעגט — מיר האָבן אים זייער געגליכן.

— ער מיט מיין פרוי זענען אויך דאָ מיט מיר אין מעקסיקע.

דאָ האָט בערטאַ זיך אָנגערופן מיט איבערראַשנדיקער פאַרוווּנדערונג:

— פאַרוואָס זשע האָט איר, הער פּראָפעסאָר, אונדז גאָרנישט געזאָגט ווענן זיי, און פאַרוואָס האָט איר זיי נישט מיטגעבראַכט צו אונדז?

פּעטראָוו האָט געענטפערט צוערשט מיט אַ וויץ:

— מ'האָט אַמאָל פאַרבעטן אַ צעטראָגענעם פּראָפעסאָר אויף מיטאָג צו זיינעם אַ פריינד. ווען דער פּראָפעסאָר איז געקומען אַהין האָט מען אים געפרעגט, פאַרוואָס ער האָט נישט מיטגעבראַכט זיין פרוי, האָט דער פּראָפעסאָר געענטפערט: „נו יאָ, כ'האָב טאַקע אויפן גאַנצן וועג געטראַכט, אַז איך האָב אין שטוב עפּעס פאַרגעסן".

ערשט נאָכן וויץ, פון וועלכן אַלע האָבן געלאַכט, האָט פּעטראָוו צוגעגעבן:

— אַ שפּאַס אין אַ זייט. מיין פרוי האָט זיך געפילט נישט גוט דאָ, ביי אייך אין מעקסיקע. עס איז דאָ צו הויך פאַר איר, איז מיין זון געפאָרן מיט איר אין קוערנאַוואַקאַ.

— און דזשאַרזש האָט גאָרנישט געוואָלט קומען אונדז זען? — האָט בערטאַ געפרעגט — איך וואָלט עם גאָרנישט געוואָלט גלייבן אויף אים.

— ער האָט שוין גאָר שטאַרק געוואָלט צוגיין צו אייך — האָט פּעטראָוו געענטפערט — און נאָך ווי געוואָלט! אָבער צוליב סיבות, וואָס איר פאַרשטייט אַליין, האָב איך אים פאַרלויפיק — ער האָט

שטאַרקט באַטאָנט דאָס וואָרט „פּאַרלויפיק" — אָפּגעהאַלטן פון גיין צו אייך.

אַלע דריי, לעאָן, בערטא און מאַקס, האָבן פּילבאַדייטנדיק זיך איבערגעקוקט.

נאָכן עסן האָט לעאָן איבערגעבעטן דעם גאַסט, אַז ער מוז זייער נייטיק אַריינגיין צו זיך אין קאַבינעט אויף אַ צען־פופצן מינוט, און ער האָט צוגעגעבן:

— מיט אייך, הער פּראָפעסאָר, איז אַ פאַרגעניגן צו פאַרברענגען. באַלד קום איך צוריק וועלן מיר אַביסל שמועסן. דערווייל זענט איר אין אַ גוטער געזעלשאַפט, מיט מיין פרוי און זון.

באַלד ווי לעאָן איז אַוועק איז בערטא צוגעשטאַנען צו פּעטראָוון, אַז ער זאָל מאַכן דעם מאַגישן סעאַנס, וואָס דערקלערט וועלבע שייכות צווויי נשמות האָבן געהאַט צווישן זיך אין אַ פריערדיקן גילגול.

— אָבער זאָגט מיר, מאַדאַם קיזעלשטיין, — האָט פּעטראָוו געפרעגט שפּאַסיק — פון וועלכע צוויי נשמות ווילט איר עס וויסן?

בערטא האָט זיך פאַרשעמט און האָט געענטפערט:

— איר ווייסט גאַנץ גוט, הער פּראָפעסאָר, וואָס איך מיין. נו, אויב איר ווילט עס הערן פון מיר מיט קלאָרע ווערטער, וועל איך עס אייך גערן זאָגן גאַנץ אָפן: אונדזערע ביידנס נשמות.

— צי מיינט איר טאַקע אויף אַן אמת, אַז אונדזערע ביידנס נשמות, האָבן ווען ס'איז אַמאָל געהאַט צווישן זיך אַ נאָענטע פאַרבינדונג?

— יאָ, איך בין זיכער אין דעם. — האָט בערטא געענטפערט זייער ערנסט.

פּעטראָוו האָט געהייסן בערטאַן זיך אַוועקזעצן אויף אַ שטול, פאַרבינדן די אויגן מיט אַ רויט טיכל, אויף אַ טיש פאַרן פּנים אַוועקשטעלן צוויי אָנגעצונדענע ליכט און די גאַנצע צייט זאָל זי האַלטן די אויגן גוט פאַרמאַכט. זי זאָל זיצן רויק, זיך נישט אויפרעגן, גאָרנישט רעדן, נאָר ענטפערן אויף די געשטעלטע פראַגעס: „יאָ" אָדער „ניין", מער גאָרנישט — קיין איין וואָרט נישט.

## פארלוירענע וועגן

אין דער גאנצער צייט, וואס אט די צערעמאָניעס זענען לאנגזאם צוגעגרייט געווארן, האט דאָקטאר קיזעלשטיין געווארט מיט געשפאנטער נייגעריקייט, צו זען וואס פון דעם אלעם וועט ארויסקומען.

ווען דאס אלצדינג איז שוין איינגעשטעלט געווען האט פעטראָוו עפּעס געפּרעפּלט אומפארשטענדלעכע ווערטער, ער האט געמאכט „אָקוס פּאָקוס" מיט די הענט ארום די אנגעצונדענע ליכט און ער האט נאכאמאל שטרענג אנגעזאָגט:

— האלטן די אויגן גוט פארמאכט, זיצן רויק, נישט אויפרעגן זיך, גארנישט רעדן, נאר ענטפערן אויף פראגעס, „יאָ" אדער „ניין".

און פעטראָוו האט גענומען שטעלן פראגעס:

— האָט איר, בערטא קיזעלשטיין, געוווינט מיידלוויז אין פוילן?

— יאָ.

— די שטאָט ווו איר האט געוווינט געפינט זיך נישט ווייט פון ווארשע?

— יאָ.

— די שטאָט הייסט נאָווימינסק?

בערטא האט א נערוועזן ציטער געטאָן און געענטפערט:

— יאָ.

— איז אייער מיידלשער נאָמען געווען ברכה ווישליצקי?

בערטאס גאנצער קערפּער האט זיך גענומען טרייסלען און זי האט מיט א ציטערנדיקער שטים געענטפערט:

— יאָ.

— זיצט רויק, מאדאם קיזעלשטיין, רעגט אייך נישט אויף און ענטפערט מיר: האט איר געהאט אין אייער היימשטאָט א געליבטן, אין וועמען איר זענט פארליבט געווען מיטן גאנצן פלאם פון אייער נשמה?

בערטא האט זיך געשטארקט מיט אלע כוחות צו זיצן רויק,

## מאיר קאראנא

באטש עס האט איר געקלאפט א צאן אין א צאן, און זי האט געענטפערט:

— יא.

— זיצט רויק, באהערשט אייך און ענטפערט מיר: האט ער, אייער געליבטער, געהייסן, באלד, באלד, איין מאמענט, איך וועל אייך באלד זאגן. האט ער געהייסן חיים לייב גארדאן?

בערטאן האט גענומען שטיקן אין האלדז און מיט א פארשטיקטער שטים האט זי געענטפערט:

— יא.

איצט פארקוועטשט שטארק די אויגן און זאגט מיר, צי זעט איר חיים לייבס געשטאלט פאר זיך אין איצטיקן מאמענט?

בערטא האט געווארט א ווייל און געענטפערט:

— ניין.

— אויב אזוי — האט פעטראוו אויסגעשריגן אין יידיש, אין א שטארק נערוועזן טאן — ברכה, נעם אראפ דאס טיכל פון די אויגן וועסטו אים זען.

בערטא האט אראפגענומען דאס טיכל פון די אויגן. א קורצע ווייל איז זי געבליבן ווי פארגליווערט און פלוצלינג האט זי א הילכדיקן היסטערישן געשריי געגעבן „חיים לייב!”

זי האט פארווארפן איר קאפ אויף פעטראוום אקסל און זי האט אויסגעבראכן אין יאמערדיקע ספאזמעס.

דאקטאר מאקס קיזעלשטיין האט גענומען די מוטער און זי אוועקגעלייגט אויף דער קאנאפע.

אויף בערטאס היסטעריקעס און ספאזמעס איז לעאן אריינגעלאפן א דערשראקענער און ער האט געפרעגט — וואס איז דא געשען?

קיינער האט אים גארנישט געענטפערט.

בערטא איז געלעגן אויף דער קאנאפע, דעם קאפ איינגעגראבן אין קישעלע און האט געהאלטן אין איין כליפען און העשען, און אלע מאל ארויסגעזייעט צווישן די ציין די ווערטער: „חיים לייב”, „חיים לייב”.

# פאַרלוירענע וועגן

מאַקס איז געשטאַנען אַ צעטומלטער. ער האָט אויף קיין פאַל נישט געקענט באַגרייפן, וואָס איז דאָס אַזעלעכס, וואָס איז צווישן פּראָפעסאָר פּעטראָוו מיט זיין מוטער פאָרגעקומען. ער האָט זיך געריבן די אויגן און געביסן די ליפּן. ער האָט זיך געוואָלט איבערצייגן, צי דאָס אַלץ וואָס ער האָט געזען און געהערט איז אַ רעאַלע ווירקלעכקייט, אָדער — אפשר גאָר איז עס אַ פלאַנטער פון אַ חלום.

דערווייל האָט פּעטראָוו אַרויסגענומען אַ פיל פון אַ שאַכטל און דערלאַנגט מאַקסן, אַז ער זאָל דאָס געבן זיין מוטער, מיט אַ גלאָז קאַלטע וואַסער, כדי צו באַרויקן אירע נערוון.

פּעטראָוו איז צוגעגאַנגען צו לעאָנען און אים געבעטן, אַז ער זאָל הייסן מאַקסן אַהיים פאָרן. דערנאָך ווען זיי וועלן בלייבן אַליין וועט ער אים אַלץ אויפקלערן.

## שאַרפער איבעררייד צווישן לעאָן קיזעלשטיין און פּראָפעסאָר פּעטראָוו

באַלד ווי מאַקס איז אוועק האָט פּאַר אַלע דריי זיך געשאַפן אַן אומבאַקוועמע לאַגע. יעדער איינער פון זיי האָט זיך געפונען אין אַן אָנגעצויגענער פּאָזע פון אומגעדולדיקער און געשפּאַנטער דערוואַרטונג, אויף אַן אומגעוויינלעכער מיסטעריעזער געהיימעניש, וואָס דאַרף אָט אָט אַנטדעקט ווערן. און אין יעדן איינעם האָט זיך געוועקט אַ פאַרלאַנג, אַז דאָס וואָס האָט צו געשען, זאָל עס שוין געשען, וואָס גיכער.

אינדעם האָט בערטאַ ראַפּטום זיך אויפגעשטעלט. זי האָט געבעטן ביי די צוויי מענער, אַז אָן איר זאָל מען וועגן גאָרנישט רעדן, זי גייט נאָר אַרוים אויף עטלעכע מינוט.

בערטאַס אָפּוועזנהייט האָט געדויערט אינגאַנצן טאַקע נישט מער ווי אַ פּאָר מינוט. אָבער ביי לעאָנען און פּעטראָוון האָבן זיי אויסגעזען ווי זיי זאָל זיך ציען לאַנגע שעה'ען. ביידע האָבן, אין זייער אומאָנגענעמען שווייגן, נישט געקענט רויק איינזיצן אויף די ערטער. אַפילו צו טראַכטן, וואָס עס וועט זיין אין אַ ווייל שפּעטער, האָבן זיי קיין געדולד נישט געהאַט.

בערטאַ איז אַריין מיט אַן אָפּגעוואַשן פּנים. זי האָט אויסגעזען בלייך ווי זי זאָל נאָרוואָס האָבן אויפגעשטאַנען פון אַ קראַנקהייט. אויף אירע בלאַסע ליפּן איז געלעגן אַ צוגעקלעפּטער שמייכל און פון אירע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַן אומעט. זי איז צו צו איר

# פאַרלוירענע וועגן

מאַן, האָט אים אָנגעוויזן אויף פּעטראַוון און אין אַ טאָן פון אָפיציעלער העפלעכקייט האָט זי געזאָגט:

— לעאָן, מיין מאַן, זיי באַקאַנט.

לעאָן האָט אָנגעקוקט בערטאַן מיט פאַרוואונדערונג. ער האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס זי מיינט מיטן דאָזיקן שפּאַס. און באַלד האָט ער זיך געווענדעט צו פּעטראָוון מיט אַ שמייכל און געזאָגט שפּאַסיק:

— דאַכט מיר, הער פּראָפעסאָר, אַז מיר זענען שוין באַקענט.

— אַ ניין, מיין ליבער מאַן, — האָט בערטאַ געזאָגט מיט פולער ערנסטקייט — דו האָסט זיך באַקענט מיט פּראָפעסאָר דאַניעל פּעטראָוו, אָבער איצט שטעל איך דיר פאָר מיין יוגנט־געליבטן, חיים לייב גאָרדאָן. נאָך פאַר אונדזער חתונה האָב איך דיר דערציילט וועגן אים. אויך שוין נאָך אונדזער חתונה האָב איך מיט דיר אַ סך מאָל גערעדט וועגן אים.

לעאָן האָט מיט שטוינען און איבערראַשונג געקוקט, שווייגנדיק, אַמאָל אויף בערטאַן און אַמאָל אויף פּעטראָוון, ווי ער זאָל געוועזן צווייפלען, צי איז עס טאַקע אמת, וואָס זיין ווייב האָט געזאָגט. ער האָט זיך געטראַכט: „ווי איז דאָס מעגלעך?!" „וואָס איז דאָס פאַר אַ טשעפּוכאַ?!"

פּעטראָוו, אַז ער האָט געזען לעאָנס פאַרלוירנקייט, האָט ער אים אויסגעשטרעקט אַ האַנט און זיך געווענדעט צו אים אויף פּראָסט יידיש:

— שלום עליכם, ליבער פריינד קיזעלשטיין. אויב איך בין שוין יאָ צוריק אַ חיים לייב לאָמיר זשע רעדן ווי אַמאָל, אויף פּראָסט מאַמע־לשון.

— און וואָס זאָגסטו, ברכה, — האָט פּעטראָוו זיך געווענדעט צו בערטאַן — וועסטו זיין צופרידן, אַז מיר זאָלן רעדן יידיש?

— פאַר מיר איז געגוג, אַז איך זע דיך ווידער — האָט בערטאַ געענטפערט מיט מאַמעשער צערטלעכקייט — דו קענסט רעדן אויף וועלכער שפּראַך דו ווילסט, אַבי איך הער דיך רעדן. איך האָב דאָך

געמיינט, אַז איך וועל שוין קיינמאָל אין מיין לעבן דיך נישט זען און נישט הערן.

לעאָן האָט געזען און געהערט, אָבער ער האָט אויף קיין פאַל נישט געקענט גלייבן זיינע אויגן און אויערן. די משונהדיקע איבעראַשונג איז פאַר אים געקומען אַזוי אומגעריכט, אַזוי פּלוצלינג, אַז זיין קאָפּ האָט קיין צייט נישט געהאַט צו באַנעמען די ווירקלעכקייט פון דער געשעעניש. איז לעאָנען דעריבער אין פלוג פאַרגעקומען די גאַנצע מעשה אַזוי אויסטערליש, אַזוי אומגלויבלעך, פונקט ווי עס זאָל צו אים פּלוצלינג אריינפאַלן די מלכה שבא און זאָגן: „דו ווייסט, לעאָן, איך בין דיינע אַ שוועסטער".

אַז לעאָנס מוח איז גאַנץ גיך אריבער פון טרוים צום פאַקט און צו דער אָנערקענונג פון דער ווירקלעכקייט, האָט ער געפרעגט:

— זאָגט זשע מיר, ליבער פריינד, ווי אַזוי זשע איז עס פון אַ יידישן חיים לייב גאָרדאָן געוואָרן אַ רוסישער פּאָניע, דאַניעל פּעטראָוו?

— אָט דאָס טאַקע וואָס איך וויל אייך דערציילן. איך האָב זיך חלילה נישט געשמדט. איך האָב נאָר אַמאָל אויסגעטוישט מיין יידישן פּאַספּאָרט אויף אַ גוישקן, וואָס עס האָט פאַר מיר דאַמאָלסט מעגלעך געמאַכט אָנצוקומען אין אַ רוסישן אוניווערסיטעט און אויסשטודירן אויף דאָקטאָר מעדיצין.

דאָ האָט פּעטראָוו דערציילט זיין גאַנצע געשיכטע, וואָס עס האָט מיט אים פּאַסירט, זינט ער איז אַוועק פון נאָווימינסק ביז ער איז אָנגעקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אַזוי ווי ער האָט עס דערציילט פאַר זיין זון מיט עטלעכע חדשים צוריק, פאַרשטענדלעך — מיט אַ היפּש ביסל פאַרקירצונגען.

ווען פּעטראָוו האָט געענדיקט דערציילן זיין לעבנס געשיכטע, צו וועלכער לעאָן און בערטאַ האָבן זיך צוגעהערט מיט גרויסער אויפמערקזאַמקייט, זענען אַלע דריי געבליבן זיצן אין טיפן שווייגן. יעדער איינער פון זיי האָט זיך פאַרטראַגן אין זיינע אייגענע פאַרזיכדיקע מחשבות.

פּעטראָוו האָט געטראַכט:

# פארלוירענע וועגן

— און איצט ווי אזוי קומט מען צו צום עיקר, צוליב וועלכן איך בין געקומען קיין מעקסיקע? ווי אזוי פארקירוועט מען איצט דעם שמועס דירעקט צום ענין, וועגן דזשארזשן מיט פערלאן? דער „ארום און ארום"־וועג האט זיך דאך שוין געענדיקט. איצט בלייבט נישט מער איבער ווי נאר צו עפענען די טיר און אריינגיין אינעווייניק, גלייך צום תכלית. אבער ווי אזוי מאכט מען עס?

בערטא האט געווישט די אויגן און געטראכט:

— צוליב איין פאלשן טריט, וואס איך האב דאמאלסט געמאכט, האב איך פארשפילט מיין גאנץ לעבן. איך האב נישט געטארט דאמאלסט אים צורעדן, אז ער זאל פרייוויליק זיך צושטעלן צו מיליטער־דינסט. אבער וואס קען א מענטש, אפילו דער קליגסטער, אויסרעכענען פארויס פון דעם וואס קען מארגן פאסירן, בפרט ווען איך בין דאמאלסט נאך גאר א יונגע ציג געווען, אן גענוג לעבנס דערפארונגען. און אט נאך אזוי פיל יארן בין איך נאך אלץ משוגע פארליבט אין אים. ווען כ'האב נאר געזען זיין בילד, איידער כ'האב נאך ריכטיק געוווסט ווער ער איז, האט מיין נשמה געצויגן צו אים. מיין הארץ האט מיר געזאגט און איך האב אינסטינקטיוו געפילט, אז דאס איז ער, חיים לייב, דורך וועמען מיין הארץ איז געפאנגען געווארן אויף אייביק. און אפשר איז אזוי באשערט, אז אונדזערע קינדער זאל ארויף אויף דעם וועג, אויף וועלכן מיר האבן אנגעהויבן צו גיין און נישט דערגאנגען. אבער ווי אזוי ווירקט מען אויף לעאנען? ער האט זיך ביטער פארעקשנט, אז איינמאל ניין; ער וועט אויף קיין פאל צו דעם נישט דערלאזן. און אפשר וועט ער איצט ענדערן זיין מיינונג. אך, ווי איך וואלט עס געוואלט!

לעאן ווידער האט געטראכט:

— אייגנטלעך וואס איז דען דער אונטערשייד, צי איינער שמדט זיך מיט קירכלעכער צערעמאניע, מיט דער „הייליקער" שוועבל־וואסער, און ער ווערט א גוי אונטערן אייגענעם נאמען, צי איינער דרייט איבער די יידישע קאפאטע און ער ווערט א גוי אויף א פרעמדן נאמען. ס'איז דער זעלביקער גוי!

ענדלעך האט פעטראוו איבערגעריסן דאס שווייגן און דאס שטילע דרייפאכיקע טראכטן. ער האט אנגעהויבן:

— יאָ, אַנטקעגן וואָס, מיינט איר, האָב איך אייך דאָס אַלצדינג דערציילט? פאַרוואָס האָב איך איצט אַזוי גערנוויליק געעפנט פאַר אייך מיין האַרץ און מיטאַמאָל אַראָפּגעריסן דעם שלייער פון מיין לעבן אין די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר? און בכלל וואָס איז געווען דער אמתער ציל פון מיין קומען צו אייך קיין מעקסיקע?

פּעטראָוו האָט זיך איינגעקוקט אין בערטאַן און אין לעאָנען, ווי ער זאָל וועלן אַרויסלייענען פון זייערע פּנימער די אַרויסגערופענע נייגעריקייט פאַר זיינע ווייטערדיקע ווערטער. און ער האָט פאָרגעזעצט:

— לאָמיר רעדן מיט אייך אָפענע און קלאָרע דיבורים: שוין לאַנג ווי מיך פּלאָגט און מאַטערט דער געדאַנק, ווי אַזוי צו געפינען אַ סטעזשקע, אָדער וועלכע ס'איז פּיסטריט, וואָס זאָלן מיך אַרויספירן צוריק צו מיין אַלטן פאַרלוירענעם היים־וועג. ווען איך האָב זיך דורך מיין זון דערקונדיקט, מיט עטלעכע חדשים צוריק, אַז די פּערלאַ קיזעלשטיין, אין וועמען ער איז אַזוי שטאַרק פאַרליבט, איז די טאָכטער פון מיין אַמאָליקער יוגנט־געליבטער, ברכה ווישליצקי, האָב איך זיך אין דעם אָנגעכאַפּט, ווי איינער וואָס טרינקט זיך כאַפּט זיך אָן אין אַן אויסגעשטרעקטער רעטונג.

פּעטראָוו האָט זיך געווענדעט דירעקט צו בערטאַ און צו איר געזאָגט:

— אפשר, ברכה, איז אַזוי באַשערט, אַז מיר זאָלן ביי אונדזערע קינדער דערגרייכן דאָס, וואָס אונדז אַליין איז עס נישט באַשערט געווען.

— און אפשר — האָט פּעטראָוו זיך געווענדעט צו לעאָנען — איז אויף אייער גורל אויסגעפאַלן צו זיין דער שליח, ווי ישעיה הנביא האָט געזאָגט: „לפקוח עינים עוורות, להוציא ממסגר אסיר, מבית כלא יושבי חושך" — זעעוודיק צו מאַכן בלינדע אויגן, אַרויסשלעפּן אַ געבונדענעם פון קלעם, פון תפיסה — אַרעסטירטע (ישעיה מ"ב). דורך אַ שידוך צווישן אונדזערע קינדער קען דאָס דערגרייכט ווערן.

פּעטראָוו איז אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט געטראַכט, צי דאַרף

# פארלוירענע וועגן

ער נאָך מער רעדן וועגן דעם, אָדער עס וועט זיין געגוג מיט די אָפענע און קלאָרע ווערטער וואָס ער האָט ארויסגעבראַכט.

דערווייל האָט לעאָן א פרעג געגעבן:

— צי מיינט איר עס, הער פּראָפעסאָר, ערנסט מיט דעם, אַז איר וואָלט וועלן זיך אומקערן צום שטאַם און ווערן צוריק א ייד?

פּעטראָווין האָט זיך אויסגערוכט, אַז אין לעאָנס פראַגע ליגט א באַהאַלטענער, איראָנישער צווייפל־טאָן. דאָס האָט פּעטראָווין אויפגערעגט. ער האָט געפילט, ווי מ'זאָל אים בכוונה וועלן שיטן זאַלץ אויף זיין צעווייטיקטער נשמה, האָט ער דעריבער געענטפערט לעאָנען טראַציק:

— זעט איר, הער קיזעלשטיין, ווען אָט די פראַגע, פון אומקערן זיך צום שטאַם, זאָלן מיר געוועזן שטעלן מיין טאַטע, מיינע זיידעס און זייערס גלייכן, וואָלט איך געוועזן פארשטאַנען וואָס זיי מיינען. אפילו איך אַליין, אַז איך שטעל זיך אָט די פראַגע ווייס איך קלאָר וואָס איך פאַרלאַנג פון זיך. אָבער ווען איר, הער קיזעלשטיין, פרעגט מיר אָט די פראַגע קען איך נישט באַגרייפן וואָס איר מיינט דערמיט צו זאָגן. וואָרן לאָמיר זיך נישט נאַרן. מיט וואָס זענט איר אייגנטלעך מער ייד פון מיר? דעם אַלטן, טראַדיציאָנעלן, פאַרהייליקטן שבת האָט איר שוין לאַנג פאַרוואָרפן און אים פאַרביטן אויפן גוישקן זונטיק; אַלץ וואָס ביי יידן איז פון אייביק אָן שטרענג פאַרבאָטן איז ביי אייך, זע איך, גאַנץ כשר; פון אַלע יידישע, פון דורות אָן, פאַרהייליקטע דינים, מצוות און מנהגים איז ביי אייך שוין אפילו קיין זכר נישט פאַרבליבן; דער יידישער, פאַרוואָרצלטער יראת־שמים־ציטער איז שוין ביי אייך אַזוי אויסגעוועפּט, אַז עס איז שוין פון דעם אפילו קיין ריח נישט געבליבן. איז מיט וואָס זשע זענט איר יאָ א ייד און איך נישט?

— איך בין טאַקע נישט קיין פרומער רעליגיעזער ייד — האָט לעאָן געענטפערט א צעקאָכטער און אויפגעבראַכטער — אָבער איך בין א נאַציאָנאַלער ייד. איך בין מיט ליב און לעבן, מיט נשמה און האַרץ, צוגעבונדן צו מיין פאָלק מיט אַלע זיינע ליידן און פריידן. איך וואָלט קיינמאָל אין לעבן, אונטער קיינע אומשטענדן, נישט

אויסגעביטן דאָס רענדל, צוליב מײַנע פּערזענלעכע פּאַרלייכטערונגען און באַקוועמלעכקייטן.

— נאָר קאָכט זיך נישט אַזוי, הער קיזעלשטיין, זײַט רויק. לאָמיר זיך וועלן פאַרשטיין איינער דעם אַנדערן. ערשטנס, איז דער גאַנצער טערמין „נאַציאָנאַלער ייד און נישט־רעליגיעזער ייד" אַ פאַלשער. עס קומט מיר אויס דאָס זעלביקע, ווי וועלן אויפשטעלן אַ הויכע געביידע אָן אַ פונדאַמענט. וואָרן נעמט אַוועק פון יידישן פאָלק דעם רעליגיעז־יידישן באַזיס; די יידישע אָפּגעזונדערטקייט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורכאויס דורך דער רעליגיע; די אַלוועלטלעכע יידישע פאַראייניקטקייט, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן נאָר אַ דאַנק דער יידישער רעליגיע; אָן דעם אַלעמען בלייבט די גאַנצע יידישע געביידע פונדאַמענטלאָז, וואָס קען צו יעדן מאָמענט איינפאַלן. ווידער זאָגט איר, הער קיזעלשטיין, אַז איר וואָלט קיינמאָל נישט אויסגעביטן דאָס רענדל צוליב פּערזענלעכע פאַרלייכטערונגען און באַקוועמלעכקייטן. וויל איך אײַך פרעגן, פאַרוואָס האָט איר אויסגעביטן דאָס רענדל פון שבת, כשרות און נאָך אַזוי ווייטער, נישט צוליב מער באַקוועמלעכקייט? פאַרוואָס זוכט איר זיך צו צופּאַסן צו דער אַרומיקער גוייִשקער סביבה, צי דען נישט כדי צו מאַכן פאַר זיך דאָס לעבן באַקוועמער און לייכטער? ווייל צו טראָגן אויף זיך דעם יאָך פון דעם טראַדיציאָנעלן לעבנס שטייגער איז נישט אַזוי איבעריק באַקוועם. איז פאַרוואָס זשע הייסט דאָס נישט אויסגעביטן דאָס רענדל?

— אָבער איך בין קיינמאָל נישט אַנטלאָפן פון יידישן לאַגער, פון לאַגער פון די געדריקטע, געפּייניקטע און גערודפטע, און זיך נישט אויסבאַהאַלטן אינם שונאָס לאַגער, אין לאַגער פון די הערשער, פּייניקער און טיראַנען!

אין דער גאַנצער צייט פון דער דיסקוסיע איז בערטאַ געזעסן ווי אויף שפּילקעס. עס האָט איר געהויבן פון אָרט. זי האָט נישט געקענט פאַרטראָגן די טראָציקייט, שאַרפקייט און שטעכעדיקייט, מיט וועלכע די דיסקוסיע איז געפירט געוואָרן. אָבער זי האָט זיך באַהערשט און זיך איינגעהאַלטן מיט אַלע כוחות, נישט אַרייַנצומישן זיך.

ערשט נאָך איר מאַנס לעצטע ווערטער האָט בערטאַ זיך מער

# פאַרלוירענע וועגן

נישט געקענט באַהערשן. זי האָט זיך אויפגעשטעלט און אויסגעשריגן:

— מיינע ליבע, איר זאָלט מיר אַנטשולדיקן, נישט אין אַזאַ טאָן און נישט אין אַזאַ פאָרעם דיסקוטירן צווישן זיך אינטעליגענטע מענטשן. באַזונדערס צווישן פריינד, דאַרף אַוודאי אַזאַ טראַקטיקייט און אַזאַ בייסיקייט נישט אַריינגעבראַכט ווערן ביים דיסקוטירן.

ביידע מאַנסליים האָבן, ערשט נאָך בערטאַס מוסר־ווערטער, זיך אַרומגעזען, אַז זיי האָבן צופיל זיך פאַרגאַלאָפירט און צו שאַרף איבערגעפּעפּערט זייערע אויסדרוקן און אַריינזאָגעכצן. און ביידע האָבן זיך מיטאַמאָל דערפילט אין אומבאַקוועמע פּאָזיציעס.

פּעטראָוו האָט אַ קוק געגעבן אויפן זייגער און זיך אַ כאַפּ געטאָן, אַז ס׳איז שוין זייער שפּעט אין דער נאַכט. האָט ער, אין צעברויזטער אויפרעגונג, אָבער אונטער אַ מאַסקע פון געמאַכטער העפלעכקייט, זיך אויפגעשטעלט און זיך אָפּגעזעגנט, זאָגנדיק דערביי:

— מיינע ליבע פריינד, אַ האַרציקן דאַנק אייך פאַר אַלץ. עס איז שוין זייער שפּעט. אויף היינט וועט זיין גענוג אַריינגעכאַפּט...

# פּראָפעסאָר פּעטראָוו ווערט פּלוצלינג קראַנק און עס ווערט געשלאָסן דער שידוך צווישן דזשאָרזש פּעטראָוו מיט פּעלראַ קיזעלשטיין

אין דרויסן האָט שוין גענומען טאָגן. עס זענען קוים אריבער־עטלעכע שעה זינט לעאָן קיזעלשטיין האָט שפּעט ביינאכט אָפּגעפירט, מיט זיין קאָטש, פּעטראָוון צום האָטעל „מאַזשעסטיק", ווי דער טעלעפאָן ביי די קיזעלשטיינס האָט זיך אַלאַרמיש צעקלונגען. פון האָטעל האָט מען גערופן, אז מ'זאָל שוין צוקומען, ווייל זייער פריינד, פּראָפעסאָר פּעטראָוו פון די פּאַר. שטאַטן האָט געקריגן אַ האַרץ־אַטאַקע.

אין אימפּעטיקער, צערודערטער איילעניש האָבן בערטאַ מיט לעאָנען זיך דורכגערעדט אויף שטום־לשון, בלויז מיט די אויגן. בערטאַ האָט מיט אַ שטרענגן בליק פאַרגעוואָרפן לעאָנען, אַז ער איז שולדיק אין פּעטראָווס פּלוצלינגדיקער האַרץ־אַטאַקע, ווייל ער האָט אַזוי גראָב און אומטאַקטיש אָנגעגריפן פּעטראָוו, ווען יענער האָט, כמעט הילפלאָז ווי איינער וואָס טרינקט זיך, אויסגעשטרעקט צו אים אַ האַנט און געבעטן רעטונג.

לעאָן האָט געביסן די ליפּן און אין חרטהדיקן שווייגן, מיט אַ הכנעהדיקן בליק, צוגעגעבן, עס קען זיין אַז בערטאַ איז גערעכט.

ווען בערטאַ מיט לעאָנען זענען אריין צו פּעטראָוון אין האָטעל־צימער, האָבן זיי דאָרטן שוין געטראָפן דעם ניו יאָרקער רב, הרב שטיינבערג, און אַ מעקסיקאַנער האַרץ־דאָקטאָר.

# פאַרלוירענע וועגן

באַלד אויפן אָרט, נישט פרעגנדיק ביי קיינעם, האָט לעאָן קיזעלשטיין דערליידיקט דריי זאַכן: ער האָט ארויסגערופן אַן אַמבולאַנס, וואָס זאָל אַריבערפירן דעם קראַנקן צו די קיזעלשטיינס אין הויז; ער האָט אַוועקגעשיקט אַ טעלעגראַמע צו זיין טאָכטער קיין ישראל, אַז צוליב איר גליק און צוקונפט זאָל זי וואָס שנעלער אַהיים קומען, דערביי איז געווען צוגעשריבן אַ גרוס פון דזשאַרזשן מיט זיינע עלטערן, וועלכע געפינען זיך אין מעקסיקע; און אַליין איז לעאָן צוגעפאָרן קיין קוערנאַוואַקאַ, צו ברענגען פון דאָרט פּעטראָוום פרוי און זון.

אויף גאַנצע זעקס וואָכן איז פּעטראָוון שטרענג פאַרזאָגט געוואָרן, מעדיציניש, צו בלייבן אומבאַדינגט ליגן אין בעט אין פולשטענדיקער אומבאַוועגלעכקייט. אָבער פּעטראָוו, אַליין אַ באַרימטער מעדיקער און מעדיצין־פּראָפעסאָר, האָט נאָך עטלעכע טעג ליגן אין בעט און נאָכדעם ווי ער האָט עקזאַמינירט די קאַרדיאָגראַמעס, אַרויסגעגעבן אויף זיך אַ היתר, אַז ער מעג צוביסלעך זיך אויפזעצן.

בערטאַ קיזעלשטיין און הרב שטיינבערג, וואָס זענען געווען דערביי, האָבן שטאַרק פּראָטעסטירט קעגן דעם, פאַרוואָס ער, פּעטראָוו, וויל נישט אויספאָלגן דעם פאַרזאָג פון דעם מעקסיקאַנער קאַרדיאָלאָג, אונטער וועמענס אויפזיכט פּעטראָוו האָט זיך געפונען. פּעטראָוו האָט צום ערשטן מאָל, נאָך אַזוי פיל יאָרן, אַרומגענומען בערטאַן, איר אַ קוש געגעבן און געזאָגט איר שטיל אויפן אויער:

— מיין ליבע ברכה, אין אַלצדינג איז חיים לייב גרייט דיר צו פאָלגן, אָבער צו דעם וואָס פּראָפעסאָר פּעטראָוו זאָגט אויפן געביט פון מעדיצין מעגסטו, ברכה, זיך צוהערן.

— און אייך ליבער פריינד, הרב שטיינבערג — האָט פּעטראָוו זיך געווענדעט צום רב אויף פּראָסט יידיש — וויל איך פרעגן: „דברי הרב ודברי התלמיד דברי מי שומעים?" צו וועמענס פּסק דין דאַרף מען זיך בעסער צוהערן, צום רבס אָדער צום דיינס? אמת טאַקע עס איז אָנגענומען, אַז „אין חבוש מתיר עצמו מבית האסורים" (אַן אַרעסטירטער קען זיך אַליין נישט באַפרייען פון תפיסה) אָבער זעט וואָס די גמרא זאָגט אין נדרים, איך געדענק שוין

נישט אַקוראַט, צי דאָס איז אין דף ז׳ אָדער דף ח׳: „אמר ר׳ גידל אמר רב, תלמיד חכם מנדה לעצמו ומיפר לעצמו״. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז אַ געלערנטער אין זיין פּראָפעסיע האָט רעכט אַליין צו זאָגן אויף זיך, ווען יאָ און ווען נישט, ווען מ׳טאָר נישט און ווען מען מעג.

הרב שטיינבערג, הערנדיק פּעטראָווס ווערטער, איז פון אומדערוואַרטער איבערראַשונג געבליבן אַ דערשראָקענער. מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, מיט אַן אָפן מויל, מיט ציטערנדיקע הענט און מיט אַ פאַרהאַקט לשון האָט ער געקוקט אויף פּעטראָוון און נישט געקענט פעסטשטעלן, צי דאָס האָט טאַקע גערעדט דער רוסישער גוי, פּעטראָוו, אָדער אַ צווייטער, אַ דיבוק, האָט אַרויסגערעדט פון פּעטראָווס מויל. נאָך אַ פּאָר מינוט, ווען הרב שטיינבערג איז געקומען צו זיך, האָט ער אַ געשריי אַרויס געגעבן:

— הער פּראָפעסאָר, ווער זענט איר?!

פּעטראָוו האָט זיך געווענדעט צו ברכהן:

— ברכה טייערע, זיי אַזוי גוט, גיי אַרויס מיט הרב שטיינבערג אין צווייטן צימער און דערצייל אים אַלצדינג וואָס דו ווייסט וועגן מיר. מיך וועט איר דערווייל לאָזן אַליין, וועל איך זיך צוריק אָוועקליינען.

⁂

אין דער צייט וואָס פּראָפעסאָר פּעטראָוו איז געלעגן קראַנק ביי די קיזעלשטיינס אין הויז, איז וואָס אַ טאָג ווייטער אַלץ מער פאַמיליאַר און אינטימער זענען געוואָרן די באַציונגען צווישן די פּעטראָווס מיט די קיזעלשטיינס. און עס איז שוין אַרויס פון די ענגע גרענעצן דער סוד, אַז די פּעטראָווס מיט די קיזעלשטיינס ווערן מחותנים.

מיט פערלאָס צוריקקומען קיין מעקסיקע איז די מאָס פון פרייד און גליק פולשטענדיק דערגרייכט געוואָרן ביי די ביידע פאַמיליעס.

נאָר באַזונדער איז צו פּראָפעסאָר פּעטראָווס גליק נאָר קיין גרענעץ נישט געווען. ער פלעגט אָפט אַרומכאַפּן פערלאַן, שטאַרק זי צודריקן צו זיך און זי אויסקושן.

# פאַרלוירענע וועגן

איינמאָל האָט בערטאַ געזאָגט צו איר מאַן אין שפּאַס:

— דו ווייסט, לעאָן, מיר דאַכט, אַז דער פאָטער איז פאַרליבט אין פּערלאַן מער ווי דער זון.

אויף דעם האָט לעאָן געענטפערט:

— אויב דו מיינסט, בערטאַ טייערע, אַז דאָס קושט אַזוי פּעטראָוו זיין צוקונפטיקער שנור, מאַכסטו אַ טעות. ער קושט גאָר אין דער אמתן זיין אַמאָליקער געליבטער ברכהן, אין וועמען ער איז נאָך אַלץ פאַרליבט.

בערטאַן האָט אינערלעך שטאַרק הנאה געטאָן איר מאַנס באַמערקונג, אָבער זי האָט כלומרשט געמאַכט אַ מינע פון ברוגז. זי האָט אַרומגעכאַפּט איר מאַן, האָט אים אָפּגעפּרעסט אַ קוש און געזאָגט מיט פאָרוואורף:

— גיי שוין גיי, לעאָן טייערער, זאָלסט מיר מוחל זיין, דו רעדסט נאַרישקייטן. אָבער ווי איך זע ביסטו אייפערזיכטיק אויף פּעטראָוון, אויף חיים לייבן מיין איך, און דאָס איז גראַד אַ גוטער סימן...

— וואָס איז בערטאַ, דו דאַרפסט נאָך אַלץ זוכן סימנים? שוין צייט מיין איך, אַז דו זאָלסט עס וויסן און פילן אָן סימנים אויך. ווי לאַנג איז עס, בערטאַ טייערע אַז מיר זענען חתן־כלה געוואָרן, ביי די גראַנאַטס אין הויז. דאַכט זיך נעכטן זאָל דאָס האָבן געווען. און אָט זענען מיר שוין זיידע־באָבע, און אָט גייט שוין אונדזער מוזינקע אַ כלה ווערן. אַך ווי די יאָרן לויפן!

— יאָ, מיין טייערער, אַזוי איז דאָס לעבן!

— עס איז נאָר צום באַדויערן, וואָס דער אַלטער בערנאַרד גראַנאַט לעבט שוין נישט. וויפל נחת וואָלט ער עס היינט געווען איינגענומען פון אונדז! ער איז דאָך צו אונדז געווען בעסער ווי אַן אייגענער טאַטע.

— יאָ, ער איז אַ טייערער, ברילִיאַנטענער מענטש געווען, זאָל אים די ערד גרינג זיין.

— דו געדענקסט, ווי ער האָט זיך עס געפרייט אויף מאַקס' התונה, פּונקט ווי מאַקס וואָלט געווען זיין אייגנס אַ קינד.

— און ווי געפעלט דיר, לעאָן, פּעטראָווס פּלאַן?

— וואָס פאַרא פּלאַן?

# מ א י ר   ק אָ ר אָ נ אַ

— איך האָב דען דיר נישט דערציילט? אַך סאַראַ קאָפּ איך האָב! איך בין געווען זיכער, אַז כ'האָב דיר שוין דערציילט. עס איז געווען אַזוי: דאָ אַנומלט זענען מיר אַלע געזעסן אַרום זיין בעט, נאַסטאַסיאַ, איך, דער רב שטיינבערג, פּערלאַ און דזשאָרזש. האָט פּעטראָוו אונדז געזאָגט, אַז ער האָט פעסט באַשלאָסן באַלד ווי ער וועט אם ירצה השם געזונט ווערן און ער וועט קומען אהיים, וועט ער ליקווידירן דאָרט אַלץ מיט אַנאַנדער, וואָס ער האָט זיך דערוואָרבן אין די פּאַר. שטאַטן: אַ הויז, עטלעכע בוי־פּלעצער, די פּראָפעסאָרן־שטעלע, זיין קאָנסולטאַריע, זיין רייכע מעדיצינישע פּראַקטיק און אַפילו דעם פרעמד־געבאָרגטן נאָמען אויך. אַזוי ווי ער האָט זיך איצט דערוווּסט אַז זיין אַלטע מאַמע לעבט נאָך און זי וווינט אין ירושלים, וועט ער אויך, וואָס מעגלעך גיכער, זיך באַזעצן אין ירושלים. דאָרטן וועט ער, אוטער זיין אייגענעם נאָמען, דאָקטאָר חיים לייב גאָרדאָן, אָנגיין מיט זיין מעדיצינישער פּראַקטיק און אפשר וועט אים געלינגען צו באַקומען אויך דאָרטן אַ פּראָפעסאָרן־אַמט אין העברעישן אוניווערסיטעט פון ירושלים. ער פּעטראָוו זאָגט אַז ער אָנערקענט נישט קיין האַלבע יידן, וואָס רופן זיך כלומרשט „נאַציאָנאַלע יידן". פּונקט ווי מ'קען נישט לעבן מיט אַ האַלבער לונג, מיט אַ האַלבן לעבער, צי מיט אַ האַלב הארץ. אַזוי קען קיין קיום נישט האָבן די עקזיסטענץ פון אָט די האַלבע יידן. אַ ייד, זאָגט ער, איז נאָר אַזעלכער וואָס איז, ווי זיין טאַטע און זיינע זיידעס זענען געווען, מיט יראת שמים, מיט תורה ומצוות, מיט דינים ואיסורים, מיט שמירת שבת ויום טוב, מיט כשרות און מיט אַלץ וואָס מ'טאָר נישט טאָן און וואָס מען מוז טאָן. און אַזאַ ייד זאָגט ער, וועט ער צוריק ווערן אין ירושלים, נעבן זיין מאַמען, די רביצן, און נעבן זיין שטיף־פאָטער, דעם רב.

— ווי אַזוי האָט זיך עס מיטאַמאָל פּעטראָוו דערוווּסט, אַז זיין מוטער לעבט נאָך און אַז זי וווינט אין ירושלים?

— עס איז אַזוי געווען: פאָרדנדיק אויף דער באַן קיין מעקסיקע האָט פּעטראָוו זיך באַקענט מיטן רב שטיינבערג, וועמענס זון איז פּעטראָווס אַ סטודענט אין פילאַדעלפיער אוניווערסיטעט. ווען זיי האָבן זיך פאַנאַנדערגערעדט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז הרב שטיינבערגס אַ חבר, וואָס איז אויך אַ רב אין ניו יאָרק, איז דעם

# פאַרלוירענע וועגן

יאַנאָווער רבס אַן איידעם, דאָס הייסט פּעטראָוו זיידנס אַן איידעם. אַזוי איז פּעטראָוו אויך דערגאַנגען פון הרב שטיינבערג, וועלכער האָט גוט געקענט דעם יאַנאָווער רב מיט זיין פאַמיליע, אַז פּעטראָווס מאַמע, רבקה, דעם יאַנאָווער רבס טאָכטער, וואָס איז געווען אַן אַלמנה נאָך פּעטראָווס טאַטן, האָט נאָכאַמאָל חתונה געהאַט מיט אַ רב און זי וווינט אין ירושלים. איר מאַן איז דאָרטן אַ באַרימטער רב, מיט זייער אַ גרויסן נאָמען.

— יאָ, וואָס נאָך פּעטראָוו האָט געזאָגט — האָט בערטאַ ווייטער דערציילט — ער וויל, אַז פּערלאַ מיט דזשאָרזשן זאָלן זיך אויך באַזעצן אין ארץ ישראל, אין ירושלים צי אין אַן אַנדערער שטאָט. דזשאָרזש, ווי אַ גוטער אינזשעניר־מעכאַניקער, זאָגט פּעטראָוו, וועט אין ארץ ישראל לייכט זיך קענען איינאָרדענען. און דאָרטן וועט ער מער נישט הייסן דזשאָרזש נאָר מיט זיין אמתן יידישן נאָמען, גרשון, ווי זיין זיידע האָט געהייסן, נאָך וועמען ער הייסט. און נאָך האָט פּעטראָוו געזאָגט, אַז ער וועט רעדן מיט דיר, אויב דו וועסט מסכים זיין, אַז מ׳זאָל די חתונה מאַכן אין ירושלים, כדי זיין אַלטע מאַמע זאָל קענען זיין דערביי.

בערטאַ האָט געענדיקט דערציילן און זי האָט געוואַרט צו הערן וואָס לעאָן וועט זאָגן וועגן דעם, אָבער ווען לעאָן האָט געשוויגן האָט זי אים געפרעגט:

— נו, וואָס זאָגסטו, לעאָן, צו דעם?

— דער פּלאַן געפעלט מיר זייער שטאַרק. איך בין נאָר נישט מסכים מיט פּעטראָוון צו זיין רעאַקציאָנערער איינשטעלונג און צו זיין נעגאַטיווער מיינונג וועגן נאַציאָנאַלע, נישט־רעליגיעזע יידן. מיר האָט אַמאָל געזאָגט איינער, אַ ייד אַ למדן, אַז עס שטייט ערגעץ אין די יידישע ספרים, אַז אַ בעל תשובה איז אַ סך מער עקסטרעמער, קאָנסערוואַטיווער און רעאַקציאָנערער איידער אַן עכטער צדיק. אָבער דאָס איז מיר נישט וויכטיק. זאָל זיך יעדער איינער פירן ווי ער פאַרשטייט. אָבער דער פּלאַן זיינער, זעסטו, געפעלט מיר זייער. דזשאָרזש איז אַ וווּנדערבאַרער אינזשעניר. ער איז מיטגעווען עטלעכע מאָל מיט מיר ביי אונדז אין פאַבריק. באַלד ווי ער איז נאָר אַריין, האָט ער, מיט איין קוק, אַרומגענומען יעדער מאַשין. ער האָט באַלד אָנגעוויזן וואָס איז יעדער מאַשין פעלט און ער האָט גאַנץ גענוי

# מאיר קאַראַנאַ

געצייגט וואָס עס איז פאַראַן צו טאָן, כדי צו מאַכן די גאַנצע ארבעט מער פּראָדוקטיווער און אינטענסיווער. מיר האָבן אים געפאָלגט און מיר האָבן אים אַ סך צו פאַרדאַנקען. אַן אַמעריקאַנער געענדיקטער אינזשעניר איז ווירקלעך אַן ערשטקלאַסיקער פאַכמאַן. אַזעלכע אינזשענירן דאַרף מען אין ישראל. אַזעלכער וועט זיין דאָרטן, אַ אַ ברכה פאַרן לאַנד און אַ ניצלעך פאַר זיך אַליין. אים וועט אין ישראל זיין זייער גוט.

— ווידער וועגן מאַכן די חתונה אין ירושלים — האָט לעאָן וויטער געזאָגט — געפעלט דאָס מיר אויך זייער גוט. דאָרטן וועלן מיר האָבן אַן אמתע, עכט־יידישע חתונה, אויפן אַלטן יידישן שטייגער. דערווייל וועלן מיר אויך האָבן אַ געלעגנהייט צו באַזוכן אונדזער באַנייטער יידישער מדינה און מיטפרייען זיך מיט אירע אויפטועונגען און דערגרייכונגען. איך וועל זיך אויך דערווייל ארומזען דאָרטן, אפשר וועט זיך לוינען אַריבערצופירן אַהין אונדזער צעלאָלאָיד־פאַבריק. איך טראַכט שוין לאַנג וועגן דעם. עס קען נאָך אַמאָל זיין, אַז מיר אַלע זאָל נאָך ווינען צוזאַמען אין ישראל. בקיצור — פּעטראָווס פּלאַן געפעלט מיר גאַנץ שטאַרק. איך וועל נאָך וועגן דעם מיט אים זיך אַדורכשמועסן.

## סאַלאָמאָן גרינשפּאַן און נאַסטאַסיאַ פּעטראָוו

לכבוד חתן־כלה, דזשאָרזש און פּערלאַ, און לכבוד פּראָפעסאָר פּעטראָווס געזונט ווערן, האָבן, דאָקטאָר מאַקס קיזעלשטיין און פרוי, איינגעאָרדנט ביי זיך, אין אַ זונטיק, אַ פּאַראַדנע מיטאָג־פייערונג, פאַר די אייגענע פאַמיליעס און פאַרבעטענע נאָענטע פריינד.

די אָנטיילנעמער זענען געווען: פּראָפעסאָר דאַניעל פּעטראָוו און זיי פרוי, נאַסטאַסיאַ; דער פרוים עלטערן, סאַלאָמאָן און אַליסיאַ גרינשפּאַן; מאַקס עלטערן, לעאָן און בערטאַ קיזעלשטיין; די כלה מיטן חתן; לעאָנס שותּף, דאָקטאָר סאַלוואַדאָר בעלטראַן און זיין פרוי, סאָפיאַ; די פאַמיליע גראַנאַט, וואָס איז באַשטאַנען פון זיבן פּערזאָן: דאָקטאָר מאָריץ גראַנאַט, די אלמנה גערטרוד גראַנאַט מיט אירע צוויי זין און שנירן, און די פּלימעניצע עלסאַ גראַנאַט. פון דער פאַמיליע גראַנאַט האָט שוין געפעלט דער אַלטער בערנאַרד, ער איז שוין געווען אויפן עולם האמת.

דער זונטיק־טאָג איז געווען אַ לויטערער, אַ קלאָרער און אַ וואַרעמער. דער הימל — אַ העלבלויער, אַ ריינער, אָן קיין פלעק־פינטעלע אויף זיך — האָט זיך געשפּרייט, אַ יומטובדיק־ליכטיקער, איבער דעם גרויסן גאָרטן־הויף, וואָס איז געווען הינטערן הויז פון דאָקטאָר קיזעלשטיין.

דאָרטן, צווישן דיביימער, אונטערן פרייען הימל, איז געטישט געוואָרן דער מיטאָג פאַר די פאַרבעטענע געסט.

די שטימונג צווישן די געסט איז געווען אַ מונטערע, אַן אויפגעהייטערטע און אַ שטיפערישע. וועגן דעם האָבן שוין געזאָרגט, מאַקס׳ מוטער, בערטאַ, און מאַקס׳ פרוי, די זיסע חנעוודיקע שטיפערין,

## מ א י ר  ק אָ ר אָ נ אָ

די רויטהאָריקע סאָריטאַ. אָט דיביידע פרויען, שוויגער און שנור, האָבן פאַרמאָגט אַ באַזונדערע אייגנשאַפט, צו שאַפן אַרום זיך אַ לעבעדיקע, אינטימע און וואַרעמע אַטמאָספערע.

דער טומל, דער געפילדער, די וויצן, דער געלעכטער, די שמועסן און סתם געדעררייען צווישן עולם, האָבן זיך געקרייצט און אַ קאַקאָפאָניע פון פינף שפּראַכן: שפּאַניש, ענגליש, דייטש, רוסיש און יידיש. און די פייגל אויף די ביימער האָבן אַראָפּגעצווישטשעט אויף אַ זעקסטער שפּראַך — מסתם העברעיש.

סאָריטאַס פעטער, סאַלאָמאָן גרינשפּאַן, אַ נידעריקער, אַ דיקער, אַ ברייטפּלייציקער, אַ באַברילטער, מיט אַ גרויסן פּליך, וואָס האָט דערגרייכט ביז דריי פערטל פון קאָפּ, און מיט אַ רויטן פעטן קאַרק, האָט זיך געריסן צו רעדן נאָר אין רוסיש. און גערעדט האָט ער פּאַטעטיש־אַרטיסטיש, מיט אינטאָנאַציעס און מימיקס, פּונקט ווי ער זאָל שטיין און דרשנען פאַר אַ גרויסן עולם צוהערערס. דערביי האָט ער זשעסטיקולירט מיט די הענט, מיטן קאָפּ און מיטן גאַנצן קערפּער.

נאַסטאַסיאַ פּעטראָווו האָט די גאַנצע צייט נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון גרינשפּאַנען. זי האָט נאָכגעפאָלגט זיין יעדן קער און ווענד, זיין יעדעס וואָרט, זיין ברייטן, צעבראַשטשעטן, הילכדיקן געלעכטער, זיינע מינעס און זיינע פּאַיאַצישע אַרטיסטישע באַוועגונגען. מיטאַמאָל האָט זי זיך אָפּגערופן צו אים:

— זאָגט מיר, הער גרינשפּאַן, צי זענט איר נישט אַמאָל אַ ווילנער?

— יאָ, אמת, טאַק טאָטשנאָ, איך בין אַ ווילנער. אָבער פון וואַנען ווייסט איר דאָס?

נאַסטאַסיאַ האָט זיך צעלאַכט.

— איך וועל אייך אפילו זאָגן ווער איר זענט פון ווילנע. איר זענט שלמהקע, נאָטע פּאַרבערס זון, פון די סאָפּיאַנקעס.

— זאָלן מיר אַלע אַזוי לעבן. ריכטיק ווי גאָלד. יעי באָגו. אָבער פון וואַנען ווייסט איר דאָס אַלץ? צי דען זענט איר אויך אַ ווילנערין?

— געוויס בין איך אַ ווילנערין. ווען נישט, פון וואַנען זשע דען וואָלט איך געוווסט ווער איר זענט.

# פארלוירענע וועגן

— איז ווער זשע זענט איר פון ווילנע?

— צי איז דען בלויז מיין נאָמען, נאַסטאַסיאַ, פאַר אייך נישט גענוג?

— נאַסטאַסיאַ, נאַסטאַסיאַ, נאַסטאַסיאַ? ניין, איך קען זיך נישט דערמאָנען.

— אוודאי, אַז מ'ווערט עלטער ווערט פאַרנעפּלט דער זיכרון. אַמאָל האָט מען אייך גערימט פאַר אייערע וווּנדערבאַרע פעיקייטן און גוטן זיכרון. ווילט איר דאָך שוין וויסן ווער איך בין. זאָל איך אייך זאָגן, צי נישט זאָגן?

— איך בעט אייך, ראַדי באָגאַ, איך בעט אייך. איך זע דאָך, אַז איר האָט אַמאָל מיך זייער גוט געקענט און מסתמא איך אייך אויך. נו, נעמט מיר שוין נישט אַרויס די נשמה. זאָגט מיר ווער איר זענט.

— אייגנטלעך, אַלס שטראָף, האָב איך אייך נישט באַדאַרפט זאָגן, ביז וואַנען איר וועט זיך אַליין דערמאָנען. אָבער איך בין אַ מענטש וואָס האָב פיינט צו שפּילן אין „זינד און שטראָף". נו, וועל איך אייך זאָגן: איך בין נאַסטאַסיאַ האַלפּערין, פון אַפּטייק אויף זאַוואַלנע גאַס.

— אוי! איך בין ווערט פעטש! — האָט גרינשפּאַן אַזאַ היסטערישן קוויטש געגעבן, אַז אַלע אַרום האָבן זיך דערשראָקן — נאַסטאַסיאַ, מיין ליבע לערערין!

גרינשפּאַן האָט זי אַרומגעכאַפּט און געגעבן אַ קוש.

דאָ האָט גרינשפּאַן, מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט, זיך געווענדעט צו די געסט מיט אַ פּאַטעטישער רעדע אין שפּאַניש:

— מיינע פריינד, דאַמען און הערן, צי קענט איר דען גאָר האָבן אַן אַנונג וואָס פאַר אַ גרויסע, חשובע און וויכטיקע פּערזענלעכקייט מיר האָבן היינט דעם אומשאַצבאַרן כבוד דאָ צו האָבן צווישן אונדז, אין דער ליכטיקער געשטאַלט פון דער פרוי נאַסטאַסיאַ פּעטראָוו האַלפּערין! נישט נאָר באַשטייט איר גרויסקייט און איר דערהויבנקייט ווייל זי איז די פרוי פון דעם וועלט־באַרימטן פּראָפעסאָר פּעטראָוו. אמת טאַקע דאָס איז אויך אַ גרויסער זכות. ווי האָבן די אַלטע גריכן געזאָגט, אַז אַ פרוי איז אַ זעראָ, ווען מ'שטעלט זי צו צו אַן איינס איז זי אַ צען און ווען מ'שטעלט זי צו צו אַ ניין איז זי אַ נייציק. און ווי

## מאיר קאָראָנאַ

האָבן די אַלטע העברעער געזאָגט, אַז די באַשיינונג פון אַ פרוי איז דער מאַן. אָבער די פרוי נאַסטאַסיאַ פּעטראָווו האַלפּערין איז אַליין פאַר זיך גאָר גאָר אַ דערהויבענע פּערזענלעכקייט. איר אייגענער יחוס־עצמה איז פון קאָלאָסאַלער חשיבות. איר אייגענע נאָבעלע פּערזאָן איז ווערט דעם גרעסטן רעספּעקט. איר פאָטער, ר׳ דוד האַלפּערין, האָט זיך גערעכנט פון די שענסטע פּערזענלעכקייטן אין אונדזער שטאָט, ווילנע. ער איז געווען אַ גרויסער למדן און אַ הויך־געלערנטער מאַן אין וועלטלעכע וויסנשאַפטן און ער איז געווען אַ באַרימטער שפּראַכן־קענער. ער פלעגט זאָגן אַ טעגלעכן שיעור אין תלמוד פאַר יידן לומדים. גלייכצייטיק פלעגט ער שרייבן וויסנ־שאַפטלעכע אַרטיקלען אין רוסישע, דייטשישע און העברעישע זשורנאַלן. ער האָט געהאַט אַן אַפּטייק, זענען מער ווי אַ העלפט פון זיינע קונדן געווען אָרעמע מענטשן, ביי וועמען ער האָט קיין געלט נישט געוואָלט נעמען פאַר די מעדיצינען. זיין טאָכטער, נאַסטאַסיאַ, אַ שיין יונג מיידל, אַ גימנאַזיסטין, צוזאַמען מיט נאָך חברטעס אירע, האָבן דאַמאָלסט גענומען אויף זיך אַ הייליקע און נאָבעלע אויפגאַבע, צו געבן אומזיסטע לעקציעס צו אָרעמע ישיבה־בחורים, וועלכע האָבן געדורשט נאָך ליכט פון בילדונג און וועלטלעכן וויסן. אַ סך פון די שפּעטערע באַרימטע דאָקטוירים, פאַרמאַצעווטן, אינזשענירן, אַדוואָקאַטן, לערערס און אַנדערע אינטעלעגענטע פּראָפעסיאָנאַלן, האָבן געהאַט צו פאַרדאַנקען זייערע קאַריערעס אָט דער דאָזיקער נאַסטאַסיאַן מיט אירע חברטעס, וועלכע האָבן מיט פרייוויליקער גרויסמוטיקייט צוגעגרייט מאַסן ישיבה־בחורים צו עקזאַמענעס אין די רוסישע גימנאַזיעס און אוניווערסיטעטן. איך אַליין האָב צו פאַרדאַנקען, פאַר מיין בילדונג און שפּראַכן־קענטשאַפט, נאָר אָט דער טייערער און נאָבעלער לערערין מיינער, פאַר יאָרן לאַנג, נאַסטאַסיאַ האַלפּערין. און נאָך דאַרפט איר וויסן מיינע ליבע פריינד, אַז:

— ווער ווייסט ווי לאַנג סאַלאָמאָן גרינשפּאַן וואָלט אַזוי געצויגן און געצויגן זיין פאַטעטישע רעדע, ווי זיין שטייגער איז געווען, ווען נישט...

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט, דורך דער אָפענער טיר פון סאַלאָן, די שיינע אַלט־שטים פון פערלאַן, ביי דער פּיאַנאָ־באַגלייטונג פון איר חתן. ביידע האָבן געזונגען און געשפּילט דעם פּסחדיקן „חד גדיא״.

# פאַרלוירענע וועגן

דער ערשטער איז אריין שנעל אין סאַלאָן פּראָפעסאָר פעטראָוו, נאָך אים — די אַנדערע געסט און געבליבן אין גאָרטן זענען נאָר צוויי פערזאָן, נאַסטאַסיאַ פעטראָוו און סאַלאָמאָן גרינשפּאַן.

דאָס דאָזיקע פּלוצלינגדיקע נעמען זינגען און שפּילן דעם פּסחדיקן „חד גדיא" איז אונטערגעפירט געוואָרן פון פערלאַס מוטער, בערטאַ קיזעלשטיין. בערטאַ האָט דערביי געהאַט דריי כוונות: ערשטנס, האָט זי נישט געקענט פאַרטראָגן איר מחותן גרינשפּאַנס פּאַטעטישע, אַנגעצויגענע און צעבלאָזענע דרשות, מיט זיינע אַרטיסטישע זשעסטיקולאַציעס, מיט וועלכע ער האָט געקענט פאַרנודען שעה'ען לאַנג. האָט בערטאַ, דעריבער, געוואָלט אים איבער־רייסן אינמיטן דרשענען. צווייטנס, האָט בערטאַן פּשוט ווי געטאָן דאָס האַרץ צו הערן ווי מ'לויבט אַזוי שטאַרק, אין איר קעגנוואַרט, אַ צווייטער פרוי און נישט איר. דריטנס, האָט בערטאַ געוואָלט דערגרייכן, דורך דעם זינגען און שפּילן חיים לייב יאַנאָווערס „חד גדיא", אַז אין פעטראָוון זאָלן זיך אויפוועקן אַלטע טרוימען און אין זיין האַרצן זאָלן אָנגעצויגן ווערן די אַמאָליקע צאַרטע סטרונעס, נאָך וועלכע זי האָט אַזוי שטאַרק געבענקט.

ווען בערטאַ האָט געזען ווי פעטראָוו נעמט אַ טיכעלע צו די אויגן... און ער האָט זי צוגערופן, אַז זי זאָל זיך זעצן נעבן אים, דאַמאָלסט איז איר באַפרידיקונג פולשטענדיק פאַרפולט געוואָרן, ווייל זי האָט אַלע אירע דריי צילן דערגרייכט.

באַלד ווי סאַלאָמאָן גרינשפּאַן איז געבליבן אַליין מיט נאַסטאַסיאַן אין גאָרטן, איז ער צוגעשטאַנען מיט אַ פראַגע:

— זאָגט מיר, נאַסטאַסיאַ, איך בעט אייך, ווי אַזוי האָט איר מיך דערקענט, נאָך אַזוי פיל יאָרן ווי איר האָט מיך נישט געזען? דאַכט מיר, אַז איך האָב זיך זייער אַ סך געענדערט פון דאַמאָלסט אָן, אַז איך אַליין וואָלט זיך נישט דערקענט.

— פאַרשטענדלעך, ווייל זיך אַליין איז שווערער צו דערקענען איידער צו דערקענען אַ צווייטן. ווען מענטשן וואָלטן פעיק געווען זיך אַליין צו דערקענען וואָלטן זיי גאָר אַנדערש אויסגעזען. באַלד ווי מ'האָט אייך דאָ פאָרגעשטעלט פאַר מיר און איך האָב אייך אַזוי גוט באַטראַכט, האָט אין מיין זיכרון אויפגעוואַכט אַ געשטאַלט פון

# מ א י ר   ק אָ ר אַ נ אַ

איינעם אַ גרינשפּאַן, אַ נידעריקער, אַ דיקלעכער, אַ באַברילטער, אַ בלאָנדער, מיט אַ קיילעכדיק, מיידליש פּנים און מיט לעבהאַפטע, חוצפּהדיקע, בלויע אויגן. איך האָב גענומען אויפמישן בלעטער פון מיין זיכרון און איך האָב געפונען... עס איז פאַר מיר שוין כמעט קיין צווייפל נישט געווען, אַז דאָס זענט איר שלמהקע גרינשפּאַן, נאָמע פאַרבערס זון פון די סאָפּיאַנקעס, מיין געוועזענער שילער. אָבער פולשטענדיק זיכער בין איך פאָרט נאָכנישט געווען. ערשט ווען איך האָב אייך געהערט רעדן דעם ספּעציפישן ווילנער רוסיש און כ'האָב געזען ווי איר רעדט מיט די הענט מער ווי מיטן מויל, פונקט ווי אַמאָל, קעגן וועלכן איך פלעג קעמפן אָפּצוגעוויינען אייך פון די דאָזיקע ישיבה־בחורישע מאַנירן, בין איך שוין אינגאַנצן זיכער געווען, אַז איך האָב פאַר זיך דעם זעלביקן שלמהקע גרינשפּאַן, נאָר מיט אַ פערציק יאָר עלטער, אָדער אפשר האָב איך אַ טעות אין עטלעכע יאָר.

גרינשפּאַן האָט אָנגעכאַפּט נאַסטאַסיאַס ביידע הענט, זי אַ צי געטאָן צו זיך און פּאַטעטיש אויסגעשריגן:

— אַך וואָס פאַרא גלענצנדיקן זיכרון איר האָט, מיין ליבע לערערין, נאַסטאַסיאַ!

נאַסטאַסיאַ האָט אַרויסגעשלעפּט אירע הענט פון גרינשפּאַנען, האָט זיך אָפּגערוקט אַביסל פון אים און מיט אַ דראָענדיקן פינגער האָט זי זיך געווענדעט צו אים:

— אויב איך האָב יאָ אַזאַ גוטן זיכרון, ווי איר זאָגט, ווייל איך אייך דערמאָנען, אַז איר האָט אַמאָל געכאַפּט פון מיר אַ פּאַטש פאַר אייערע חוצפּהדיקע הענט... עס וואָלט כדאי געווען, אַז איר זאָלט עס זיך דערמאָנען. נו, שוין. זאָגט מיר נאָר בעסער וואָס האָט איר עס אַזוי פיל גערעדט וועגן מיר אין שפּאַניש, וואָס איך האָב נישט פאַרשטאַנען קיין איין וואָרט?

גרינשפּאַן איז געוואָרן אַביסל צעטומלט פון נאַסטאַסיאַס אָנצוהערעניש און דערמאָנונג פון יענעם פּאַטש. און ער האָט זיך געטראַכט: „אָט פון וואָס אַלטע ווייבער דערמאָנען זיך און זיי מיינען נאָך אַלץ, אַז מ'וויל זיי באַרויבן זייער אומשולד".

— וואָס האָט איר זיך אַזוי פאַרטראַכט, גרינשפּאַן, — האָט

## פאַרלוירענע ווענן

נאַסטאַסיאַ געפרעגט איראָניש — עס האָט זיך אייך פאַרבענקט נאָך יענע יונגע ווילנער יאָרן?

— פאַרוואָס דען נישט — האָט גרינשפּאַן געשמייכלט — אינגאַנצן איז מען דאָך נישט מער ווי איין מאָל אין לעבן יונג.

נאַסטאַסיאַ האָט געזען, אַז דער שמועס קלעפּט זיך נישט מער. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז זי שולדיק אין דעם, ווייל זי האָט גרינשפּאַנען דערמאָנט אין אַן אַמאָליקן אינצידענט, וואָס ער וואָלט נישט געוואָלט געדענקען. האָט זי באַטראַכט, אַז מ'דאַרף אים זאָגן אַזעלכע ווערטער וואָס זאָלן אים מוטיקן, אויפהייבן זיין חשיבות, באַפרידיקן זיין גרויסקייט־מאַניע און אים אָנרעגן ווידער צו רעדן. האָט זי דעריבער אַ זאָג געטאָן צו אים:

— איר ווייסט, גרינשפּאַן, איך האָב באַמערקט אין אייך אַ וווּנדערבאַרן רעדנער־טאַלאַנט. כאָטש איך פאַרשטיי נישט קיין שפּאַניש, אָבער דער אופן פון אייער רעדן איז מיר געפעלן געוואָרן. דער פּאַטעטישער אויסדרוק אייערער, די אינטאָנאַציע און אייער אָראַטאָרישער סטיל בכלל, מאַכן אַן איינדרוק אויף די צוהערערס. אייערע אַ רעדע קען האַלטן געשפּאַנט אַ פּובליקום און איך גלייב, אַז איר דאַרפט האָבן וואָס צו זאָגן פאַר אַן אינטעליגענטן עולם.

אָט די דאָזיקע לאַשטשענדיקע ווערטער האָבן טאַקע געהאַט אַ ווירקונג. זיי האָבן געשאָסן און געטראָפן ריכטיק אין ציל.

גרינשפּאַנס אויגן האָבן אויפגעבליצט, זיין פּנים האָט אויפגעלויכטן, אַ ברייטער שמייכל האָט אָפּגעשטראַלט זיין צופרידנקייט און אַ צעפלאַמטער האָט ער זיך אָפּגערופן:

— אָך, נאַסטאַסיאַ טייערע, איר האָט באַדאַרפט מיר הערן רעדן אין מיין מאַסאָנען־לאַדזש. איך בין, דאַרפט איר וויסן, אַ מאַסאָן פון אַ הויכן גראַד. איז אַז איך רעד דאַרטן הערן זיך צו צו מיינע ווערטער, מיט שפּאַנונג, די גרעסטע געלענטע מענטשן פון מעקסיקע. איך קען רעדן שעהן, וועט קיינער פון די ברידער זיך נישט רירן פון אָרט. מען האַלט מיך פאַרן בעסטן אָראַטאָר ביי די מאַסאָנען. ווען איך רעד אַמאָל אויף אַ יידישער פאַרזאַמלונג, כאָטש ביי יידן זענען נישטאָ אַ סך מבינים אויף רעדנער־קונסט, פונדעסטוועגן וואָלט איר געמעגט הערן ווי אין זאַל דונערט פון אַפּלאָדיסמענטן נאָך מיינער אַ רעדע.

## מ א י ר  ק אָ ר אָ נ אָ

נאַסטאַסיאַ האָט געזען, אַז עס הייבט זיך שוין אָן צו גיסן אויף איר קאָפּ אַ מבול פון זעלבסטיקע לויב־געזאַגען, האָט זי, כדי אָפּצושטעלן גרינשפּאַנס ווערטער־שטראָם, אים איבערגעריסן אין מיטן:

— אָבער, גרינשפּאַן, ס'איז דאָך נישט שיין. אַלע געסט זענען דאָרטן אין סאַלאָן און מיר זיצן דאָ אָפּגעזונדערט. מ'וועט דאָך מיינען, ווער ווייסט וואָס פאַרא קאָנספּיראַציע מיר פירן דאָ.

— נאָך איין מינוט — האָט גרינשפּאַן זיך געבעטן — מיר וועלן דאָרטן גאָרנישט פאַרשפּעטיקן. זאָגט מיר נאָר, נאַסטאַסיאַ, ווו איז ערגעץ אייער ברודער ליאָווע?

ווי נאָר גרינשפּאַן האָט באַוויזן אַרויסצורעדן אָט די עטלעכע ווערטער איז נאַסטאַסיאַ געבליבן זיצן ווי פאַרגליווערט; איר פּנים האָט מיטאַמאָל געקריגן אַ געלן וואַקס־קאָליר; די אויגן זענען אָנגעגאָסן געוואָרן מיט שווידער; זי האָט געהאַלטן אָפן דאָס מויל, די ליפּן האָבן געציטערט און זי האָט קיין וואָרט נישט געקענט אַרויסברענגען.

— וואָס איז אייך, נאַסטאַסיאַ? — האָט גרינשפּאַן, אַ דערשראָקענער, אַ געשריי געגעבן — וואָס איז אייך געשען?!

זי האָט עטלעכע מאָל אָפּגעזיפצט און מיט אַ שטילער שווער־אָטעמדיקער שטים, ווי פון אַ קראַנקן, האָט זי לאַנגזאַם, קוים אַרויסגערעדט:

— איר ווייסט דען נישט וואָס מיט ליאָוון האָט פּאַסירט? איר זענט דען דאַמאָלסט נישט געווען אין ווילנע?

— ניין, נאַסטאַסיאַ טייערע. איר מאַכט אַ טעות, איך וווים גאָרנישט. ווען איך בין אַוועק, מיט אַ גרופּע חברים, קיין ארץ ישראל האָב איך זיך געזעגנט מיט אייך און מיט ליאָוון. ער איז געווען געזונט און פריש, מיט זיין שטענדיקן שטיפעריש[ן] הומאָר. איך געדענק אפילו וואָס ער האָט מיר דאַמאָלסט געזאָגט: „איר פאָרט קיין ארץ ישראל, האָט ער געזאָגט, ווייל איר ווילט אַנטלויפן פון לעבן, אָבער פון לעבן קען מען נישט אַנטלויפן, דאָס לעבן איז שטאַרקער און פלינקער פון אייך, אומעטום וועט דאָס לעבן אייך

נאָכיאָגן און דערגרייכן". איז זאָגט מיר שוין, נאַסטאַסיאַ טייערע, וואָס האָט מיט ליאָוועז פּאַסירט?

נאַסטאַסיאַ האָט עטלעכע מאָל אָפּגעצויגן דעם אָטעם, ווי איינער וואָס קומט אַרויס פון אַ פאַרשטיקטן קעלער אויף דער פרייער לופט און ער ציט אין זיך אַריין, מיט אימפּעט, די פרישקייט פון דרויסן. זי האָט ביסלעכווייז צוריק באַקומען דעם נאַטירלעכן קאָליר פון פּנים, איז לאַנגזאַם געקומען צו זיך, אָבער איר שטים איז נאָך אַלץ אַרויסגעקומען מיט אַ דערדריקט געמיט.

— איר ווייסט דאָך, אַז ליאָוועז האָט געהערט צו אַ געהיימער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע, האָט ער איינמאָל געזאָלט אוועקפירן געווער פון ווילנע אין אַ צווייטער שטאָט אַריין. ווי נאָר ער איז געקומען אויפן וואָקזאַל האָבן אים זשאַנדאַרן פאַרהאַלטן און אַרעסטירט. דאָרטן אין תפיסה האָט מען אים מערדערלעך געשלאָגן. מען האָט פון אים געפאָדערט, אַז ער זאָל אויסגעבן ווער עס זענען זיינע חברים פון דער אָרגאַניזאַציע, אַז ער זאָל אויסזאָגן פון וואַנען ער האָט באַקומען דאָס געווער און צו וועמען ער האָט דאָס געוואָלט אוועקפירן. מען האָט אים אַזוי לאַנג געשלאָגן ביז מ'האָט אים אָפּגעהאַקט די לונגען און ער איז געשטאָרבן.

נאַסטאַסיאַ איז ווידער געבליבן פאַרזונקען אין טרויער. אַזוי עטלעכע מינוט. מיטאַמאָל האָט זי זיך אָנגערופן:

— און ווייסט איר ווער עס האָט אים געמסרט? דאָס איז געווען אַבראַשאַס אַרבעט. דער אַבראַשאַ גאָץ, וואָס האָט געאַרבעט ביי אונדז אין אַפּטייק.

— אַבראַשאַ?! — האָט גרינשפּאַן אויסגעשריגן — וואָס האָט ער געהאַט צו ליאָוועזן?!

— צו ליאָוועזן האָט ער טאַקע גאָרנישט געהאַט, נאָר צו מיר. און דאָס האָט ער אַזוי גענומען נקמה פון מיר און פון מיין פאָטער. ליאָוועז איז אַזוי אַרום געפאַלן אַ קרבן פון אַבראַשאַס מערדערישע הענט. עס איז געווען אַזוי: אָט דער אַבראַשאַ האָט מיך אויף טריט און שריט פאַרפאָלגט מיט זיינע ליבע־דערקלערונגען. איך האָב אים אָבער שרעקלעך פיינט געהאַט. איך האָב אים פשוט געהאַסט. איך האָב נישט געקענט קוקן אין זיינע גזלנישע אויגן און אין זיין

באַנדיטישן פּרצוף. ער האָט מיך געעקלט. ביז איך האָב שוין נישט געקענט איבערטראָגן זיינע ליבע־פאַרפאַלגונגען, זיינע מיאוסע אָנצוהערענישן און זיינע דראָונגען. האָב איך דאָס אַלצדינג דערציילט מיין פאָטער. מיין פאָטער האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן און ער האָט אַבראַשאַן אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט. איינמאָל האָט מיך אַבראַשאַ באַגעגנט אין גאַס, האָט ער מיר געזאָגט: „פאַר מיין בלוט וועל איך זיך שמירן מיטן בלוט פון אייער גאַנצער פאַמיליע". און אַזוי האָט ער זיך אין אונדז נוקם געווען. פאַר זיין טויט האָט ליאָווע געזאָגט, אַז אַבראַשאַ איז געשטאַנען מיט די זשאַנדאַרן אין וואָקזאַל און דייטלעך אָנגעוויזן אויף אים. פון גרויס עגמת נפש און צער, צוליב ליאָוועס טויט, האָט מיין פאָטער גענומען קרענקען און נאָך עטלעכע חדשים ליגן אין בעט איז מיין פאָטער אויסגעגאַנגען. נאָך ליאָוועס טויט איז אַבראַשאַ פאַרשווונדן געוואָרן פון ווילנע. ליאָוועס חברים האָבן אים, אַבראַשאַן, אַרומגעזוכט אין גאַנץ רוסלאַנד און מ'האָט אים נישט געקענט פאַקן.

אַבאַראַשאַ גאָץ, אַבראַשאַ גאָץ — האָט גרינשפּאַן עטלעכע מאָל איבערגעחזרט — ער געפינט זיך אין מעקסיקע, אין שטאָט וועראַקרוז, אונטער אַ צווייטן נאָמען.

— וואָס! — האָט נאַסטאַסיאַ אויסגעשריגן — וואָס, אָט דער אויסוווּרף, אָט דער מערדער, געפינט זיך אין מעקסיקע?! מיט מיינע אייגענע הענט וואָלט איך געוואָלט נעמען נקמה אין אים!

— נאַסטאַסיאַ טייערע, די נקמה פאַר אייך איז שוין אויף אים געקומען אָן אייך. ער איז אָרעם, צעבראָכן און געפערלעך קראַנק. ער מאַטערט זיך מיט אַ שווערער אומהיילבאַרער קראַנקהייט. נישט ער קען לעבן און נישט ער קען שטאַרבן. ער בעט אויף זיך דעם טויט, ער זאָל קומען און אים אויסלייזן פון זיינע גרויליקע יסורים, אָבער דער טויט איילט זיך נישט צו קומען. זאָל דאָס זיין פאַר אייך, נאַסטאַסיאַ, כאָטש אַ שטיקל טרייסט. איר זאָלט וויסן זיין, אַז פאַר אַלצדינג ווערט אָפּגעצאָלט. קיין פאַרברעכן בלייבט נישט אומבאַשטראָפט.

נאַכטאַסיאַ האָט זיך געכאַפּט, אַז דאָ רוקט זיך שוין ווידער אויף איר אָן אַ נייער מבול פון גרינשפּאַנס „אַראַטאָרישער קונסט". האָט

## פאַרלוירענע וועגן

זי באַצייטנס זיך באַוואָרנט. מיט אַ תחנונימדיקן טאָן האָט זי זיך געווענדעט צו גרינשפּאַנען:

— גרינשפּאַן, איך בעט אייך, גייט איצט אַריין צו זיי אין סאַלאָן; אַלע געסט זענען דאָרטן פאַרזאַמלט. לאָזט מיך דאָ אַליין אויף עטלעכע מינוט. איך וועל זיך נאָר אַביסל באַרויקן וועל איך באַלד אַהין נאָכקומען.

## דיסקוסיע וועגן מדינת ישראל ביי די קיזעלשטיינס אין הויז

עס איז געווען א נאָכמיטאָג פון סוף אויגוסט. א מבולדיקער רעגן האָט געגאָסן און געווינטיקט. ווי ברודיקע, נאַסע, צעקראָכענע שמאַטעס האָבן פון אויבן אראָפּגעהאָנגען שווארצע וואָלקנס און האָבן געשפּריצט איבער אַלעמענס געמיטער א מעלאַנכאָלישע אָפּגעלאָזנקייט. דער גאַנצער דרויסן — א צעכליאַפּעטער, א צעוויקטער און צעבייטשטער — האָט געטריבן פון זיך מיט מכשפהדיקער, פּחד־אָנוואַרפנדיקער בייזקייט. מענטשן האָבן, הינטער פאַרהאַקטע טיר און פענצטער, זיך אויסבאַהאַלטן און זיך אויסגעהיט, אַז דער נאַסער טייוולישער געשפּענסט פון דרויסן זאָל איבער זיי חלילה קיין מינדעסטע שליטה נישט האָבן.

אין אָט יענעם נאָכמיטאָג האָט מען ביי לעאָן קיזעלשטיין אין הויז צוגעגרייט א געזעגענונגס אָוונט פאַר די פּעטראָוו־מחותנים, וואָס האָבן שוין צומאָרגנס באַדאַרפט אָפּפאָרן פון מעקסיקע.

באַלד תחילת אָוונט האָבן שוין די פאַרבעטענע געסט גענומען זיך צוזאַמענקומען. יעדער איינער, וואָס איז אַריין אין הויז, האָט מיט שוידער אָפּגעדריגעט פון זיך דעם נאַרוואָס איבערגעקומענעם שרעקלעכן דרויסן און, אין דער צעפּראַלטער עלעקטרישער באַלייכטונג פון הויז, פרייער אָפּגעאָטעמט.

די געסט זענען געווען געציילטע: דזשאָרזש, דער חתן, מיט די עלטערן; דאָקטאָר מאַקס קיזעלשטיין מיט דער פרוי; דאָקטאָר

## פאַרלוירענע וועגן

מאַריץ גראַנאַט; פרוי גערטרוד גראַנאַט; מאַקס שווער און שווינגער, סאַלאָמאָן און אַליסיאַ גרינשפּאַן; און הרב זלמן שטיינבערג פון ניו־יאָרק.

באַלד ביים צוזאַמענקומען — ווען עס איז באַקאַנט געוואָרן, אַז די מחותנים האָבן באַשטימט צו פּראַווען די חתונה פון זייערע קינדער אין ירושלים און הרב שטיינבערג האָט מיט וואַרעמע ווערטער באַגריסט אָט די באַשטימונג — האָט, פון זיך אַליין, גענומען זיך צעפּלאַקערן אַ הייסע דיסקוסיע, צווישן די פאַרזאַמלטע, וועגן ציוניזם און מדינת ישראל.

וויפל די באַלהאַבאַסטע, בערטאַ קיזעלשטיין, האָט זיך געבעטן, אַז מ׳זאָל אין דעם אָוונט אויסמיידן דיסקוסיעס, כדי נישט אַריינצוברענגען אַ דיסהאַרמאָניע צווישן די געסט, האָט עס איר נישט געהאָלפן. קיינער פון די פאַרזאַמלטע האָט זיך נישט געקענט באַהערשן, נישט אַרויסצוזאָגן זיין מיינונג, אין וועלכער ער איז זיכער געווען, מיט דער פולער איבערצייגונג, אַז זי איז די ריכטיקסטע.

אַזוי האָט די דיסקוסיע אָנגעהאַלטן אַ גאַנצן אָוונט: פאַרן עסן, אינמיטן עסן און נאָכן עסן, און אויך ביז אַ שטיק אין דער נאַכט אַריין.

דער ערשטער אָנצורעגן די דיסקוסיע איז געווען דער פעסלדיק־דיקער סאַלאָמאָן גרינשפּאַן, ער האָט קודם כל געקריגן אַ געלעגנהייט, ווו אַרויסצוברענגען זיין אַראַטאָרישן טאַלאַנט און אויך — ווו אויסצולאָדן פון זיך זיין שנאה און האַס־באַציונג צו דער רעגירונג פון מדינת ישראל.

ער, גרינשפּאַן, האָט זיך צעפּלאַמט מיטן מויל, מיט די הענט, מיט די אויגן און מיטן גאַנצן קערפּער:

— אַ יידישע מלוכה, אַוודאי ווילן מיר אַ יידישע מלוכה. מיר האָבן צוויי טויזנט יאָר געבענקט נאָך איר. איצט, אַז אונדזער דור האָט זוכה געווען צו דעם, אַז מיר האָבן שוין ענדלעך דערלעבט צו זען די ווידער־באַנייאונג פון אַן אייגענער זעלבסטשטענדיקער יידישער מדינה, אין לאַנד פון אונדזערע אבות, קומען די אַרבעטער און ווילן אַלץ פאַרכאַפּן. זיי ווילן גאָר דאָרט איינפירן סאָציאַליזם. אָבער ווער דאַרף סאָציאַליזם! מיר האָבן געבענקט נאָך אַ יידישער

מלוכה און נישט נאָך סאָציאַליזם! זיי ווילן סאָציאַליזם זאָלן זיי דאָס מאַכן ערגעץ אַנדערש ווו. עס פעלן דען לענדער אויף דער וועלט! די וועלט איז גרויס, אָבער אונדזער הייליק לאַנד זאָלן זיי לאָזן צורו. מיר האָט געגוג געלט געקאָסט ארץ ישראל. זינט איך בין צו מיין שכל געקומען קויף איך אַ שקל. איך גיב פאַר קרן קימת, פאַר קרן היסוד. און נאָך אַנדערע צענדליקער טויזנטער יידן ווי איך, האָבן זיך געלאָזט קאָסטן פאַר ארץ ישראל. אויף וואָס האָבן מיר געגעבן געלט, פאַר ארץ ישראל צי פאַר סאָציאַליזם?! זיי האָבן דאָך אין רוסלאַנד סאָציאַליזם, זאָלן זיי פאָרן אַהין. וואָס האָבן זיי זיך אָנגעטשעפּעט אין אונדזער אויסגעבענקטן לאַנד! אין לאַנד פון אונדזערע אבות ווילן מיר נישט האָבן אָט די סאָציאַליסטישע מכה. הערט אייך נאָך איין די חוצפה: אַז עס קומט אונדזערס אַ ייד, וואָס איז אַלע יאָרן געווען אַ ציוניסט און זיך געלאָזט קאָסטן פאַר ארץ ישראל, ער וויל דאָרטן מאַכן געשעפטן אָדער אויפשטעלן אַ פאַבריק, קומט די סאָציאַליסטישע הסתדרות און די סאָציאַליסטישע רעגירונג, וואָס האָט פאַרכאַפּט די מאַכט, און זיי לאָזן נישט. אונטער אַלערליי געדריידלעך בינדן זיי אַזוי די הענט, אַז אונדזערס אַ ייד זאָל דאָרטן נישט קענען טאָן ביזנעס. באשר בכן אין אונדזער מדינה, זאָגן זיי, איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר בורזשועזן, נאָר בלויז פאַר אַרבעטער. איז וואָס זשע, איך בעט אייך, ווילן זיי נאָך ביי אונדז געלט. עס קומט אויס פונקט ווי דער ייד האָט געזאָגט אין דער אַלטער היים: „דער גוי איז טרייף, אָבער זיין גראָשן איז כשר". ניין, מיר וועלן דאָס נישט דערלאָזן! ארץ ישראל איז אונדזערס! מיר האָבן דאָס אויסגעבענקט! אונדזער מדינה געהערט צום פאָלק ישראל, נישט צו סאָציאַליסטן!

ווער ווייסט ווי לאַנג אָט דער סאַלאָמאָן גרינשפּאַן וואָלט אַזוי געדרשנט, זיך געהיצט און אָראַטאָרעוועט, ווען נישט די כלה, פּערלאַ, וואָס האָט אים איבערגעריסן אין מיטן:

— האָט נישט פּאַראיבל, הער גרינשפּאַן — האָט פּערלאַ אָנגעהויבן גאַנץ רויק — זאָגט מיר נאָר, ווו זענט איר געווען ווען ארץ ישראל, אָט „דאָס אויסגעבענקטע לאַנד פון אונדזערע אבות" איז געלעגן אַ פאַרשטיינערטע, אַ חרובע, אַ וויסטע, אַ זומפּיקע און פאַרלאָזטע מדבר? ווער האָט זיך אַוועקגעלאָזט אַהין צו ליידן פון

# פאַרלוירענע וועגן

הונגער, נויט, פּיין, מאַלעריע און אַנדערע קראַנקהייטן? ווער האָט מיט איבערמענטשלעכע יסורים, מיט מסירות נפש, בלוט און שוויים, מיט סכנות און קרבנות, געטרוקנט זומפּן, געפלאַסטערט וועגן און שאָסייען, אויסגעשטיינערט דעם פּאַרוואַרלאָזטן באָדן, באַארבעט די פעלדער און אויפגעלעבט דאָס אַלטע מדברדיקע היימלאַנד? ווער האָט דאָס געטאָן? נישט איר חלילה און נישט אייערס גלייכן, די וואָס האָבן געבענקט נאָך ארץ ישראל און געבליבן ביים דענקען. איר האָט גאָר, מיט אַ שקל אין קעשענע און מיט אַ בענקשאַפט אין הארצן, זיך אַוועקגעלאָזט אין די אַמעריקאַנער לענדער, כדי זיך אַליין רייך צו מאַכן, און ארץ ישראל האָט איר איבערגעלאָזט פאַר משיחן. יאָ, איך ווייס אַז אין אייער יונגע יאָרן זענט איר, הער גרינשפּאַן, געפאָרן קיין ארץ ישראל, אָבער נאָך אַכט טעג זיין דאָרטן האָט איר איינגעזען, אַז דאָס איז נישט פאַר אייך, עס איז צו שווער געווען פאַר אייך, עס איז נישט געווען פאַר אייערע אײדעלע הענט איינצושמירן זיי אין שוואַרצער, שווערער אַרבעט. אָבער ווער האָט יאָ זיך איינגעגעסן מיט ציין און נעגל אין דער ארץ ישראלדיקער מדבר־ערד, כדי פון איר צו מאַכן אַ פּרוכטבאַרן באָדן און אַ פּראָדוקטיוו היימלאַנד? ווייסט איר ווער? אַן אידעאַליסטישע, נאַציאָנאַל־ציוניסטישע יוגנט, פון וועמען איר האָט דאַמאָלסט חוזק געמאַכט און אויסגעלאַכט. אָט די יוגנט האָט פאַרלאָזט וואַרעמע רייכע היימען פון טאַטע־מאַמע, האָט מפקיר געווען די אייגענע פּערזענלעכע באַקוועמלעכקייט, האָט אויפגעגעבן די אייגענע פּערזענלעכע צוקונפט און מיט פלאַמיקער, ערלעכער פאַלקס ליבשאַפט, אַ ליבשאַפט וואָס האָט געפירט צו מעשים, נישט בלויז צו אַ שקל מיט בענקשאַפט, האָבן טויזנטער יוגנטלעכע זיך אינגאַנצן מקריב געווען פאַרן בנין העם והארץ. קיין אַרבעט איז פאַר זיי נישט שווער געווען; קיין סכנה, אַפילו די געפערלעכסטע, האָט פאַר זיי קיין אָפּהאַלט נישט געקענט זיין; די צוויי טערמינען: „מ'קען נישט" און „ס'איז אוממעגלעך" האָט פאַר זיי לגמרי נישט עקזיסטירט. וואָס מיינט איר, אַז מדינת ישראל איז אַראָפּגעפאַלן ווי אַ מתנה פון הימל, אַלס שכר פאַר אייער בענקשאַפט? צענדליקער יאָרן האָבן יונגע מענטשן איינגעשטעלט זייער געזונט, זייער לעבן און מפקיר געווען זייער גאַנצן „איך" פאַרן אויפבוי פון יידישן היימלאַנד. אָט זיי האָבן עס צוגעגרייט די מדינת ישראל. און שוין ביי דער שוועל

# מאיר קאַראַנאַ

פון דער דערגרייכונג זענען טויזנטער יונגע לעבנס געפאַלן אין קאַמף פאַר דער דעראָבערונג פון יידישער זעלבסטשטענדיקייט. קומט אין לאַנד אַריין וועט איר זען וויפל טויזנטער יונגע לייט, אין די בעסטע יאָרן פון זייער לעבן, זענען געוואָרן אינוואַלידן אין קאַמף פאַר מדינת ישראל און פאַר דער צוקונפט פון פאָלק ישראל. איצט קומט איר צוגיין און שרייט, אַז די אַרבעטער האָבן אַלץ פאַרכאַפּט. ביי וועמען האָבן זיי פאַרכאַפּט? ביי אייך, די מעקסיקאַנער און אַמעריקאַנער יידן האָבן זיי פאַרכאַפּט?! איצט קומט איר צום גרייטן און מיטן כוח פון שקל און בענקשאַפט קומט איר מיט טענה׳ס, פאַרוואָס מען לאָזט אייך נישט, אין דער אָרעמער מדינת ישראל, טרייבן שפּעקולאַציעס און רייך ווערן אויף די אויסגעהאָרעוועטע פּלייצעס פון יענע אַרבעטער, וואָס האָבן פאַרן בנין הארץ זייערע לעבנס אַוועקגעגעבן און גיבן נאָך אַוועק, מיט דער גרעסטער מסירות נפש, ביז אויף היינטיקן טאָג!

די גאַנצע צייט וואָס פּערלאַ האָט גערעדט, האָט פּראָפעסאָר פּעטראַוו זי געגעסן מיט די אויגן און געשלונגען יעדעס וואָרט וואָס איז אַרויס פון איר מויל. ווען זי האָט געענדיקט איז ער צו איר צו, זי אַרומגעכאַפּט, געדריקט זי צו זיך און מיט פאָטערלעכער ליבשאַפט זי געקושט. דערביי האָט ער ענטוזיאַסטיש אויסגעשריגן:

— איך בין שטאָלץ מיט דיר, מיין טייערע צוקונפטיקע שנור! און ער האָט זיך געווענדעט צו דזשאָרזשן:

— פאַר אָט די ווערטער אַליין איז דיין כלה ווערט זאָלסט איר געבן אַ מתנה.

באַלד האָט דזשאָרזש אָנגעטאָן פּערלאַן אַ בריליאַנטן רינגל און חתן־כלה האָבן זיך צעקושט, אונטערן הילכדיקן אַפּלויז פון אַלע אָנוועזנדיקע.

— נו, איצט, מיינע פריינד, — האָט בערטאַ זיך געווענדעט צו אַלע — אפשר וועט שוין זיין גענוג דיסקוטירט. איך בעט אַלע זיך זעצן צום טיש.

און לעאָן איז צו צו פּערלאַן, מיט איר זיך צעקושט און געזאָגט:

— כ׳ האָב גאָרנישט געוווסט, מיין טאָכטער, אַז דו ביסט אַזאַ גוטע פּראָפּאַגאַנדיסטן פאַר דער הסתדרות. כאָטש איך בין מיט דיר

# פֿאַרלוירענע רזעגן

נישט איינשטימיק, ווען איך וואָלט געהאַט דיין מויל וואָלט איך אַ סך געקענט דיר אָפּפרעגן. ווייזט אויס, אַז אין די עטלעכע מאָנאַטן, וואָס דו ביסט געווען אין ישראל, האָט מען דיך גוט באַאַרבעט. זאָל זיין אַזוי, אַבי דו ביסט אַ גוטע יידישע טאָכטער, טריי צו דיין פֿאָלק און צו דיין לאַנד.

— ווען דו מיין ליבער טאַטע — האָט פּערלאַ געענטפֿערט האַלב אין שפּאַס און האַלב ערנסט — וועסט זיין אין ישראל, און וועסט וועלן זען דעם אָביעקטיווען אמת, ווערסטו אויך אַזוי ווערן.

דאָ האָט לעאָן געזאָגט צו פּערלאַן:

— אַז דו ביסט יאָ אַזאַ חכמה, מיין ליבע טאָכטער, נעם זשע אָט דאָס און גיב עס דיין חתן אַ מתנה, אָבער מיט חכמה.

דערביי האָט לעאָן דערלאַנגט פּערלאַן אַ שאַכטל אין וועלכן ס׳איז געלעגן אַ ווערטפֿולער גאָלדענער האַנט־זייגער.

פּערלאַ האָט, מיט אַ דאַנק, צוגענומען ביים פֿאָטער דאָס שאַכטל מיטן זייגער, דערלאַנגט עס דזשאָרזשן און דערביי אַזוי געזאָגט:

— דזשאָרזש טייערער, עס שטייט אַז וויבער האָבן ניין מאָס רייד. נו, אַז מ׳רעדט אַ סך רעדט מען דאָך נאַרישקייטן. עס שטייט אויך, אַז די גרענעץ פֿון חכמה איז שווייגן. מיין טאַטע ווידער זאָגט, אַז איך בין אַ חכמה. ווערסטו, מיין טייערער, אוודאי האָבן אויסצושטיין פֿון מיר, פֿון אַלע דריי זייטן: פֿון מיין נאַרישקייט, פֿון מיין שווייגן און פֿון מיין חכמה. אָט האָסטו אַ מתנה אַ זייגער, צו זען וועלכע צייט וועט זיך ביי מיר האַלטן צום לענגסטן.

— אַלע דריי זייטן דיינע, מיין ליבע פּערלאַ — האָט דזשאָרזש געענטפֿערט — וועלן ביי מיר זיין טייער. און אָט האָסטו פֿאַרויס אַ קוש פֿאַר יעדער צייט.

ווידער האָבן חתן־כּלה זיך צעקושט, ביי אַפּלאָדיסמענטן פֿון אַלע אָנוועזנדיקע.

— און איך — האָט בערטאַ זיך אָנגערופֿן — האָב אויך אַן איבעררראַשנדיקע סורפּרייז־מתנה, פֿאַר איינעם פֿון מיינע טייערע געסט. אָבער איך וועל דערמיט נישט אַרויסקומען ביז וואַנען איר וועט זיך נישט אַלע זעצן צום טיש.

# מאיר קאַראַנאַ

איידער מ׳האָט זיך געזעצט צום טיש איז הרב שטיינבערג צוגעקומען צו פּערלאָן, איר געגעבן די האַנט און געזאָגט אין דער קעגנוואַרט פון פאָטער:

— דיין טאַטע איז גערעכט, פּערלאַ, דו ביסט אַ חכמה. איך ווינטש דיר אַ סך גליק אין דיין צוקונפטיקן לעבן און דיין חכמה זאָל דיך פירן אין גוטע וועגן.

הרב שטיינבערג האָט דערלאַנגט אַ האַנט לעאָנען און געזאָגט:

— הער קיזעלשטיין, מיט אזא טאָכטער מעגט איר שטאָלץ זיין. איר מיט אייער פרוי זאָלט האָבן פון איר אַ סך נחת.

באַלד ווי מ׳האָט זיך געזעצט צום טיש, האָט דאָקטאָר מאַקס קיזעלשטיין זיך געווענדעט צו דער מוטער:

— דו האָסט געזאָגט, מאַמע, אַז ווי מ׳וועט זיך זעצן צום טיש וועסטו אַרויסקומען מיט אַ סורפּריז. כ׳בין שוין נייגעריק צו וויסן וואָס אַזוינס דער סורפּריז איז און פאַר וועמען.

— אָה מיין ליבער זון, — האָט בערטאַ געענטפערט — איך וויים, אַז אַ מעדיקער דאַרף האָבן מער געדולד פון אַן אַנדערן. אַ דאָקטאָר טאָר נישט זיין אַזוי גייציק און איילינ.

— איך וועל פאַרענטפערן מיין שילער, — האָט פּעטראָוו זיך אָנגערופן — אויסער דער פּראָפעסיע מעג אויך אַ דאָקטאָר זיין נייגעריק פּונקט ווי יעדער מענטש. אויך בין אויך אַ מעדיקער און איך בין אויך נייגעריק צו וויסן וואָס און פאַר וועמען דיין סורפּרייז איז.

— נו, אויב דו, מיין ליבער מחותן, ביסט אויך נייגעריק און אומגעדולדיק, וועל איך דערמיט באַלד אַרויסקומען.

בערטאַ איז אַרויס און איז באַלד צוריקגעקומען מיט אַ דיקן העפט אין האַנט און האָט דערקלערט אַזוי:

— אַמאָל, ס׳איז שוין לאַנג אין דעם, איך בין נאָך דאַמאָלסט אַ יונג מיידל געווען, האָט איינער פון אייך מיר געגעבן אָט דעם דאָזיקן העפט צו באַהאַלטן. איך האָב אים אַלע יאָרן געהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ. איצט גיב איך אים אָפּ צוריק, צו דעם צו וועמען ער געהערט.

# פאַרלוירענע וועגן

פּעטראָוו האָט זיך אויפגעשטעלט, האָט איבערגענומען דעם העפט פון בערטאַן און מיט אַ נערוועזער שטים געזאָגט:

— דער דאָזיקער העפט איז מיינער. איך דאַנק דיר האַרציק, ברכה, פאַר אָפּהיטן אים אַזוי גוט, אַז ער זאָל נישט פאַרלוירן גיין. היינט איז אָט דער העפט פאַר מיר אַן אומשאַצבאַרער אוצר.

— עס איז געווען אַזוי — האָט פּעטראָוו פייערלעך דערקלערט — איך האָב אין מיינע יונגע יאָרן געלערנט אין דער נאָוואָמינסקער ישיבה. אין דער שטאָט ווו מיין היינטיקע ליבע מחותנתטע האָט געוווינט. איך האָב געהאַט אַ נאָמען פאַר אַן עילוי. דאַמאָלסט האָב איך אָנגעשריבן מיינע אייגענע חידושי תורה, מיינע אייגענע אויפטועונגען אין לערנען. ווען איך בין אַוועק דינען אין רוסישן מיליטער האָב איך דעם דאָזיקן העפט, וואָס איז אָנגעפּיקעוועט מיט מיינע חידושים, איבערגעלאָזט ביי מיין יוגנט־חברטע, ברכה, זי זאָל אים באַהאַלטן. און נאָכאַמאָל אַ טייערן דאַנק דיר, ברכה, פאַר אָפּהיטן אים. עס איז פאַר מיר אַן אויסערגעוויינלעכע טייערע מתנה. ווען איך וועל, אם ירצה השם, קומען קיין ירושלים און ווייזן אָט דעם העפט צו מיין אַלטער מאַמען, זאָל געזונט זיין, וועט זי זיך מיט אים שטאַרק דערפרייען.

דער רב שטיינבערג האָט געבעטן ביי פּעטראָוון, אַז ער זאָל אים ווייזן דעם העפט. אָבער דאָ האָט זיך בערטאַ אַריינגעמישט:

— נישט איצט — האָט בערטאַ געזאָגט — איצט, מיינע ליבע געסט, דאַרף מען עסן. לאָזט אַלץ איבער אויף נאָכן עסן.

אינדעם האָט סאַלאָמאָן גרינשפּאַן זיך אָנגערופן:

— אָבער איך וואָלט נאָך געוואָלט ענטפערן דער פרייליין, פערלאַן קיזעלשטיין, אויף אירע רייד. זי זאָגט, אַז

נאַסטאַסיאַ פּעטראָוו, וועלכע האָט נישט געקענט פאַרטראָגן גרינשפּאַנס פּאַטעטישע, צעבלאָזענע און צעצויגענע דרשות, האָט באַלד, ווי גרינשפּאַן האָט אָנגעהויבן רעדן, אים באַמערקט:

— הער גרינשפּאַן, איר האָט דאָך געהערט, וואָס די באַלהאַבאָסטע האָט געבעטן, אַז איצט זאָל מען נישט דיסקוטירן. איצט איז די צייט פון עסן.

## מ א י ר   ק אָ ר אָ נ אַ

הרב שטיינבערג האָט, פון דער גאַנצער רייכער וועטשערע, נישט טועם געווען מער ווי ברויט מיט הערינג און אַ גלאָז ביר. דערפאַר אָבער האָט ער באַוויזן איבערצורייסן די ערנסטע אָנגעצויגענע שטימונג, וואָס האָט געהערשט ביים עסן. ער האָט אריינגעבראַכט אַ לעבעדיקע אויפגעהייטערטקייט דורך דעם, וואָס ער האָט גענומען דערציילן קאָמישע עפּיזאָדן, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט ביים ישראל־קאַמפּיין, וואָס ער האָט געהאָלפן דורכפירן אין מעקסיקע.

אַזוי האָט הרב שטיינבערג דערציילט אַזאַ עפּיזאָד:

— איך בין אריינגעקומען צו אַ רייכן ייד און אים פאַרגעלייגט, אַז ער זאָל זיך באַשטייערן פאַר דעם היי־יאָריקן ישראל־קאַמפּיין. איז דער ייד אַרויס צו מיר מיט אַ טענה:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, שוין עטלעכע יאָר ווי עס עקזיסטירט די מדינת ישראל, פאַרוואָס האָט נאָך ביז היינט די ישראל־רעגירונג, נישט געזען, אַז מ׳זאָל ווידער אויפשטעלן דעם בית המקדש?

האָב איך געפרעגט דעם ייד, צי דען פעלט שוין גאָרנישט אין דער יונגער יידישער מדינה, נאָר בלויז דער בית המקדש? און בכלל, האָב איך אים געפרעגט, וואָס נייטיקט ער זיך אַזוי שטאַרק אין דעם בית המקדש?

האָט ער מיר דער ייד געענטפערט:

— ווען עס וואָלט געווען אַ בית המקדש וואָלט מען דאָך געקענט ברענגען קרבנות. אַמאָל, אַז איינער האָט געזינדיקט, האָט ער געבראַכט אַ קרבן איז אים די זינד פאַרגעבן געוואָרן און ער איז צוריק געוואָרן אַ ריינער מענטש. מילא, ווי לאַנג מיר האָבן נישט געהאַט אונדזער לאַנד איז קיין ברירה נישט געווען. אָבער, אַז מיר האָבן שוין יאָ צוריק אונדזער אייגן לאַנד, וואָלט איך וועלן אַמאָל ברענגען אַ קרבן, און דורך דעם זאָל מיר פאַרגעבן ווערן מיינע זינד.

האָבן איך געפרעגט דעם ייד, וואָס פאַראַ שווערע זינד אַזעלכע טראָגט ער עס אויף זיך, וואָס ער מוז אָנקומען צו אַ קרבן.

דער ייד האָט צו מיר געגעבן אַ גנבהשן ווונק מיט איין אויג און געזאָגט:

# פארלוירענע וועגן

— איר פארשטייט דאך אליין, מיט וואס עס זינדיקט א מאן...!
האב איך אים דערקלערט, אז ווי לאנג מיר האבן נישט קיין בית המקדש פארטרעטן תפילות דעם פלאץ פון קרבנות.

— אט נאדיר גאר אן עסק — האט דער ייד זיך צעשריגן — גיי שטעל זיך גאר אוועק דאוונען. נישט איך האב געדולד צו דעם און נישט איך האב צייט פאר אזעלכע זאכן.

האב איך אים ווידער געפרעגט, איז ווי וועט זיין אז ער וועט דארפן ברענגען א קרבן, וועט ער דאך אויך דארפן פארלירן צייט.

האט דער ייד זיך צעלאכט:

— צו וואס זאל איך עס אליין גיין. איך וועל אוועקשיקן געלט צום כהן, ער זאל פאר מיר ברענגען א קרבן, זאל ער זיך מיט דעם באדערן, און פטור אן עסק. הלמאי אז איך האב יארצייט. גיב איך געלט דעם שמש, ער שטעלט שוין אויף פאר מיר א ליכט, זאגט פאר מיר קדיש, מאכט א מלא און פארטיק. ווארן עס איז דען פאר מיר אן עסק צו פארנעמען זיך מיט די אלע מעשה׳ס. נישט מיין קאפ איז צו דעם און נישט מיין צייט דערלויבט מיר דאס.

האב איך דאך שוין געזען מיט וועמען איך האב דא צו טאן, בין איך שוין געווארן מיט אים היימישלעך־דרייסטער און אים געזאגט, אז לויט ווי עס ווייזט מיר אויס, זינדיקט ער אונטער א גאנץ היפש ביסל, וואלט ער דאך באדארפט אויסגעבן א מאיאנטעק מיט געלט אויף קרבנות, אויב נאך יעדער עבירה וועט ער וועלן ברענגען א קרבן.

דא איז דער ייד ארויס מיט גבירישער ברייטקייט:

— דאס ארט מיך נישט. מיר פעלט חלילה נישט קיין געלט. די עבירות מיינע קאסטן מיר אפ אזוי פיל געלט וועל איך נישט בדלות ווערן, אז עס וועט מיר קאסטן פאר א קרבן אויך. דער עיקר גייט מיר אין דעם, אז איך זאל האבן א בית המקדש. איך וועל אייך געבן וויפל געלט איר ווילט, אבי גיט מיר א בית המקדש מיט א מזבח, וווּ איך זאל קענען ברענגען קרבנות. האט איר פארשטאנען?

יא, איך האב אים שוין גאר גוט פארשטאנען. אבער דערוויי׳ל, בין אין מדינת ישראל איז נאך נישטא א בית המקדש, ווו ער זאל

## מאיר קאַראַנאַ

קענען אָפּשטעקן זיינע עבירות, האָט דער דאָזיקער ייד קאַטעגאָריש זיך אָפּגעזאָגט צו באַשטייערן זיך פאַרן ישראל־קאַמפּיין.

נאָך אַ טשיקאַווער עפּיזאָד:

— זי איז אַ יונגע אלמנה. איר מאַן איז דאָ נישט לאַנג צוריק געשטאָרבן און ער האָט איר איבערגעלאָזט אַ גרויס פאַרמעגן. זי האָט מיך אויפגענומען מיט גרויסן כבוד און האָט גענומען צו מיר רעדן העברעיש.ביידע זאַכן, אי די בכבודיקע אויפנאַמע, אי איר רעדן אַ פּרייען פּליסיקן העברעיש, האָבן מיר געשמייכלט. איך האָב געטראַכט, אַז זיכער וועל איך פון איר אַוועק מיט גאָר אַן אָנגעזעענער באַשטייערונג, נישט דאַרפנדיק אַ סך אַרבעטן. איך האָב איר אָנגעהויבן דערציילן וועגן דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע פון מדינת ישראל און ווי גרויס עס איז דער חוב פון יעדן ייד אונטערצושטעלן אַ פּלייצע צום בנין הארץ. זי האָט אָבער נישט געלאָזט מיר ענדיקן:

— איך קען — האָט זי געזאָגט — גאַנץ גענוי די לאַגע פון „ארץ". איך בין גוט באַקאַנט מיט אַלע איינצלהייטן פון „ארץ".

בין איך שוין געזעסן און געוואַרט, אַז אַט וועט זי זיך נעמען צום טשעק־ביכל. בין איך געזעסן און געשוויגן און זי האָט געשוויגן. איך האָב זיך אָנגעגורט מיט געדולד און געוואַרט אויף תכלית. זי האָט מסתמא פאַרשטאַנען אויף וואָס איך וואַרט, כאָטש קיין איבעריקע חכמה, האָב איך געזען, איז זי נישט. ענדלעך האָט זי אָנגעהויבן צו רעדן.

— איר זאָלט מיר זייער אַנטשולדיקן, צוליב געוויסע סיבות קען איך באַין אופן נישט באַשטייערן זיך פאַרן ישראל קאַמפּיין.

איך בין געבליבן זיצן אַן אַנטוישטער און איך האָב איר געבעטן, אַז ווייניקסטנס זאָל זי מיר כאָטש זאָגן די סיבה פון איר אָפּזאָג. האָט זי מיר גענומען דערציילן אַ גאַנצע געשיכטע:

— מיידלוויז בין איך אַ סך יאָרן געווען אַ חברה אין „השומר הצעיר". איך האָב דורכגעמאַכט „הכשרה" און איך בין שוין געווען גרייט עולה צו זיין אין „ארץ" צוזאַמען מיט אַ גאַנצער גרופּע. פּונקט דאַמאָלסט איז מיר אונטערגעקומען אַ גוטער שידוך און איך האָב

## פאַרלוירענע זועגן

חתונה געהאַט. מיין מאַן איז נאָך אונדזער חתונה זייער רייך געוואָרן. נאָכדעם ווי מיר האָבן אָפּגעלעבט גליקלעכע זעקס יאָר איז געשען דער אומגליק, מיין מאַן איז געשטאָרבן. איך בין געבליבן מיט אַ סך געלט און מיט אַ קליין טעכטערל. איז דאָך נישט קיין תכלית צו זיצן אַזוי אַן אלמנה, וואַרט איך אַז עס זאָל אונטערקומען אַ ליטווישער יונגערמאַן וועל איך חתונה האָבן. אָבער איך קען דאָך נישט וויסן צו וועלכער פּאַרטיי מיין צוקונפטיקער מאַן געהערט. עס קען דאָך זיין אַז אים וועט פאַרדריסן פאַרוואָס איך האָב זיך באַשטייערט פאַר „ארץ״, דעריבער מוז איך פאַרלויפיק זיך אָפּהאַלטן פון באַשטייערן זיך. כאָטש איך ווייס גאַנץ גוט, ווי שטאַרק מ׳נייטיקט זיך דאָרט אין געלט. ערשט נאָך מיין חתונה וועל איך וויסן וואָס איך האָב צו טאָן.

עס האָבן נישט געהאָלפן מיינע אַלע ארגומענטן, אפּילירונגען און אויפווייזונגען, אַז זי קען, דאַרף און מוז זיך יאָ באַשטייערן. זי איז געבליבן ביי אירס, אַז זי מוז צוואַרטן און זען ווער און וואָס איר צווייטער מאַן וועט זיין.

נאָך אַן אינטערעסאַנטער עפּיזאָד:

— זיי זענען צוויי שותפים. זיי פירן אימפּאָרטירונג־געשעפטן. סאָלאָמאָן גרינשפּאַן איז די גאַנצע צייט געזעסן אַן אומרויקער. עס האָט אים געהויבן פון אָרט. ער האָט שוין מער קיין געדולד נישט געהאַט צו וואַרטן מיט זיין ענטפער, וואָס ער האָט זיך געגרייט צו געבן פּערלאַן. איז ווען הרב שטיינבערג האָט אָנגעהויבן צו דערציילן נאָך אַ דריטן עפּיזאָד, האָט גרינשפּאַנס געדולד געפּלאַצט און ער האָט אויסגעשריגן:

— האָט נישט פאַראיבל רבי שטיינגערג. מיר האַלטן אינמיטן פון אַן ערנסטער און וויכטיקער דיסקוסיע און איר ווילט פאַרנעמען אַ גאַנצן אָוונט מיט „דזשאָקס״ גאָר. לאָזט מיר, איך בעט אייך, באַגרינדן מיט לאָגיק און מיט אומבאַשטרייטבאַרע פאַקטן, אַז מיין פריער ארויסגעזאָגטע מיינונג וועגן מדינת ישראל איז אַבסאָלוט אַ ריכטיקע און זאָלן אַלע זען ווער ס׳איז גערעכט, איך צי פּערלאַ.

— איר זאָלט מיר מוחל, הער גרינשפּאַן — האָט פּעטראָוו זיך אָנגערופן — מיין פרוי האָט מיר דערציילט, אַז איר זענט אַמאָל

# מ א י ר   ק אָ ר אָ נ אַ

געווען אַ ישיבה בחור, האָט איר דאָך געלערנט און איר ווייסט, אַז צו שיחות חולין פון אַ תלמיד חכם איז מער כדאי זיך צו צוהערן איידער צו די אַלע סטערילע דיסקוסיעס, וואָס נעמען קיינמאָל קיין סוף נישט און פירן צו גאָרנישט.

אין דער זעלביקער צייט האָט נאַסטאַסיאַ איינגערוימט פערלאַן אַ סוד. זי האָט איר געבעטן, אַז זי זאָל נישט לאָזן דעם נודניק גרינשפּאַנען קומען צום וואָרט, מיט זיינע לאַנגווייליקע און נאַרישע פּלוידערייען.

— אַ דאַנק אייך, הער פּראָפעסאָר — האָט שטיינבערג געדריקט פּעטראָוון די האַנט און געזאָגט — אפשר איז טאַקע הער גרינשפּאַן גערעכט. איך וועל מער נישט דערציילן. זייט אַזוי גוט, הער פּראָפעסאָר, גיט מיר אייער העפט, ווו ס'זענען פאַרשריבן אייערע אַמאָליקע חידושי תורה. איך וויל אַביסל אין אים אַריינקוקן.

ווי נאָר סאַלאָמאָן גרינשפּאַן האָט ווידער געוואָלט אָנהייבן צו רעדן, האָט פּערלאַ אים אָפּגעשטעלט און געזאָגט:

— איך בעט אייך, הער גרינשפּאַן, מיר האָבן דאָך שוין אונדזערע מיינונגען אַרויסגעזאָגט. אַלע ווייסן שוין אונדזערע פאַרשידענע שטאַנדפּונקטן און אונדזערע באַזונדערע צוגענג צום ענין מדינת ישראל. לאָמיר איצט הערן אויך אַנדערע מיינונגען וועגן דעם. אָט האָט דער פּעטער מאָריץ — אַזוי האָבן קיזעלשטיינס קינדער גערופן די גראַנאַטס, פון קינדווייז אָן — געבעטן אַ וואָרט. איך גלייב, אַז עס וועט זיין אינטערעסאַנט צו הערן זיין מיינונג.

— איך מיין, אַז פּערלאַ איז גערעכט — האָט נאַסטאַסיאַ צוגעגעבן — מיר איז אויך אינטערעסאַנט צו הערן דעם דאָקטאָר גראַנאַטס מיינונג.

גרינשפּאַן האָט פאַר כעס געביסן די ליפּן און געשוויגן. מ'האָט געזען אין אים, ווי ער איז אינגאַנצן אָנגעצונדן פון אויפרעגונג, פאַרוואָס מ'לאָזט אים נישט אויסניצן די געלעגנהייט, צו באַווייזן זיין גרויסן אָראַטאָרישן טאַלאַנט.

דאָקטאָר מאָריץ גראַנאַט, מיט זיין שטענדיקן ליבן שמייכל, האָט אַ ווונק געגעבן צו פּערלאַן, וואָס האָט געמיינט צו זאָגן, אַז

# פארלוירענע וועגן

ער פארשטייט איר טריק, ווייל ער האט גאר קיין ווארט נישט געבעטן. און ער האט אנגעהויבן:

— אז מיין ליבע פערלא איז געווען אזוי פריינדלעך צו מיר און באוויליקט מיר צו געבן א ווארט אין דער דיסקוסיע, וועל איך זאגן אט וואס: מיין באשיידענע מיינונג איז, אז דאס גאנצע שאפן איצט א יידישע מדינה איז געווען אומבארעכטיקט. מיר יידן זענען, אין אונדזער עצם וועזן, א וועלט־פאלק און אין דעם באשטייט אונדזער דערהויבנקייט, ווייל מיר, לעבנדיק צווישן אלע פעלקער אין דער וועלט, האבן מיר ארייננגעבראכט צו זיי אונדזער מאראל, אונדזער עטיק, אונדזערע נביאישע וויזיעס, אונדזער אייביקע שטרעבונג צו שלום און ברידערלעכקייט אויף דער וועלט. אט די אלע הונדערטער יארן, וואס מיר לעבן צוזאמען מיט אנדערע פעלקער, און נישט אין א סעפאראטער טעריטאריע, האבן אונדז אויסגעאיידלט און אונדז דערהויבן צו א העכערער מאראלישער מדרגה. עס איז פון דער השגחה פאר אונדז אנגעצייכנט געווארן אונדזער מיסיע, צו זיין די נביאים פון דער וועלט, מיר זאלן לערנען דער וועלט, דערציען און ארויסשלעפן זי פון איר פאגאנישער געזונקענקייט. איך ווייס, מ'וועט מיר פרעגן:

— ווי לאנג איז דער שיעור, אז מיר זאלן דארפן אויסשטיין די ערגסטע רדיפות, פארפאלגונגען און שיקאנעס, אז מיר זאלן אויסגעשטעלט זיין צו שאנד און שפאט, צוליב אט דער דאזיקער אומדאנקבארער מיסיע, צו זיין די לערערס פון דער וועלט, א מיסיע וואס קיינער פארלאנגט עס פון אונדז נישט און קיינער וויל זיך גאר צו אונדז נישט צוהערן?

וועל איך אויף דעם ענטפערן: ערשטנס, האבן אונדזערע נביאים אויך געהאט גענוג אויסצושטיין צרות און פארפאלגונגען, פאר זייער פרעדיקן אמת, יושר און גערעכטיקייט, פונדעסטוועגן האבן זיי זייער מיסיע נישט אויפגעגעבן. דאס וואס דער גורל באשטימט פאר א יחיד און פאר א פאלק, קען מען פון דעם זיך נישט ארויסדרייען, אפילו ווען מען וויל. צווייטנס, איז א טעות צו מיינען, אז די וועלט הערט זיך צו אונדז נישט צו. זי הערט זיך שוין גאר גוט צו צו אונדז. דער גאנצער ליבעראל־דעמאקראטישער פראגרעס, צו וועלכן די וועלט דערגרייכט וואס אמאל מער, איז א דאנק אונדזער דירעקטן

און אומדירעקטן איינפלוס, אפילו ווען די וועלט וויל עס נאָך פּאַרלויפיק נישט אָנערקענען. דריטנס, איז די זאַך זייער קלאָר: איינס פון די ביידע — אויב די וועלט וועט בלייבן אַ פאַרדאַרבענע, אַ כוליגאַנישע, אַ רויבערישע, אַן עגאָאיסטיש־ענגהאַרציקע, וועט פאַר אונדז יידן אין ערגעץ נישט זיין קיין באַוואָרעניש און באַהעלטעניש, נאָך גיכער נישט אין אַן אייגענער פּיצעגוניציקער מלוכהלע, וועלכע איז אַרומגערינגלט אַרום און אַרום מיט אַלערליי לוויערענדיקע שונאים־שכנים. וועט ווידער די וועלט זיין אַ ליבעראַלע, אַ דעמאָקראַטישע, אַ פּראָגרעסיווע, וועלן אומעטום יידן זיין געזיכערט און געשיצט. איך האָב געענדיקט.

נאָך דאָקטאָר גראַנאַטס ווערטער האָט לעאָן קיזעלשטיין זיך געווענדעט צו דער טאָכטער אין אַ ליבלעך־שפּאַסיקן טאָן:

— איצט, מיין הויכגעשעצטע פאָרזיצערין, בעט איך אַ וואָרט אויף צו ענטפערן דיין פעטער.

פערלאַ האָט, אין זעלביקן ליבלעך־שפּאַסיקן טאָן אויסגערופן הויך:

— איצט באַקומט דאָס וואָרט דער זייער חשובער חבר, לעאָן קיזעלשטיין.

— געהערטע פאָרזיצערין און געהערטע געסט — האָט לעאָן אָנגעהויבן — פריער פאַר אַלץ בעט איך אייך, מיינע ליבע געסט, מיט דער דערלויבעניש פון דער באַלהאַבאָסטע, די טייערע חברטע בערטאַ, אַז מיר זאָלן אַריבערגיין אין סאַלאָן. דאָרטן וועט זיין באַקוועמער און געמיטלעכער צו שמועסן.

ווען אַלע זענען שוין אַריבער אין סאַלאָן האָט לעאָן פאָרגעזעצט:

— איך האָב שוין מיט מיין לאַנגיאָריקן פריינד, דאָקטאָר מאָריץ גראַנאַט, אַ סך געשמועסט וועגן דעם. איך וויל דאָ נאָכאַמאָל קלאָר און דייטלעך דעפינירן מיין ענטפער: איך האַלט נישט, אַז אויף אונדז, יידן, האָט ווער אַרויפגעוואָרפן אַזאַ מיסיע, אויך מיר אַליין האָבן קיינמאָל אַזאַ מיסיע נישט גענומען אויף זיך, אַז מיר זאָלן לערנען און דערציען דער וועלט. באַזונדערס, האַלט איך נישט, אַז מיר זענען בעסער און שענער פון אַלע אַנדערע פעלקער אַזוי, אַז

# פאַרלוירענע רזעגן

מיר זאָלן ראוי זיין צו ווערן זייערע לערערס און דערציערס. די אומות העולם האָבן אַליין גאַנץ גענוג זייערע אייגענע געלערנטע און הויכע מאָראַליסטן, גאָר נישט קיין קלענערע ווי ביי אונדז, אויב נישט אַ סך גרעסערע. אַזוי אַז זיי פעלט חלילה נישט אויס קיין אייגענע לערערס און דערציערס, ווען מ'זאָל נאָר וועלן צו זייערע ווערטער זיך צוהערן. איך האַלט אויך נישט, אַז דער ליבעראַלער, מאָראַלישער און דעמאָקראַטישער פּראָגרעס פון דער וועלט איז געקומען אַ דאַנק אונדזער ווירקונג און אונדזער איינפלוס. און בכלל בין איך גאָרנישט אַזאַ גרויסער מאמין אינם דערגרייכטן פּראָגרעס פון דער וועלט. די שווידערלעכע, ווילדע, קאַניבאַלישע, היטלער־נאַצי־יאָרן, אינם סוף פון ערשטן האַלבן, ציוויליזירן, צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, דאַרפן אונדז דינען פאַר אַ מוסטער פון דעם דערגרייכטן, אמתן „וועלט־פּראָגרעס".

און לעאָן האָט ווייטער גערעדט:

— אין די פריערדיקע יאָרן האָט אונדז גאָרנישט אַזוי געשראָקן, אין זין פון יידישקייט, דאָס רשעות וואָס מיר האָבן געהאַט אויסצושטיין פון אַנדערע פעלקער. פאַרקערט גאָר — מיר האָבן געזען, אַז נאָך יעדן אומגליק, וואָס מיר האָבן דורכגעלעבט, זענען מיר אַרויס, גייסטיק־יידיש, געשטאַרקטער און געקרעפטיקטער. אָבער דאָס איז אַלץ געווען אין די אַמאָליקע יאָרן. ווייסט איר פאַרוואָס? ווייל אַ פאָלק מוז האָבן אַ לעבעדיקן, ממשותדיקן און פולסירנדיקן אינהאַלט, וואָס זאָל אים צעמענטירן, האַלטן געאייניקט און צוזאַמענגעבונדן. אַזאַ אינהאַלט האָבן די פריערדיקע דורות אונדזערע געהאַט. זיי האָבן געהאַט אַ פעסטן גלויבן אין גאָט, אין זיין תורה און אין די ווערטער פון די חכמים, פון וועלכע מ'האָט נישט געטאָרט אָפּטרעטן אויף קיין האָר. אפילו ווען מ'האָט באַדאַרפט גיין צוליב דעם אויף קידוש השם, איז מען געגאַנגען מיט שמחה, און אויף די געזעצן פון די תורה נישט עובר געווען. דאָס האָט געהאַט אין זיך דריי פּאָזיטיווע מעלות. ערשטנס, האָט עס געהאַלטן ענג פאַראייניקט דעם גאַנצן כלל ישראל. אין וועלכן ווינקל פון דער ערד אַ ייד איז געווען פאַרוואָרפן איז ער געווען אָנגעשלאָסן און צוגעבונדן צום גאַנצן פאָלק, דורכן זעלביקן שבת, דורכן זעלביקן יום טוב, דורך די זעלביקע געזעצן פון כשר און טרפה, פון דינים

## מאיר קאַראַנאַ

וואָס מ׳מעג און וואָס מ׳טאָר נישט, וואָס מען מוז טאָן און וואָס מ׳דאַרף נישט טאָן, אַפילו ווען מען מעג. וועלכע צייט מען מעג יאָ און ווען מ׳טאָר נישט און אַזוי ווייטער. צווייטנס, איז דער טיף רעליגיעזער יידישער גלויבן אין גאָט, תורה און פאָלק, געווען אַזוי פאַרוואָרצלט אין יעדער יידישער נשמה, אַז ס׳האָט אויסגעזען ווי אַן אַבסורד צו טראַכטן אַפילו וועגן אַן אינטימער דערנענטערונג מיט די פעלקער צווישן וועלכע מיר האָבן געלעבט. דאָס האָט געשאַפן אַ קאָלאָסאַל־ריזיקע דאַמבע, וועלכע האָט פאַרהאַלטן יעדן אַסימילאַציע־שטראָם, אַז ער זאָל נישט קענען זיך אַריינרייסן אין אונדזער גבול. דריטנס, די יידישע אייזן־פעסטע און אומבויגזאַמע אמונה איז אויסגעוואַקסן צו אַזאַ שטאַרקער איבערנאַטירלעכער קראַפט, אַז זי האָט געגעבן כוח, מוט און פעיקייט, צו קענען איבערטראָגן די ערגסטע פיזישע צרות, ליידן און עינוים, און נישט ווערן גייסטיק געשעדיקט.

און לעאָן האָט ווייטער גערעדט:

— דאָס איז אַלץ געווען אַמאָל. ווי זעט אָבער אויס די לאַגע היינט? לאָמיר זיך נישט נאַרן. מיר ווייסן אַלע גאַנץ גוט, אַז רעלי־גיעזע און תורה־יידישקייט האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו זיין אַ פּאָזיטיווער, ווירקנדיקער כוח אין יידישן לעבן; דער אַמאָליקער בית המדרש, מיט זיין אַרומיקער אַטמאָספערע, איז שוין מער ביי אונדז קיין יידישער צענטער נישט; יידישע איינגעוואָרצלטע איינגאַרטיקייט איז מער שוין קיין ראָם נישט, וואָס זאָל זיין אומשטאַנד איינצוראַמען אין זיך כל־ישראלדיקע אייניקייט; די אַמאָליקע ריזיק־פעסטע אמונה־דאַמבע, קעגן אַסימילאַציע־שטראָמען, איז שוין לאַנג איינגעפאַלן. וואָס זשע דען נאָך איז אונדז געבליבן פאַר אַ כוח, מיט וועלכן מיר זאָלן קענען אַרויסקומען צו אונדזערע קינדער, אויף איינצוהאַלטן זיי אין אונדזער רשות? אָט די דאָזיקע פראַגע האָט געקענט פאַר אונדז שטיין אין דער שווידערלעכסטער האַרבקייט. פיל, פיל שאַרפער און גרויזאַמער איידער די צרות פון דרויסן. און אַ שרעק באַפאַלט, ווען מ׳טראַכט צו וואָס אונדזער יונגער דור וואָלט חלילה געקענט צוקומען, אָן אַ פעסטן אינהאַלט און אָן אַ באַזיסדיקן אָנהאַלט אין יידישן פאָלקס לעבן.

און לעאָן האָט ווייטער גערעדט:

## פאַרלוירענע וועגן

— אַט אַ דאָ איז צו אונדז, אין דער ריכטיקער צייט, ווי אַראָפּגעפאַלן אַ ישועה פון הימל, געקומען דער ציוניזם אין דער שטרעבונג און מדינת ישראל אין דער רעאַליזירונג. מדינת ישראל מיינט היינט פאַר אונדז, נישט בלויז אַן אייגן יידיש לאַנד, נייערט — אַ סך מער! מדינת ישראל האָט פאַר אונדז געשאַפן אַ נייעם, לעבעדיקן, פּאָזיטיוון און פולסירנדיקן אינהאַלט פאַרן יידישן פאָלק. אַ נייע פרישע און צאַפּלדיקע יידישקייט איז פאַר אונדז נתגלה געוואָרן דורך מדינת ישראל. נישט נאָר פאַר די דאָרטיקע יידן, נאָר אפילו פאַר די יידן וואָס וועלן קיינמאָל דאָרט זיך נישט באַזעצן. אונדזער יוגנט האָט שוין באַוויזן איר קידוש השם גרייטקייט, איר מסירות נפש און איר מסוכנדיקסטע איינשטעלעניש פאַר דער דאָזיקער נייער יידישקייט, נישט ווינציקער און אפשר נאָך מער ווי די פריערדיקע דורות האָבן עס געטאָן פאַר רעליגיעזער יידישקייט. דער באַוווסטזיין אַז מיר זענען אַ גלייכבאַרעכטיקט פאָלק מיט אַלע פעלקער צוגלייך, מיט אַן אייגן זעלבסטשטענדיק לאַנד, מיט אַן אייגענער, פרייער, אומאָפּהענגיקער יידישער מלוכה און מיט אַ יידישן כוח וואָס האַלט דעם יידישן פאָלקס גורל אין די אייגענע הענט, דאָס האָט געהויבן אונדזער חשיבות אין אונדזערע אייגענע אויגן. אין אונדזער יוגנט האָט אויפגעפלאַקערט אַ נייער, מוטיקער יידישער שטאָלץ און מיט פרייִדיקער יידישער אויפגעוואַכטקייט שפּאַנט איצט אונדזער יוגנט, מיט העלדישע טריט, אינם גאַנג צו אונדזער באַנייטער גלאָררייכער צוקונפט. אָט דאָס, קענען מיר זאָגן, מיט שטאָלץ און פרייד, האָט אונדז געגעבן די נייע מדינת ישראל־יידישקייט!

— אויב אַזוי — האָט גרינשפּאַן זיך אָנגערופן — פאַרוואָס דאָרטן, אין ישראל גופא.

— איך האָב אַ פאָרשלאָג, מיינע פריינד — האָט נאַסטאַסיאַ איבערגעריסן גרינשפּאַנען אינמיטן רעדן — זאָל שוין זיין גענוג דיסקוטירט. זאָל בעסער אונדזער פערלאַ זינגען ישראל־לידער. עס איז אַ פאַרגעניגן צו הערן ווי זי זינגט. און דזשאָרדזש וועט איר באַגלייטן ביי דער פּיאַנאָ.

אַלע, אויסער גרינשפּאַנען, האָבן אַפּלאָדירט דעם דאָזיקן פאָרשלאָג.

אַ לאַנגע צייט האָט פערלאַ געהאַלטן געשפּאַנט דעם עולם מיט

איר זינגען די נייע ישראל־לידער, וואָס זי האָט מיט זיך מיטגעבראַכט פון ישראל. גאָר באַזונדער האָבן שטאַרק אויסגענומען די תימנער לידער און ווי זי, פּערלאַ, האָט זיי אויסגעזונגען מיט דער עכטער, תימניש־אָריענטאַלער, אינטאָנאַציע.

דערנאָך האָט סאַריטאַ קיזעלשטיין, מאַקס׳ פרוי, געזונגען, מיט אַ פיין־אַנטוויקלטער סאָפּראַן־שטים, אַ גאַנצע סעריע מעקסיקאַנער לידער, וועלכע האָבן אויך שטאַרק אויסגענומען.

אָבער גאָר אַן אומגעריכטער סורפּריז איז געווען נאַסטאַסיאַס זינגען רוסישע לידער. נאָך יעדן ליד איז די זינגערין באַשאָנקען געוואָרן מיט אַ הילכדיקן אַפּלויז און מיט אַן אַ שיעור קאָמפּלימענטן. דערהויפּט האָט סאָלאָמאָן גרינשפּאַן איר באַשאָטן מיט אַ מבול בלומענדיקע קאָמפּלימענטן.

אַזוי האָט זיך געענדיקט דער געזעגענונגס אָוונט, אין אַ געמיטלעכער, געהויבענער און פריילעכער שטימונג.

שוין ביים געזעגענען זיך האָט סאָלאָמאָן גרינשפּאַן אויסגעלאָדן אַ טייל פון זיין איינגעהאַלטענעם כעס, וואָס ער האָט אין זיך געשטיקט אַ גאַנצן אָוונט. און ער האָט אויסגערופן פּאַטעטיש־אַרטיסטיש:

— איך מוז אייך זאָגן, מיינע פריינד, לײדער זעט איר אַלע די דערשיינונג, וואָס הייסט מדינת ישראל, מיט פּאַרמאַכטע אויגן, אָן דער פעיקייט אַריינצודרינגען אינם אמתן תוך פון דער זאַך, אָן צו זען די רעאַלע ווירקלעכקייט אַזוי ווי זי איז און ווי אַזוי זי האָט געקענט זיין. ווען איך וואָלט פאַר אייך אויפגעקלערט און אויפגעוויזן דאָס, וואָס איך זע און דאָס, וואָס איך פאַרשטיי, וואָלט איר דאַמאָלסט אַלצדינג גאָר אַנדערש געזען. אָבער איך וועל דאָס איבערלאָזן אויף אַ צווייטער געלעגנהייט.

און הרב שטיינבערג איז אַרויסגעקומען מיט אַן אומגעריכטער דערקלערונג:

— מיינע ליבע פריינד, איך וועל אייך אַלע איבערראַשן — האָט שטיינבערג געזאָגט — מיט גאָר אַ וויכטיקע אַנטדעקונג. איך האָב אַ גאַנצן אָוונט זיך פאַרטיפט אין די חידושי תורה, וואָס עס האָט

# פאַרלוירענע וועגן

אמאָל געשריבן חיים לייב גאָרדאָן, אונדזער היינטיקער באַרימטער פּראָפּעסאָר פּעטראָוו. מוז איך אייך זאָגן, אז דאָרטן איז פאַראַן וווּנדערבאַרע גאונות. ווען דאָס זאָל ווערן אָפּגעדרוקט וואָלט דער דאָזיקער ספר געמאַכט א קאָלאָסאַלן רושם אין דער לומדישער וועלט, נישט ווייניקער ווי זיין זיידנס ספרים.

— איך דענק טאַקע אזוי — האָט פּעטראָוו געענטפערט — דאָס אָפּצודרוקן, אם ירצה השם, אין ירושלים.

## פּראָפ. פּעטראָוו ביי זיין מומע שפּרינצען אין וויליאַמסבורג (ברוקלין)

אין אַ קילן פאַרנעפּלטן פאַרנאַכט, פון מאָנאַט סעפּטעמבער, איז צו אַן אַלט צווייִשטאָקיק הויז, אין אַ גאַס פון וויליאַמסבורג, ברוקלין, צוגעקומען אַ הויכער מאַן מיט אַ בלאָנד־גרוי בערדל. ער האָט געקוקט אין זיין אַדרעסן־ביכעלע און געקוקט אויפן הויז. ער האָט געזוכט דעם פאַרצייכנטן נומער און נישט געקענט געפינען. ווי ער שטייט אַזוי און זוכט זענען צו אים צוגעקומען צוויי יינגלעך, ווי פון ניין־צען יאָר, און האָבן געפרעגט דעם מאַן, אין ענגליש, וועמען ער זוכט.

— איר זענט יידישע יינגלעך? — האָט דער מאַן געפרעגט.

— שור זענען מיר יידישע יינגלעך.

— רעדט איר יידיש?

— שור רעדן מיר יידיש.

— פאַרוואָס זשע רעדט איר צו מיר ענגליש? — האָט דער מאַן געפרעגט אין יידיש.

די צוויי יינגלעך האָבן זיך איבערגעווונקען און זיך דורכגעשמייכלט. און איינער האָט געענטפערט שוין אין יידיש:

— ווייל, ווייל מיר האָבן נישט געוווסט, אַז איר זענט אַ ייד.

און דער צווייטער האָט צוגעגעבן:

— אַפילו די יידן, נישט אַלע ווילן רעדן יידיש.

# פארלוירענע וועגן

— פארוואס זאלן יידן נישט וועלן רעדן יידיש? — האט דער מאן געפרעגט — איז דען טאקע א חרפה צו רעדן יידיש?

— ווייל זיי זענען, זיי זענען סנאבעס. זיי ווילן זיך מאכן פאר עכטע אמעריקאנער.

— אבער ווען זיי רעדן ענגליש — האט דאס צווייטע יינגל צוגעגעבן מיט איראניע — דערקענט מען דאך אין זיי באלד, אז זיי זענען יידן. וואלטן זיי גערעדט יידיש וואלט מען גיכער געקענט מיינען, אז זיי זענען טערקן אדער טאטערן.

— אה, איך זע, אז איר זענט קלוגע יינגלעך! — האט דער מאן אויסגערופן מיט באגייסטערונג.

— אוודאי איז מען קלוג ווען מ'לערנט תורה. עס שטייט „עדות ה' נאמנה מחכימת פתי". די תורה מאכט קלוג דעם נאר.

— זאגט זשע מיר, קינדער, ווו לערנט איר און וואס פארא מסכתא לערנט איר?

— מיר לערנען אין דער „מתיבתא" — האבן די יינגלעך געענטפערט מיט שטאלץ — אט דא טאקע באלד דערנעבן איז די „מתיבתא". און היינט לערנען מיר בבא מציעא.

— אזוי, בבא מציעא לערנט איר. זאגט זשע מיר וואס איז דער אונטערשייד פון א מודה במקצת ביז א כופר הכל? (אז מען מאנט ביי איינעם געלט, צי ער איז מודה אין א טייל, אדער ער פארלייקנט אין גאנצן).

— דעם מודה במקצת איז מען מחייב א שבועה און דעם כופר הכל נישט.

— ס'טייטש, לאמיר גלייבן דעם מודה במקצת מיט א מיגו, ווען ער זאל וועלן פארלייקענען וואלט ער דאך געוועז אינגאנצן פארלייקנט.

— מיר זאגן אבער נישט קיין מיגו במקום חזקה. עס איז דא א חזקה, אז „אין אדם מעיז פניו בפני בעל חובו" (א מענטש האט נישט די דרייסטקייט צו פארלייקענען דאס, וואס מ'האט אים געבארגט).

— נו, איז טאַקע באמת אַ כופר הכל פּטור אינגאַנצן פון אַ שבועה?

— די חכמים האָבן מתקן געווען פאַרן כופר הכל אַ שבועת היסת.

— אויף וואָס פאַרא סמך גיט מען דעם כופר הכל אַזאַ שבועה?

— ווייל עס איז אַ חזקה „אין אדם תובע אלא אם כן יש לו עליו” (אַ מענטש מאָנט נישט ווען עס קומט אים נישט).

— זייער פיין. זיין פיין. איר קענט טאַקע לערנען. איר זענט ווילע יינגלעך. זעט, אַז איר זאָלט קענען גוט לערנען, וועט אייך זיין גוט. עס וועט אייך אין לעבן גוט צונוץ קומען. איצט זאָגט מיר נאָר, וווּ וווינט דאָ ר׳ שמעון זאַלקינד?

— אָה, ער איז דאָך אונדזער ראש הישיבה. ער איז אַ גרויסער למדן. ער וווינט טאַקע אָט דאָ, אין דעם הויז, אויפן צווייטן שטאָק. מיר וועלן אייך אַרויספירן.

— ניין קינדער, מ׳דאַרף נישט, אַ שיינעם דאַנק אייך, זייט אייך נישט מטריח. זאָגט מיר נאָר דעם נומער פון דער טיר.

— עס איז נומער 214, אין דער הויך, אויפן צווייטן שטאָק.

דער מאַן איז געווען פּראָפעסאָר פּעטראָוו.

עס איז געווען שוין גוט טונקל אין דרויסן, ווען פּעטראָוו האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר 214, אויפן צווייטן שטאָק. די טיר האָט געעפנט אַ יינגל ווי פון אַ יאָר צוועלף־דרייצן, אַ בלייכער, אַ מאָגערער, מיט אַ הויכן שטערן, מיט אַ פּאָר פייערדיקע, שוואַרצע אויגן און מיט אַ קינדעריש פּנים. אינם גאַנצן אויסזען פון יינגל, מיטן יאַרמעלקעלע אויפן קאָפּ, האָט מען גלייך דערקענט דערקענען, אַז עס איז אַ רבניש קינד.

דאָס יינגל האָט זייער העפלעך אַריינגעבעטן דעם פרעמדן מאַן און מיט אַ טאָן פון אַ געזעצטן, דערוואַקסענעם מענטש, האָט ער, מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט צום אַריינקומענדיקן, זיך געווענדעט צו אים אויף יידיש:

# פֿאַרלוירענע וועגן

— שלום עליכם א ייד. צו וועמען דארפט איר האָבן?

— פּעטראָוו האָט אים דערלאַנגט די האַנט. ער האָט באַוווּנדערט דעם יינגלס דרייסטקייט, ערנסטקייט און העפלעכקייט, און מיט א ליבן שמייכל האָט ער געענטפערט:

— איך בין געקומען זען דעם רב, ר' שמעון זאַלקינד. איך האָב מיט אים עפּעס צו שמועסן. איז ער דיין פאָטער?

— יאָ, ער איז מיין פאָטער. ער איז איצט נישטאָ, ער איז געגאַנגען דאַוונען מנחה־מעריב. אויב איר ווילט קענט איר דאָ צוװאַרטן אביסל. ער וועט באַלד אריינקומען. זעצט אייך, וועלן מיר דערווייל אביסל שמועסן, אויב אייך וועט זיין אָנגענעם.

פּעטראָוו האָט געשטוינט פון דעם יינגלס פיינעם באַנעמען זיך, ווי פון א דערוואַקסענעם מענטש, און ער האָט געטראַכט, צי קומט דאָס פון גוטער דערציונג, אָדער ס'איז אַן איינגעבוירענער כאַראַקטער אזא.

— אז דו ווילסט יאָ מיט מיר שמועסן — האָט פּעטראָוו געזאָגט צום יינגל אין א טאָן ווי מ'רעדט צו א גרויסן מענטש — זאָל מיר דערלויבט זיין צו וויסן ווי דו הייסט און ווי אַלט דו ביסט.

— מיט פאַרגעניגן. איך הייס חיים לייב זאַלקינד און אם ירצה השם חנוכה וועל איך ווערן עלף יאָר.

— אבי איך האָב זיך פאַרגעשטעלט — האָט פּעטראָוו געזאָגט שפּאַסיק — אז דו ביסט שוין א סך עלטער.

— וואָס איז, אזוי אַלט זע איך שוין אויס?

— איך מעסט נישט די יאָרן פון א מענטש לויט דעם אויסזען פון פּנים, נאָר לויט זיין פאַרשטאַנד און אינטעליגענץ.

— איר שפּאַסט פון מיר. אָבער יאָ, דעם עיקר האָב איך גאָר פאַרגעסן. קען איך אפשר האָבן דעם כבוד צו וויסן אייער חשובן נאָמען און פון וואַנען איר קומט?

פּעטראָוו איז געבליבן אין פאַרלעגנהייט. צו זאָגן אים אז ער הייסט פּעטראָוו האָט ער נישט געוואָלט, עס קלינגט צו גויִש.

## מאיר קאראנא

באזונדערס, האט ער אליין זיך שוין באמיט פון דאזיקן נאמען פטור צו ווערן. ער האט שוין וועגן דעם אנגעגעבן פארמעל אין געריכט. ווידער זיך שוין פאררופן אויפן אמתן נאמען, חיים לייב גאַרדאָן, האט ער געטראכט, אז ס'איז נאך צו פרי זיך אויסצוגעבן. האט ער אויפן ארט צוגעקלערט א נאמען און געזאגט:

— איך היים דוד יאנאווסקי און איך קום פון פילאדעלפיע.

— און וואס איז אייער באשעפטיקונג, אויב איך מעג וויסן?

— איך בין א דאקטאר מעדיצין.

— איך האב אבער באלד דערקענט אין אייך, אז איר זענט א מאן פון אן אינטעלעגענטער פראפעסיע.

— זאג זשע מיר, מיין ליבער חיים לייב, — האט פעטראוו געזאגט טאקע מיט אמתער ליבשאפט — ווי אזוי האסטו דאס געקענט דערקענען אין מיר? איך האב דאך געקענט זיין א סוחר, אדער א פשוטער בעל מלאכה.

— ווייל איך האלט ווי קוהלת זאגט: „חכמת אדם תאיר פניו". דאס הייסט.

— ניין, חיים לייב, דו דארפסט מיר ברוך השם נישט פארטייטשן קיין פסוק און אויך נישט קיין מאמר חז"ל. איך וועל דיר נאר צוגעבן, וואס דער זוהר זאגט אין פרשת לך לך: „טופסא דלבך באנפך שכיח". דאס מיינט דאס זעלביקע, אז דעם מענטשנס אייגנטלעכער „איך" שפיגלט זיך אפ אין זיין פנים.

— אויב אזוי, זענט איר דאך ר' דוד פון אונדזער מענטשן. זעט איר אפ פון דעם זוהר האב איך גראד נישט געוווסט.

פעטראוו האט ארומגענומען דעם יינגל און אים געגעבן א קוש.

באלד דערנאך האט פעטראוו זיך געווענדעט צו אים:

— איצט, חיים לייב, וועל איך דיר עפעס פרעגן, איך זע דאך, אז דו ביסט א בר דעת, דו פארשטייסט אן ענין און מ'קען מיט דיר רעדן, ווייל איך הערן דיין מיינונג. אזוי ווי גאט האט אונדז געהאלפן, נאך צוויי טויזנט יאר גלות, זענען מיר, יידן, ווידער אויפגעריכט

# פאַרלוירענע וועגן

געוואָרן און מיר האָבן צוריק אונדזער אייגענע יידישע מלוכה. נאָך אַזוי פיל הונדערטער יאָרן פון צרות, רדיפות, פיין און ליידן וואָס אונדזער פאָלק האָט דורכגעמאַכט אין אַלע גלות־לענדער; באַזונדערס — אין די לעצטע שוידערלעכע יאָרן פון דער נאַצי־הערשאַפט, ווען זעקס מיליאָן יידן זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך אַלערליי גרויליקע מיתות משונות, האָט דער רבונו של עולם זיך מרחם געווען אויף אונדזער פאָלק און ווידער אויפגעשטעלט די „סוכת דוד הנופלת", אינם לאַנד פון אונדזערע אבות, האָב איך חשק אַוועקצופאָרן אַהין זיך באַזעצן. וואָס איז דיין מיינונג, זאָל איך עס טאָן?

— זאָגט מיר דעם אמת, ר' דוד, צי וועגן דעם זענט איר געקומען באַראָטן זיך מיט מיין פאָטער?

— האָסט געטראָפן, חיים לייב, טאַקע וועגן דעם בין איך געקומען.

— אויב אַזוי, טאָר איך שוין גאָרנישט זאָגן. כאָטש איך וואָלט געהאַט אַ סך וואָס צו זאָגן אייך וועגן דעם, צי דאָס איז טאַקע די יידישע מלוכה אויף וועלכער מיר האָבן געוואַרט און וואַרטן. אָבער, איר זענט דאָך אַ בן תורה, ווייסט איר דאָך אַז „המורה הלכה במקום רבו חייב מיתה". טאָר איך שוין דעריבער אייך גאָרנישט זאָגן. איר וועט זיך דורכרעדן מיט מיין פאָטער וועגן דעם.

פעטראָוו, הערנדיק דעם יינגלס רייד און דעם טאָן פון זיין רעדן וועגן מדינת ישראל, האָט זיך געטראַכט: „אין דעם יינגל טליעט אַ ניצוץ פון זיין זיידן, דעם פאַרביסענעם אַנטי־ציוניסט".

אינדעם איז אַריינגעקומען אַ פרוי מיט אַ מיידל. פעטראָוו האָט באַלד דערקענט זיין מומע שפרינצען. פונקט אַזוי שיין ווי זי איז געווען אַמאָל, אַ הויכע מיט אַ לענגלעך פנים, מיט ליכטיקע ברוינע אויגן און מיטן זעלביקן גוטמוטיקן שמייכל, פון וועלכן עס האָט אַרויסגעלויכטן אַ הייליקע מידת הרחמים. נישט מער וואָס די יאָרן און דאָס וואַנדערנדיקע דורכלעבן האָבן געלאָזט אָנגעזעענע שפורן אויף די ברוינע האָר און אויפן פנים. און דאָס מיידל — ווי צוויי טראָפן וואַסער ענדלעך צום יינגל, טאַקע ווי אַ צווילינג. אַ בלייכע, אַ מאָגערע, מיט אַ הויכן שטערן, מיט צוויי לאַנגע שוואַרצע צעפּ און מיט שוואַרצע פייערדיקע אויגן.

# מ א י ר ק אָ ר אָ נ אַ

פּעטראָוו מיט חיים ליבן האָבן זיך אויפגעשטעלט ביים אַריינ־קומען פון שפּרינצען מיט דער טאָכטער און חיים ליב האָט זיי פאַרגעשטעלט:

— מיין מוטער, מיין שוועסטער לאה און ר׳ דוד יאַנאָווסקי, אַ דאָקטאָר פון פילאַדעלפיע און אויך פון אונדזערע מענטשן, אַ בן־תורה און אַ קלוגער ייד. זיי זענען געקומען צום פאָטער דורכצושמועסן זיך וועגן אַ געוויסן ענין.

פּעטראָוו איז געבליבן ווי פאַרשטיינערט. ער האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון שפּרינצען און ער האָט געביסן די ליפּן, כדי מ׳זאָל נישט באַמערקן ווי זיי ליפּן ציטערן, און אין זיינע אויגן האָבן זיך געשטעלט טרערן. ספּאָנטאַן האָבן זיך ביי אים אַרויסגעכאַפּט די ווערטער:

— צי זענט איר נישט אַמאָל שפּרינצע, דעם יאַנאָווער רבס טאָכטער?

— יאָ, דאָס בין איך — האָט די פרוי געענטפערט גאַנץ רויק — אָבער פון וואַנען קענט איר מיך?

שיר, שיר האָט פּעטראָוו געוואָלט זיך געבן צו דערקענען, ווער ער איז. אָבער ער האָט זיך באַהערשט און געזאָגט:

— ווייל איך בין אויך אַ יאַנאָווער.

— איז ווער זשע זענט איר פון יאַנאָווע? אָבער פאַרוואָס שטייט איר, זיצט.

ווען אַלע האָבן זיך אַוועקגעזעצט האָט שפּרינצע נאָכאַמאָל געפרעגט:

— ווער זשע זענט איר פון יאַנאָווע?

— איך ווייס נישט צי איר וועט מיך געדענקען. עס זענען דאָך שוין דורכגעלאָפן אַזוי פיל יאָרן.

— איך געדענק זייער גוט יעדע קלייניקייט פון מיין שטעטעלע — האָט שפּרינצע געזאָגט — איך געדענק פון דאַמאָלסט זאַכן בעסער, איידער דאָס וואָס עס איז פאַרגעקומען דאָ מיט אַ יאָר צוריק. איך

# פאַרלוירענע וועגן

געדענק גאַנץ גענוי יעדן מענטש וואָס האָט געוווינט אין יאַנאָווע. איך געדענק אים מיט זיין כאַראַקטער, מיט זיינע תנועות און ניגונגען. איך וועל אייך זאָגן ווער איר זענט. איר מוזט זיין דעם מילנערס זון, ישראלקע, וואָס איז געווען מיין חיים לייבס ע"ה דער בעסטער חבר.

— נו, האָט איר נישט געטראָפן. איך ווייס נישט צי איר וועט מיך געדענקען. איך בין אויך געווען ישראלקעס א חבר און אויך חיים לייבס א חבר. און זאָגט מיר, פון חיים לייבן האָט איר טאַקע גאָרנישט געקריגן קיין ידיעות?

— וואָס פאַרא ידיעות, איך בעט אייך, קען מען קריגן פון יענער וועלט. וואָלטן מיר כאָטש געווען געוווסט וווּ זיין קבר געפינט זיך און בכלל, צי איז ער כאָטש געקומען צו קבר ישראל. אָבער, גיי האָב טענות צום בורא יתברך! וואָס פאַרשטייען מיר, זינדיקע מענטשן, און וואָס קענען מיר מתרעם זיין! און אַז איך ווייס נישט, צי מיין טאַטע, דער צדיק ז"ל, און צי מיין מאַמע ז"ל, די צדיקת, צי זיי זענען געקומען צו קבר ישראל.

— נו, קענען מיר האָבן טענה'ס צו גאָט ברוך הוא? מיר מוזן נאָך זאָגן, אַז ער איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט. עס איז נאָך גוט וואָס מיין שוועסטער, רבקה זאָל לעבן, האָט זיך באַצייטנס ארויסגעראַטעוועט קיין ארץ ישראל. איר האָט דאָך איר אוודאי געקענט. איז אַלזאָ, ווילט איר נישט זאָגן ווער איר זענט פון יאַנאָווע. מילא, אַז איר ווילט נישט דאַרף מען נישט.

— און פון אייער שוועסטער, רבקה — האָט פעטראָוו געפרעגט — דערהאַלט איר בריוו פון ארץ ישראל?

— יאָ, זי שרייבט אַמאָל, אָבער זייער זעלטן. וואָס קען מען דען פאַרלאַנגען פון אַן עלטערער פרוי. טײלמאָל בין איך איר מקנא, וואָס זי וווינט אין הייליקן לאַנד. נישט יעדער האָט געקענט האָבן די זכיה צו דעם. אָבער צוריק גערעדט, וועמענס כוח איז עס צו זיצן דאָרטן און פירן א שטענדיקע מלחמה מיט די ציונים, די אפיקורסים, וואָס ווילן דווקא אונדזער הייליק לאַנד מטמא מאַכן. און גראָד דאָרטן ווילן זיי עוקר מן השורש זיין יעדן פונק פון יידישקייט. און ווי אויף צו להכעיס האָט גראָד דאָרטן די סטרא אחרא אַזאַ שטאַרקן כוח.

# מ א י ר  ק אָ ר אָ נ אַ

איצט זע איך ווי גערעכט עס איז געווען מיין טאטע זכרונו לברכה, וואס האט אלע יארן געשריגן, אז אט די ציונים וועלן חרוב מאכן אלע יידישע הייליקייטן.

מיט א שטילן, בנעימותדיקן „גוטן אוונט" איז אריינגעקומען א מיטליאריקער מאן, א מאגערער, מיט א קרענקלעך־אויסגעבלייכט פנים, ווי עס וואלט אין דעם קיין טראפן בלוט נישט געווען, מיט א שווארץ שיטער בערדל און מיט א פאר ליכטיקע, שווארצע, תמימותדיקע, גוטמוטיקע אויגן. פון זיין גאנצער געשטאלט און פון יעדער האר פון זיין שווארצן בערדל האט אראפגעשיינט קדושת התורה און גייסטיקע הויכקייט. ווען א מאלער זאל וועלן אפמאלן א פארצייטיקן נביא וואלט ער קיין בעסערן מאדעל נישט געקענט האבן פאר זיך.

ביי זיין אריינקומען האבן זיך אלע אויפגעשטעלט און שפרינצע האט פארגעשטעלט:

— דאס איז מיין מאן ר' שמעון און אט דער ייד ווארט שוין לאנג אויף דיר. זיי דארפן מיט דיר רעדן. דער ייד איז א יאנאווער. זיי קענען אונדזער גאנצע משפחה, אבער זיי ווילן נישט זאגן, ווער זיי זענען פון יאנאווע.

— שלום עליכם א ייד, מיין נאמען איז שמעון זאלקינד און ווי איז אייער נאמען?

פעטראוו האט זיך געקווענקלט און נישט געוווסט וואס צו זאגן. ער האט קיין מוט נישט געהאט אט דעם דאזיקן הייליקן יידן צו זאגן א ליגנט, אבער ער האט קיין ברירה נישט געהאט, ער האט געמוזט אנהאלטן ווייטער זיין אויסגעטראכטן נאמען. האט ער, ווי פארשעמט, ארויסגעמורמלט:

— דוד יאנאווסקי.

דא איז פעטראוון צוהילף געקומען דער קליינער חיים לייב. ער האט געזאגט:

— ר' דוד קומט פון פילאדעלפיע, זיי זענען א דאקטאר מעדיצין און אויך א בן תורה.

# פאַרלוירענע וועגן

פעטראַוו האָט דעם יינגל געגעבן אַ קנופּ אין בעקל און צו אים געזאָגט:

— דאַכט מיר, אַז דו, חיים לייב, קענסט מער לערנען איידער אַזעלכע צען ווי איך.

האָט ר׳ שמעון זיך אָנגערופן צום זון, און געוואָלט דערמיט געבן דעם גאַסט גוט צו פילן:

— נו, אַז דו, מיין זון, זאָגסט ווייסטו וואָס דו זאָגסט.

און גלייך האָט ר׳ שמעון זיך געווענדעט צו שפרינצען:

— ווייסטו וואָס, שפרינצע מיין ווייב, וואָס איך וועל דיר פאַרלייגן. לאָמיר פאַרבעטן ר׳ דודן צו עסן מיט אונדז וועטשערע און ביים טיש וועלן מיר שמועסן. אָדער אפשר דאַרפט איר, ר׳ דוד, רעדן מיט מיר אַ סוד, וועלן מיר דאָס רעדן נאָכן עסן.

— פאַרקערט, ר׳ שמעון, דאָס וואָס איך וויל מיט אייך רעדן, וואָלט איך בפירוש וועלן רעדן אין דער קעגנוואַרט פון אייער גאַנצער פאַמיליע, זאָל געזונט זיין. אייער חיים לייב איז קיין עין הרע אַ פולשטענדיקער בר דעת און ס׳איז אַ נחת מיט אים צו רעדן. און איך גלייב, אַז אייער טאָכטער איז אויך אַזוי. אייער פאַרבעטן מיך צו עסן מיט אייך וועטשערע נעם איך אָן מיט פאַרגעניגן. עס איז אַ גרויסער כבוד פאַר מיר.

— האָסטו שוין געדאַוונט מעריב, חיים לייב? — האָט ר׳ שמעון געפרעגט — און איר ר׳ דוד?

— ניין טאַטע — האָט חיים לייב געענטפערט — איך האָב נאָך נישט געדאַוונט. איך בין געווען פאַרנומען מיט דער מצווה פון הכנסת אורחים, בפרט פון אַזאַ חשובן גאַסט ווי ר׳ דוד, מיט וועמען איך האָב באמת הנאה געהאַט צו שמועסן אין דברי תורה.

— נו — האָט ר׳ שמעון געזאָגט — וועט איר דאַוונען מעריב. דערווייל וועט מען גרייטן צום טיש און איך וועל אינצווישן מעיין זיין אין אַ ספר.

אין דער צייט וואָס שפרינצע האָט געגרייט צום טיש, האָט זי געהאַלטן אין איין טראַכטן, ווער עס קען זיין אָט דער דוד פון

יאַנאָווע. זי האָט דורכגעוואָרפן אין געדאַנק אַלע מענטשן, וואָס האָבן געוווינט אין יאַנאָווע, פריער און שפּעטער, אָבער זי האָט, פון אַזאַ פאַמיליע יאַנאָווסקי, זיך נישט געקענט דערמאָנען. אָבער פאַרוואָס וויל ער נישט זאָגן, ווער ער איז פון יאַנאָווע? וואָס פאַרא סוד קען דאָ שטעקן דערביי?

אינמיטן איז שפּרינצען איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז דער דוד ווייסט עפּעס פון חיים ליבן און ער איז געקומען צו זיי ספּעציעל, כדי מגלה צו זיין דעם סוד. אָבער באַלד האָט זי אַליין אויסגעלאַכט דעם דאָזיקן געדאַנק, אַלס אַן אַבסורד. אָבער עפּעס, האָט זי געטראַכט, איז דאָך פאָרט פאַראַן אין דעם. דאָס האַרץ האָט איר געזאָגט, אַז זיין גאַנץ קומען צו זיי האָט אַ געוויסע שייכות מיט חיים ליבן. ער האָט געזאָגט, אַז ער איז געווען חיים ליבס אַ חבר, כאָטש זי געדענקט נישט אַזעלכן. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט, צי עס איז נישט געקומען פון חיים ליבן קיין שום ידיעה, כאָטש די גאַנצע וועלט ווייסט, אַז חיים ליב איז אומגעקומען. עפּעס שטעקט אין דעם!

ביים עסן האָט שפּרינצע נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון פּעטראָוון. ערשט דאָ האָט זי דערזען, אַז ער האָט אַ בראָדעווקע ביים לינקן אויג, פּונקט ווי חיים ליב האָט געהאַט. אויף אַ מאָמענט איז איר אַדורך אַ סקרוך איבערן לייב און אַ מאָדנער משונהדיקער געדאַנק איז איר דורכגעפלויגן אין קאָפּ, „אפשר איז ער עס גאָר אַליין". אָבער באַלד האָט דער קלאָרער פאַרשטאַנד איר דיקטירט, אַז זי טאָר גאָר אַזוי נישט טראַכטן. „מאַלע וואָס אַ מענטש האָט אַזאַ בראָדעווקע פּונקט ביים לינקן אויג, צי דען ווייניק מענטשן אויף דער וועלט האָבן אַזעלכע בראָדעווקעס. וואָס פאַר אַ שייכות קען דען דאָס האָבן מיטן אומגעקומענעם חיים ליבן?!"

פּעטראָוו האָט זיך געשפּירט אומהיימלעך פון שפּרינצעס שאַרפע בליקן, וואָס ער האָט געפילט אויף זיך. אים האָט אויסגעוויזן, אַז שפּרינצע האָט אַ פאַרדאַכט אויף אים, אַז ער איז עס. דעריבער האָט ער באַשלאָסן נישט צו פאַרציען לאַנג די געשיכטע און ער זאָל באַלד אַרויס מיט אָפענע דיבורים, וועלכע זאָלן לאַנגזאַם צוגרייטן, אַרויסצוברענגען דעם אמת. און ער האָט געזאָגט:

— מיינע פריינד, ווייסט איר נאָך וואָס איך בין געקומען צו אייך? איך בין געקומען פאַרבעטן אייך אויף דער חתונה פון מיין

## · פאַרלוירענע וועגן

זון. מיט עטלעכע וואָכן צוריק בין איך געפאָרן קיין מעקסיקע צוזאַמען מיט אייער חבר, ר' זלמן שטיינבערג. פון אים האָב איך זיך דערוווסט, אַז איר, שפּרינצע, יאַנאָווער רבס טאָכטער, וועמען איך געדענק נאָך ווי אַ קליין מיידעלע, וווינט אין ניו־יאָרק. בין איך ספּעציעל געקומען צו אייך, צו פאַרבעטן אויף דער חתונה פון מיין איינציקן זון. ער איז אַ חתן געוואָרן אין מעקסיקע. מיר,ביידע מחותנים, האָבן באַשטימט צו מאַכן די חתונה אין ירושלים. וועל איך אייך אויסהאַלטן מיט אַלע הוצאות, הין און צוריק, אַבי איר זאָלט זיין אויף מיין זונס חתונה.

— חשובער פריינד, — האָט שפּרינצע זיך אָנגערופן מיט אַ נערוועזער אומרויקייט — דערלויבט מיר צו שטעלן אייך עטלעכע פראַגעס: ערשטנס, איר וווינט אין די פאַרייניקטע שטאַטן, אייער מחותן וווינט אין מעקסיקע, פאַרוואָס מאַכט איר עפּעס די חתונה אין ירושלים? צווייטנס, איר האָט דאָ אַ סך יאַנאָווער לאַנדסלייט, פאַרוואָס האָט איר אויסגעקליבן פּונקט מיך צו פאַרבעטן אויף דער חתונה און איר ווילט נאָך דעקן אַלע הוצאות אַבי איך זאָל פאָרן אויף דער חתונה? דריטנס, פאַרוואָס ווילט איר נישט זאָגן, ווער איר זענט פון יאַנאָוועּ? איר בעט מיך אויף אייערס אַ שמחה און איר ווילט נישט זאָגן ווער איר זענט! מיר דאַכט, איר זאָלט קיין פאַריבל נישט האָבן, אַז דער נאָמען, דוד יאַנאָווסקי, וואָס איר האָט אָנגעגעבן, איז אַ צוגעטראַכטער. זאָגט דעם אמת, ווער זענט איר?

— איך וועל אייך ענטפערן על ראשון — ראשון ועל אחרון — אחרון — האָט פּעטראָוו לאַנגזאַם געצויגן די ווערטער מיט אַ ציטערנדיקער שטים — נאָר איין זאַך וועל איך בעטן, האַלט אייך רויק, זייט נישט נערוועיש און רעגט אייך נישט אויף. איך וועל אייך אַלץ דערקלערן. טאַקע צוליב אָט דער אויפקלערונג בין איך געקומען צו אייך.

פּעטראָוו האָט זיך פאַרטראַכט אויף אַ ווייל, ווי ער זאָל זוכן די פּאַסיקע ווערטער, מיט וועלכע ער זאָל קענען אַרויסזאָגן קלאָר און דייטלעך דאָס, וואָס עס געוואָלט אַרויסברעננגען. דערווייל זענען אַלע ביים טיש, איבערהויפּט שפּרינצע, געזעסן געשפּאַנט און געוואַרט מיט אומגעדולד, צו הערן וואָס אָט דער פרעמדער מאַן וויל פון זיי האָבן.

# מאיר קאראנא

פּעטראָוו האָט זיך אָנגענומען מיט מוט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און, ווי ציילנדיק די ווערטער, האָט ער געזאָגט:

— איך מאַך די חתונה אין ירושלים, ווייל דאָרט וווינט מיין אַלטע מאַמע, זאָל געזונט זיין, וויל איך אַז זי זאָל זיין אויף דער חתונה פון איר איינציקן אייניקל. איך בעט שפּרינצען אויף דער חתונה, ווייל זי איז מיין איינציקע קרובה וואָס איך פאַרמאָג. ווער איך בין? ווי איך הייס? איך הייס חיים לייב גאָרדאָן, דעם יאַנאָווער רבס, ר' שלמה קאַצענעלענבויגנס אייניקל, ר' גרשון גאָרדאָנס זון, און דו, שפּרינצע, ביסט מיין מומע, מיין מאַמע רבקהס שוועסטער.

אַלע ביים טיש זענען געבליבן זיצן מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם, ווי זיי זאָלן פּלוצלינג אַרומגענומען ווערן מיט איין גרויסן מיסטעריעזן פּחד. שפּרינצע האָט זיך אויפגעשטעלט און אַ פּאָר אויסגעשטאַרצטע אויגן, פול מיט שרעק, זענען אָנגעשפּיצט געוואָרן אויף אָט דעם פרעמדן מאַן, וואָס האָט נאָרוואָס אַרויסגעזאָגט אַזעלכע אומגלויבלעכע, אויסטערלישע שרעק־ווערטער, זי האָט אינגאַנצן געציטערט, דעם אָטעם האָט זיך איר פאַרהאַקט, אין האַלדז איז איר עפּעס געבליבן שטעקן און זי געשטיקט, און זי האָט קיין וואָרט נישט געקענט אַרויסברענגען. פּלוצלינג האָט זי אַ היסטערישן געשריי געגעבן:

— ניין, ס'איז נישט אמת! איר זענט נישט חיים לייב גאָרדאָן! ס'איז אַ ליגנט!

— איך פאַרשטיי דיך שפּרינצע — האָט חיים לייב, קוקנדיק אויף שפּרינצעס צעשראָקענעם פּנים, געזאָגט מיט אַ זיך־בעטנדיקער און וויינענדיקער שטים — דיר איז שווער צו גלייבן, אַז דו זעסט פאַר זיך חיים לייבן אַ לעבעדיקן, נאָך יאָרן לאַנג ווי דו ביסט אַרומגענומען געווען מיט געדאַנק, אַז איך בין שוין אויפן עולם האמת. אָבער איך וועל דיר אָנגעבן סימנים, וואָס וועלן דיר איבערצייגן, אַז איך, חיים לייב גאָרדאָן, רבקהס זון, שטיי פאַר דיר אַ לעבעדיקער. קוק זיך גוט איין אין מיין פּנים, אין יעדן צייכן אויף מיין פּנים, וועסטו מיך דערקענען. איך וועל דיר דערמאָנען נאָך אַ סימן: אַמאָל אין יאַנאָווע האָב איך דיך מיטגענומען אין דאָרף אַריין צו מיין חבר ישראלקען, דעם מילנערס זון, האָסטו דערנאָך מיך פאַרמסרט פאַר מיין מאַמען,

## פאַרלוירענע וועגן

רעדן האָסטו נישט געקענט, האָסטו דאָס אויפגעשריבן אויף פּאַפּיר, אַז איך האָב דאָרטן, אין דאָרף, געגעבן אַ מיידל אַ קוש. מיין גוטע מאַמע, זאָל געזונט זיין, האָט אויף דיר אָנגעשריגן דערפאַר. זי האָט דיר געזאָגט, אַז מסרן איז אַ מיאוסע מידה. געדענקסטו דאָס? אגב וועל איך דיר זאָגן, אַז אָט יענע מיידל איז היינט מיין מחותנתטע. נאָך אַ סימן וועל איך דיר געבן: איידער איך בין דאָס לעצטע מאָל אוועק פון זיידנס הויז, ווען דער זיידע האָט מיר אָראָפּגעלאָזט צוויי פּייערדיקע פּעטש, האָסטו פון אויפרעגונג צעבראָכן אַ טעלער אין קיך, ווייל דו האָסט מיך זייער ליב געהאַט און דו האָסט נישט געקענט צוזען מיין צער. געדענקסטו דאָס? און נאָך אַ סימן — איידער איך בין צום לעצטן מאָל אוועק פון שטוב האָסטו אויסגעטאָן פון זיך אַ לעדערן בייטעלע מיט אַ קמיע, וואָס דיין מאַמע האָט דיר אָנגעטאָן, אַלס אַ שמירה, האָסט דאָס מיר געגעבן און דו האָסט אָנגעשריבן אויף פּאַפּיר: „דו זאָלסט שטענדיק דאָס טראָגן מיט זיך, דאָס וועט דיר זיין אַ שמירה, עס וועט דיך אָפּהיטן פון אַלדאָס שלעכטס". אָט האָסטו דאָס בייטעלע דיינס, צוזאַמען מיט דיין צוגעשריבענעם פּאַפּיר. איך האָב עס טאַקע שטענדיק געטראָגן מיט זיך און אפשר איז דאָס טאַקע געווען מיר אַ שמירה אין פאַרשידענע שווערע צייטן.

דערביי האָט חיים לייב אַוועקגעלייגט דאָס קמיע-בייטעלע אויפן טיש צוזאַמען מיטן צוגעשריבענעם פּאַפּיר.

שפּרינצע, ווי זי האָט אויסגעהערט די אַלע אָנגעגעבענע סימנים, האָט האַסטיק זיך אַוועקגעזעצט, האָט אַנידערגעלייגט דעם קאָפּ אויפן טיש און שטאַרק זיך צעוויינט. אַזוי וויינענדיק און העשענדיק האָט זי גערעדט ווי צו זיך אַליין:

— זיי מיר מוחל חיים לייב, מיין טייערער חיים לייב, פאַרוואָס איך האָב געצווייפלט אין דיר. עס איז מיר שווער געווען זיך פאָרצושטעלן, אַז איך זע דיך אין דערווירקלעכקייט פאַר מיינע אויגן.

און זי איז שנעל אַרויסגעלאָפן פון צימער.

ווען שפּרינצע איז אַרויסגעגאַנגען איז חיים לייב צו צו ר' שמעונען, אים געדריקט די האַנט און געזאָגט:

— איצט לאָמיר אייך באַגריסן, ר' שמעון, ווי אַ פעטער. איך פיל זיך גליקלעך, וואָס אַזאַ טייערער ייד איז מיין פעטער.

— וואָס הייסט אַזעלעכס „אַ טייערער ייד״, — האָט ר׳ שמעון געזאָגט מיט אויפריכטיקער עניוות — יעדער ייד, אויב נאָר ער איז אַ ייד, איז שוין ממילא אַ טייערער ייד. ווען דער רבונו של עולם האָט געזאָגט „והייתם לי עם סגולה״ איר וועט מיר זיין אַ טייער פאָלק, האָט כביכול געמיינט יעדן יידן באַזונדער, דעם למדן אַזוי גוט ווי דעם טרעגער, דעם פשוטן ייד אַזוי גוט ווי דעם רב. יעדער ייד איז ביי דעם בורא עולם טייער, אויב נאָר ער איז אַ ייד.

באַלד איז דער גרויסער חיים ליב צו צום יינגל חיים לייב, האָט אים אַרומגענומען, אים געקושט און געזאָגט:

— נו חיים ליב, געפעלט איך דיר פאַר אַ קוזין?

אויף דעם האָט דאָס יינגל געענטפערט:

— נאָך פריער, איידער כ׳האָב געוווּסט ווער איר זענט, זענט איר מיר געפעלן געוואָרן. און כ׳וועל אייך זאָגן דעם אמת, באַלד אין אָנהייב, ווען מיר האָבן גענומען שמועסן און איר האָט מיר געגעבן אַ קוש, האָב איך געפילט, אַז דער קוש קומט פון אַן אייגענעם, פון אַ נאָענטן קרוב. איך האָב אייך גאַרנישט געוואָלט פרעגן וועגן דעם, איך האָב געוואָרט, אַז מסתמא וועט איר דאָס אַליין אויפדעקן. בין איך זייער צופרידן וואָס איר האָט זיך געגעבן צו דערקענען. עס איז פאַר מיר אַ פרייד, וואָס איר זענט מיינער אַ קוזין.

חיים לייב האָט צוגעדריקט דעם יינגל צו זיך און אויסגערופן:

— עס איז פאַר מיר אויך אַ פרייד וואָס איך האָב פאַר אַ קוזין אַזאַ קלוגן און פאַרשטאַנדיקן בחור ווי דו ביסט!

— און דו, לאהלע, — האָט חיים לייב אַרומגענומען דעם מיידל און געקושט — האָסטו ליב דיין ניי־געפונענעם קוזין?

— מיין טאַטע זאָל געזונט זיין — האָט דאָס מיידל געענטפערט דרייסט — האָט מיר געלערנט, אַז מ׳דאַרף יעדן ייד ליב האָבן, בפרט ווען איר זענט מיין זיידנס ר׳ שלמהלעס ז״ל אַן אייניקל, האָב איך אייך הונדערטפאַכיק ליב.

— איר הערט, ר׳ שמעון, — האָט חיים לייב זיך געווענדעט צום פאָטער — אייערע קינדער, זאָלן געזונט זיין, זענען חכמים, אַן

עין הרע. מ׳קען דאָך מיט זיי שמועסן, ווי מיט דערוואַקסענע און געזעצטע מענטשן. צוויי זאַכן זעט מען אין זיי: איינס — די גוטע, איידעלע, און פיינע דערציונג וואָס זיי האָבן ביי אייך באַקומען. און — דער דורותדיקער, רבנישער, לומדישער און קלוגשאַפט יחוס שיינט פון זיי אַרויס אין אַלע הינזיכטן.

שפּרינצע איז צוריק אַריינגעקומען אַ באַרויקטע, מיט אַ פריידיק גוטמוטיק פּנים און מיט צעשטראַלטע אויגן. פון איר פריערדיקן היסטערישן וויינען איז שוין קיין שפּור נישט געבליבן. חיים ליב איז שפּרינצען אַנטקעגן געגאַנגען. ער האָט זי אַרומגענומען, פאָטערלעך געגעבן איר אַ קוש אין שטערן און אַן אויפגעהייטערטער האָט ער, מיט צערטלעכער ליבשאַפט, איר געפרעגט:

— נו מומע שפּרינצע, ועסטו פאָרן אויף מיין זונס חתונה?

— אם ירצה השם, בלי נדר. — איז געקומען שפּרינצעס זיכערער ענטפער — איך טראַכט, אַז נאָר אין זכות פון מיינע הייליקע עלטערן, זאָלן רוען אין גן־עדן, האָב איך זוכה געווען דאָס צו דערלעבן. און איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, מיין טייערער חיים ליב, אַז אינערלעך געפיל האָט מיר אַלע יאָרן אונטערגעזאָגט, אַז דו לעבסט. וואָרן אַ כּלל האָבן מיר, אַז אַ טויטער מוז פאַרגעסן ווערן, אָבער אין דיר האָב איך קיינמאָל נישט געקענט פאַרגעסן. איך האָב אין דיר שטענדיק געדענקט און פון דיר געטראַכט.

ווען אַלע האָבן זיך ווידער געזעצט צום טיש האָט שפּרינצע געפרעגט:

— זאָג זשע מיר, חיים ליב טייערער, וווּ זשע ביסטו געווען אַלע יאָרן, וווהין ביסטו פאַרפאַלן געוואָרן און נישט געלאָזט פון זיך הערן?

— איך וועל עס מאַכן בקיצור — האָט חיים ליב געענטפערט — מיט מיר איז אַ גרויסער אומגליק געשען. איך אַליין האָב שוין נישט געגלייבט, אַז איך וועל נאָך ווידער לעבן און אַז מיר וועלן זיך נאָך אַמאָל זען. ביי אַ צווייטער געלעגנהייט וועל איך דיר אַלץ געענוי דערציילן, מיט אַלע פּרטים. דערנאָך בין איך אַוועק קיין אַמעריקע און כ׳האָב שוין דאַמאָלסט פאַרלוירן יעדן פאַרבינדונגס פאָדים מיט מיינע אייגענע. נאָר דורך אַ נס, וואָס צופעליק האָב איך

## מאיר קאַראַנאַ

זיך געטראָפן מיט אייער פריינד, ר׳ זלמן שטיינבערג, האָב איך זיך פון אים דערוווּסט, וועגן מיין מאַמען, זאָל געזונט זיין, און וועגן דיר, שפּרינצע, מיט דיין פאַמיליע. אַזוי אַרום האָב איך אייך אָפּגעזוכט. איך האָף, אַז מיר וועלן נאָך, מיט גאָטס הילף, האָבן נחת איינער פון אַנדערן. און איך האָף, אַז אַזוי וועל איך, אם ירצה השם, מיין מאַמען געפינען געזונטערהייט און אויף די עלטערע יאָרן איר פאַרשאַפן אביסל פרייד.

ר׳ שמעון האָט געהאַלטן אין האַנט דאָס בייטעלע מיט דער קמיע, וואָס חיים ליב האָט אַוועקגעלייגט אויפן טיש, ער האָט עס באַטאַפּט, באַטראַכט פון אַלע זייטן און ווידער באַטראַכט. ער האָט זיך געשפּילט דערמיט ווי אַ קינד שפּילט זיך מיט אַ באַליבט שפּילצייג. אינדעם האָט ער אַ פרעג געגעבן:

— ווער אייגנטלעך האָט אָנגעשריבן די קמיע, וואָס ליגט דאָ אין בייטעלע?

— די קמיע האָט אָנגעשריבן מיין טאַטע זכרונו לברכה — האָט שפּרינצע געענטפערט — און מיין מאַמע זכרונה לברכה האָט די קמיע איינגענייט אינם דאָזיקן בייטעלע און מיר אָנגעטאָן, ווען איך בין נאָך אַ קליין קינד געווען.

— איז צו וועמען געהערט דאָס איצט? — האָט ר׳ שמעון געפרעגט.

— וואָס הייסט צו וועמען! — האָט חיים ליב זיך אָנגערופן — שפּרינצע האָט דאָס מיר געשענקט. געהערט דאָס צו דעם, צו וועמען די מתנה איז געגעבן געוואָרן. אפילו ווען דאָס וואָלט געווען אַ „מתנה על מנת להחזיר” האָב איך דאָס שוין קונה געווען מיט יאוש בעלים. ווי זאָגסטו חיים ליב? — האָט ער זיך געווענדעט צום יינגל, זיין קוזין.

— אויב דער טאַטע וועט מיר דערלויבן וועל איך זאָגן.

— יאָ, דו קענסט זאָגן — האָט ר׳ שמעון געענטפערט — איך אַליין וויל אויך הערן דיין מיינונג.

— ערשטנס, ווייסן מיר — האָט דאָס יינגל אָנגעהויבן צו דערקלערן מיט אַ לומדישן ניגון — אַז יאוש בכדי לא קני, אַז מיט

# פאַרלוירענע וועגן

יאוש בעלים אליין קען מען נאָך קיין זאַך נישט קונה זיין. אָבער דאָ איז די פראַגע לגמרי אַן אַנדערע. דאָס איז טאַקע געווען, לאָמיר זאָגן א „מתנה שלא על מנת להחזיר". א מתנה אויף שטענדיק, נישט אויף צוריק אומצוקערן. איז אָבער די פראַגע, צי האָט מיין מאַמע, ווען זי איז נאָך געווען א קליין קינד, געהאַט רעכט דאָס אוועק צו שענקען. מיר ווייסן דאָך, אַז „אין אדם מקנה דבר שאינו שלו". א מענטש קען נישט איבערגעבן א צווייטן א זאַך וואָס איז נישט זיינס. האָט דאָך א קינד, וואָס האָט נאָכנישט קיין שום אייגנטום־רעכט, אוודאי נישט געקענט אוועקשענקען דאָס, וואָס איז נישט געווען אירס.

— אָבער, שוין גענוג געפּילפּולט זיך — האָט זיך שפּרינצע אריינגעמישט — אָבער היינט איז עס שוין מיינס, א ירושה, שענק איך עס נאָכאַמאָל אוועק צו מיין ליבן פּלימעניק און זאָל ער עס ניצן געזונטערהייט.

— זיי מיר מוחל, מאַמע, — האָט ווידער דאָס יינגל גענומען א וואָרט — עס איז פאַראַן א דין „כל מה שקנתה אשה קנה בעלה", איז אַלץ וואָס דו פאַרמאָגסט געהערט צו דיין מאַן. אויב אַזוי דאַרף דאָך דער טאַטע איצט אויך מסכים זיין.

ר' שמעון האָט זיך צעשמייכלט מיט צופרידנהייט פון יינגלס לומדישער איינשטעלונג און ער האָט זיך אָנגערופן:

— גוט, גוט, איך בין מסכים. און דיר, חיים לייב, וויל איך זאָגן — האָט ער זיך געווענדעט צום יינגל — עס איז נאָכנישט אַזוי אינגאַנצן ריכטיק, וואָס דו האָסט געזאָגט, סיי וועגן „יאוש בעלים" און סיי וועגן „מה שקנתה אשה קנה בעלה". מיר וועלן נאָך שמועסן וועגן דעם אַן אַנדערש מאָל.

דאָ האָט ר' שמעון זיך געווענדעט צום גרויסן חיים לייבן:

— איצט דערלויבט מיר, ר' חיים לייב, צו עפענען דאָס בייטעלע. מיר אינטערעסירט זייער צו זען די קמיע, וואָס מיין שווער, דער גאון און צדיק ר' שלמה קאַצענעלענבויגן ז"ל, האָט אָנגעשריבן.

מען האָט געעפנט דאָס בייטעלע און אַרויסגענומען פון דאָרט א פּאַרמעט, ווו ס'איז געווען אָנגעשריבן, מיט ספר־תורה־כתב, די ווערטער פון ישעיה קאַפּיטל מ"ג:

# מאיר קאָראָנאַ

„כי תעבור במים אתך אני ובנהרות לא ישטפוך",

„כי תלך במו אש לא תכוה ולהבה לא תבער בך",

„כי אני ה' אלוהיך, קדוש ישראל מושיעך".

אויף יידיש מיינט דאָס אַזוי: אַז דו וועסט אַדורך אין וואַסער בין איך מיט דיר און אין טייכן וועסטו נישט אומגעבראַכט ווערן. אַז דו וועסט גיין אין פייער וועסטו נישט אָפּגעבריט ווערן און אַ פלאַם וועט דיך נישט פאַרברענען, ווייל איך, גאָט דיין גאָט, דער יידישער פירער, בין דיין העלפער.

חיים לייב גאָרדאָן־פּעטראָוו האָט געהאַלטן אין איין קושן דעם פאַרמעט און ער האָט זיך צעוויינט ווי אַ קינד.

## חתן-כלה און מחותנים אויפן וועג קיין ישראל

די מחותנים, קיזעלשטיין און פעטראָוו, האָבן פריער געהאַט באַשטימט, אַז אויף די ימים נוראים זאָלן זיי שוין זיין אין ארץ ישראל. עס האָט אָבער גענומען אַ לאַנגע צייט, אַ סך לענגער ווי מ'האָט אויסגערעכנט, ביז עס זענען ,פאָרמעל־געריכטלעך, דערלידיקט געוואָרן די אַלע דאָקומענטן מיט דער נעמען־ענדערונג פון דער פאַמיליע פעטראָוו אויף גאָרדאָן און ביז וואַנען עס איז אינגאַנצן פאַרקויפט און ליקווידירט געוואָרן דאָס פאַרמעגן־אייגנטום פון פראָפעסאָר פעטראָוו אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

דערווייל, אין דער דאָזיקער פאַרלענגערטער צייט, האָט דער חתן, אינזשעניר גרשון גאָרדאָן, (דער פריערדיקער דזשאָרזש פעטראָוו) שטאַרק געאַרבעט אויף זיך, צו דערלערנען די העברעישע שפּראַך און ערנסט צו גרייטן זיך אויף בויען זיין צוקונפט אינם נייעם לעבן, אין ישראל.

אַזוי האָט זיך עס פאַרצויגן ביז ערשט אין נאָוועמבער־חשוון, ווען די קיזעלשטיינס, די גאָרדאָנס און שפרה זאַלקינד, זענען אויפגעזעסן אויף דער שיף, וואָס גייט פון ניו יאָרק ביז פראַנקרייך.

דעם צווייטן טאָג אויף דער שיף איז צום כשרן טיש, וווּ חתן־כלה און מחותנים האָבן נאָרוואָס געהאַט געענדיקט עסן, צוגעקומען אַ מאַן פון מיטעלן וווּקס, מיט אַ געדיכטן קאָפּ ווייסע האָר און מיט אַ יונג ברונעט געזיכט; מיט גרויסע, שוואַרצע, גוטמוטיקע אויגן און

## מ א י ר   ק אָ ר אָ נ אָ

מיט א ליבן שמייכל אויף די ליפּן. אויף זיין גאַנצן וועזן איז געלעגן א פלעגמאַטישע געלאַסנקייט און א סטאָאישע רויקייט. זיין אויסזען האָט געוויזן, אַז ער איז פון די טיפּן מענטשן, וואָס איילן זיך נישט קיינמאָל, וואָס ווערן נישט נתפעל פון קיין זאַך נישט, און קיין זאַך איז נישט אומשטאַנד זיי אויפצורעגן.

ער איז צוגעקומען, העפלעך זיך פאַרנויגט, האָט געבעטן אַנטשולדיקונג פאַר באַלעסטיקן, ער האָט זיך פאָרגעשטעלט מיטן נאָמען, שמואל גאַלין, און ער האָט געבעטן, צי מ'וואָלט אים דערלויבט, אין דער צייט פון דער רייזע, צו זיצן מיט זיי צוזאַמען ביים כשרן טיש, ווייל ער קען נישט פאַרטראָגן זייערע גוייִשקע מאכלים.

באַלד ווי די כלה, פנינה (די פריערדיקע פּערלאַ) קיזעלשטיין, האָט דערהערט דעם נאָמען, שמואל גאַלין, איז זי צוגעקומען צו אים און געפרעגט:

— צי זענט איר נישט אַמאָל דער העברעישער שרייבער ש. גאַלין?

— יאָ, איך בין דאָס דער זעלביקער. עס פרייט מיך זייער וואָס מיין נאָמען איז אייך באַקענט. דאָס איז א באַווייז, אַז איר לייענט העברעיש.

— איך האָב שטאַרק הנאה פון אייערע דערציילונגען — האָט פנינה געזאָגט גאַוהדיק — אייער לעצטע דערציילונג „ביניהם", וואָס איז געווען געדרוקט אין זשורנאַל „דורון", האָב איך עטלעכע מאָל געלייענט. עס איז א פּרעכטיקע דערציילונג.

— אויב יאָ אַזוי, וויל איך האָבן דעם כבוד צו וויסן דעם נאָמען פון מיין גוטער לייענערין.

— מיט פאַרגעניגן. איך הייס פנינה קיזעלשטיין.

— אייער פּנים, פריילין קיזעלשטיין, זעט מיר אויס זייער שטאַרק באַקענט. צי האָבן מיר זיך שוין נישט אַמאָל ערגעץ געטראָפן?

— איך ווייס נישט. מיר וווינען אין מעקסיקע. עטלעכע יאָר האָב איך געלערנט מאָלעריי אין א קונסט־אַקאַדעמיע אין ניו יאָרק.

# פאַרלוירענע וועגן

אפשר האָט איר מיך ערגעץ געזען. אָבער איך געדענקט נישט, אז איך זאָל אייך האָבן ערגעץ געזען אמאָל.

באַלד, ווי נאָר שמואל גאָלין איז צוגעקומען צום טיש, האָט בערטאַ אים מאָמענטאַל דערקענט. זיין פּנים האָט זיך לגמרי גאָרנישט געענדערט פון נאָווימינסק אָן. בערטאַ האָט אויף אים געקוקט און געשטיקט אין זיך אַ געלעכטער. זי האָט זיך דערמאָנט, ווי מ׳פלעגט אים רופן „שמואל קריכער" און עס זענען איר געקומען אויפן געדאַנק די אַלע שטיפערישע שפּיצלעך וואָס מ׳פלעגט אים אָפּטאָן, כדי אים צו מאַכן בייז, אָבער אים פלעגט עס נישט אָנגעהויבן צו אָרן. ער פלעגט זיך אָנגיין מיט זיין ליבן שמייכל און מיט זיין באַזאָכטער רויקייט, אַזוי ווי קיינמאָל גאָרנישט. ער, שמואל קריכער, פלעגט אַלעמען ארויסברענגען פון געדולד מיט זיין פלעגמאַטישער געלאַסנקייט, אָבער קיינער פלעגט אים נישט קענען אַרויסברענגען פון געדולד, נישט געקוקט אויף די אַלע שפּיצלעך וואָס מ׳פלעגט אים אונטערפירן.

ווען בערטאַ האָט געהערט ווי שמואל גאָלין האָט געזאָגט פּנינהן, אַז איר פּנים איז אים גוט באַקענט, איז זי צו אים צוגעקומען, האָט צו אים אויסגעשטרעקט אַ האַנט און ענטוזיאַסטיש אויסגערופן:

— שמואל טשעכאַנאָווער. דו האָסט פאַרבלאָנדזשעט אויף אַ פינף און דרייסיק יאָר. דאָס מיינסטו מיך, וועמענס פּנים עס איז דיר גוט באַקענט, נאָך פון נאָווימינסק. מיין טאָכטער איז זייער ענלעך צו מיר, דעריבער האָט זי דיר פאַרפירט אין אַ טעות.

שמואל גאָלין, פּונקט ווי ער זאָל נישט האָבן געזען ברכהן, אין נאָווימינסק, ערשט עטלעכע וואָכן אינגאַנצן, האָט ער, מיט זיין געוויינלעכער רויקייט, געפרעגט:

— איז וואָס זשע מאַכסטו ברכה? וווּ וווינסטו? און וווהין פאָרסטו איצט?

— מיר וווינען אין מעקסיקע און איצט פאָרן מיר קיין ארץ ישראל חתונה מאַכן אונדזער מיזינקע, אָט אַ דער אויף וועמען דו האָסט מיך פאַרביטן.

— אויב אַזוי, איז דאָס דאָך באמת גוט. איך פאָר אויך קיין ישראל, וועל איך דאָך האָבן אַ היימישע חתונה.

# מ א י ר   ק אָ ר אָ נ אַ

מיטאַמאָל האָט שמואל זיך דערמאָנט צו פרעגן וועגן אַן ענין, וואָס זאָל האָבן, אַ שטייגער „אָט נאָרוואָס נעכטן פּאָרגעקומען".

— וואָס זשע איז געוואָרן, ברכה? דו ביסט דאָך געפאָרן זוכן דיין חתן, חיים ליבן. נו, האָסטו אים געפונען?

— אוודאי האָב איך אים געפונען — האָט בערטאַ אויסגעשריגן מיט נצחון — אָבער שוין נישט ווי אַ חתן, נאָר ווי אַ מחותן.

באַלד האָט בערטאַ צוגעפירט שמואלן צו חיים ליבן און געזאָגט:

— טרעף, חיים ליב, ווער דער מאַן איז!

חיים ליב האָט באַלד אַרומגעכאַפּט שמואלן, מיט אים זיך צעקושט און אַן עמאָציאָנירטער האָט ער אויסגעשריגן.

— שמואל טשעכאַנאָווער מיין חבר! אַ שיינע פראַגע אַביסל, צי איך האָב דיך דערקענט! דו האָסט זיך דאָך גאָרנישט געענדערט! אָבער טאַקע ממש גאָרנישט! נישט מער וואָס די האָר האָבן זיך ביי דיר געפאַרבט פון שוואַרץ אויף ווייס.

— איך האָב אים אויך באַלד דערקענט. — האָט בערטאַ געזאָגט.

— וואָס זשע טוסטו חיים ליב? איך מיין, וואָס איז דיין באַשעפטיקונג? און ווהין פאָרסטו דאָס איצט?

בערטאַ האָט נישט געלאָזט חיים ליבן ענטפערן. זי האָט פאַר אים געענטפערט:

— אונדזער חיים ליב איז היינט דער באַרימטסטער דאָקטאָר־מעדיצין פון אַמעריקע. ער איז פּראָפעסאָר אין פילאַדעלפיער אוניווערסיטעט. און שטעל זיך פאָר שמואל: מיין זון, דאָקטאָר מאַקס קיזעלשטיין, איז געווען זיין סטודענט עטלעכע יאָר און איך האָב נישט אָנגעהויבן צו וויסן, אַז מיין זונס פּראָפעסאָר איז נישט קיין אַנדערער ווי מיין אַמאָליקער חיים ליב! אָבער מילא, אַזוי גייט דאָס לעבן, נישט ווי מיר ווילן, נאָר ווי דער שיקזאַל פירט מיט אונדז. היינט איז חיים ליב מיין ליבער מחותן און דאָס פאָרן מיר אַלע קיין ירושלים, וווּ עס וווינט חיים ליבס אַלטע מאַמע. דאָרטן וועלן מיר פּראַווען די חתונה פון אונדזערע קינדער.

# פאַרלוירענע זועגן

— מחותנתטע טייערע — האָט חיים ליב זיך געבעטן ביי בערטאַן — אפשר וועסטו מיר אויך לאָזן אמאָל קומען צום וואָרט. און ער האָט זיך גלייך געווענדעט צו שמואלן:

— מיין ליבער חבר שמואל, דאָס וואָס ברכה האָט דיר אַלץ אָנדערציילט וועגן מיר, איז קודם וואָרף באַלד אריין א העלפט אין וואסער אריין. און די צווייטע העלפט איז שוין אויך „עליה השלום", שוין נישטאָ מער. איך האָב מיין גאַנצער פאַרגאַנגענהייט ליקווידירט אין די פאַר. שטאָטן. איצט פאָר איך קיין ארץ ישראל להשתקע, צו באַזעצן זיך און בלייבן. אויך מיין איינציקער זון, א גוטער אינזשעניר, דער וואָס גייט איצט חתונה האָבן מיט ברכהס טאָכטער, וועט בלייבן ווינען מיט זיין יונג ווייבל אין ארץ ישראל און דאָרטן וועלן זיי בויען זייער צוקונפט, ביתם בישראל. איצט זאָג מיר, שמואל, וואָס איז מיט דיר? ווו ביסטו? מיט וואָס באַשעפטיקסטו זיך? און ווי גייט עס דיר מאַטעריעליש און גייסטיק?

— איך ווין אין דעטראָיט. איך בין א לויער (אדוואָקאַט). מיין פרוי איז א געבוירענע אין ארץ ישראל, זי איז א העברעישע לערערין. מיינע צוויי זין לערנען: דער עלטערער זון לערנט אין ירושלים אין אוניווערסיטעט, ער שטודירט מאַטעמאַטיק און נאַטור־וויסנשאַפט. דער יינגערער זון שטודירט מעדיצין אין האַרוואַרד אוניווערסיטעט. איך בין אויך א העברעישער נאָוועליסט. דיין כלה זאָגט, אַז זי לייענט מיט הנאה מיינע דערציילונגען.

— אָה, אונדזער פנינה איז א גרויסע מלומדת און א גוטע העברעיש קענערין — האָט חיים ליב געזאָגט מיט שטאָלץ — און זי איז אַזוי שיין, אַזוי זיס, אַזוי חנעוודיק און אַזוי קלוג, פונקט ווי איר מאַמע.

— חיים ליב! — האָט בערטאַ אויסגעשריגן כלומרשט ברוגזלעך — דו פאַרגעסט, אַז עס זענען שוין נישט אונדזערע יאָרן פאַר אַזעלכע ליבע־פלירטן.

— נו, נו, ברכה, אויף דער עלטער ווערט די ליבע רייפער, צאַרטער, נשמהדיקער און אויסגעלייטערטער.

— גיי שוין גיי, חיים ליב, דו מאַכסט פון מיר חוזק. איך וויל

## מ א י ר   ק אָ ר אָ נ אַ

מיט דיר נישט רעדן. ווען דו וואָלסט נישט געווען מיין מחותן וואָלט איך אינגאַנצן ברוגז געוואָרן מיט דיר.

— ברכה, קוק מיך נאָר אָן! — האָט חיים ליב איר אָנגענומען ביי דער גאָמבע און געזאָגט צו איר איראָניש — פראַוועסט נאָך אַלץ מיידליש־קאָקעטישע שטיק!

בערטאַ האָט זיך פאַרשעמט, האָט איבערגעלאָזט חיים ליבן אַליין און זי איז אַוועק מיט שמואלן, פאָרצושטעלן אים, מיטן גאַנצן טיטל און יחוס, פאַר איר מאַן און פאַר דער גאַנצער משפחה:

— דאָס איז מיין יוגנט־חבר, נאָך פון מיין היימשטאָט נאָווימינסק, שמואל גאָלין. היינט איז ער אַ גרויסער און באַרימטער (ווינציקער ווי גרויס און באַרימט איז ביי בערטאַן נישט געווען) אַדוואָקאַט אין די פאַר. שטאַטן. ער פאָרט אויך קיין ארץ ישראל, וועט ער זיין אַ טייערער און אָנגעלייגטער גאַסט אויף דער חתונה פון אונדזערע קינדער.

⁂

מיטן צוקומען פון שמואל גאָלין צו דער מחותנים־געזעלשאַפט, איז די בייטאָגיקע באַשעפטיקונג אויף דער שיף, אין דער מחותנים־פאַמיליע, געווען איינגעטיילט אַזוי:

פנינה, די כלה, האָט אויף דער דעק פון שיף אויפגעשטעלט איר מאָל־ברעט און גאַנצע טעג איז זי פאַרנומען געווען מיט מאָלן, אין פאַרשידענע פאַרבן, הימל־ים־בילדער און אויך פּאָרטרעטן פון פּערזאָנען.

אַרום פנינהן האָבן זיך שטענדיק געבינטלט יוגנטלעכע, וועלכע האָבן באַוווּנדערט איר קונסט־אַרבעט. אַ טייל פון זיי האָט אויך באַוווּנדערט און באַשאָטן מיט קאָמפּלימענטן דער קינסטלערין, אַלס רייצנדיק־שיין מיידל און עס האָבן אויך נישט געפעלט צווייַדייטיקע באַמערקונגען אויף איר חשבון.

פנינה האָט, מיט איגנאָרירן, פאַרשוויגן צום גרעסטן טייל אויף די אַלע ווערטער וואָס זענען געפאַלן אַרום איר. האָט זי אָבער אַמאָל איינעם יאָ געענטפערט, איז דער ענטפער געווען אַזוי קלוג, שפּאַסיק־בייסיק און חוזקדיק, אַז יענער האָט שוין פאַרזאָגט אַ צענטן, מיט איר זיך נישט אָנצוהייבן.

# פֿארלוירענע וועגן

גרשון גאָרדאָן, דער חתן, איז גאַנצע טעג געזעסן אויף אַ ליג־שטול, נישט ווייט פֿון פּנינהן, און געלייענט העברעיש.

לעאָן קיזעלשטיין, פּנינהס פֿאָטער, האָט גאַנצע טעג געפֿירט שמועסן און דיסקוסיעס מיט זיין מחותנתטע נאַסטאַסיאַ, גרשונס מוטער.

שפּרינצע, חיים לייבס מומע, האָט באַלד, פֿון דער ערשטער מינוט אָן, זיך אָפּגעזאָגט צו עסן פֿון די כשרע מאכלים אויף דער שיף. כאָטש די כשרע קיך איז געשטאַנען אונטער דער השגחה פֿון אַ רב. ערשטנס, האָט זי געזאָגט, איז זי נישט זיכער צי דער משגיח איז טאַקע, אַן אמתער רב מיט סמיכה אויף רבנות. אַז ער איז נישט קיין ירא שמים האָט זי באַלד געזען, ווייל זי האָט זיך איבערצייגט, אַז ער איז אַ ציוניסט און באַלד נאָר אַ ציוניסט קען שוין קיין ירא שמים נישט זיין. האָט זי זיך צונויפֿגעטראָפֿן מיט אַ פּאָרפֿאָלק, עלטערע מענטשן, וואָס זענען געפֿאָרן זיך באַזעצן אין ירושלים. זיי האָבן אויך נישט געוואָלט טועם זיין פֿון די כשרע מאכלים אויף דער שיף, צוליב אומצוטרוי צום ציוניסטישן משגיח. האָבן אַלע דריי אַליין פֿאַר זיך צוגעפּראַוועט מאכלים אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געהאַט אין זיך קיין שמץ נישט פֿון אומכשרות און נישט פֿון ציוניזם, און זענען כשר געווען אַפֿילו למהדרין מין המהדרין. וואָרן וואָס קען געבראָטענער הערינג און געקאָכטע וואַסער און מאַנישעוויטשעס מצות, דאָ נישט זיין בחזקת כשרות?

אַזוי האָט שפּרינצע, אויפֿן גאַנצן וועג, כמעט זיך דערווייטערט פֿון די מחותנים־משפּחות. זי האָט זיך געהאַלטן נאָענט נאָר מיט דעם אַלטן פֿרומען פּאָרפֿאָלק און מיט זיי פֿאַרבראַכט גאַנצע טעג.

די דריי נאָוואָמינסקער יוגנט־חברים: חיים לייב, ברכה און שמואל, האָבן גאַנצע טעג געהאַלטן אין איין אויפֿמישן עפּיזאָדן פֿון יענעם אינטערעסאַנטן יוגנט־לעבן, אין יענע יאָרן, פֿון די געציילטע ישיבה־בחורים, וועלכע האָבן זיך גרופּירט ביי ברכהן אין שטוב; ווי זיי האָבן געפֿירט אַ טאָפּלט מאַראַנען־לעבן; אין דער ישיבה פֿלעגט זיי פֿיגורירן ווי פֿרומע, גאָטס־פּאַרכטיקע ישיבה־בחורים, פֿאַר וועמען עס האָט נישט געטאָרט עקזיסטירן מער ווי תורה, מצוות ומעשים טובים; און ביי ברכהן אין שטוב האָט מען, קאָנספּיראַטיוו־אַפּיקורסיש, חוזקדיק אויסגעלאַכט פֿון פֿאַרשימלטן,

## מאיר קאַראַנאַ

אָפּגעשטאַנענעם יידישן לעבנס שטייגער און מ'האָט זיך געגרייט, דורך וועלטלעכער בילדונג, „אַריין מיט ביידע פיס אין דער ליכטיקער וועלט אַריין".

איינמאָל האָט שמואל גאָלין געזאָגט:

— טרעפט מיט וועמען איך האָב זיך געטראָפן אין ניו־יאָרק, פון אונדזער נאָוווימינסקער גרופּע? עס וועט אייך גאַרנישט איינפאַלן. מיט דודטשע דעם רבינס האָב איך זיך געטראָפן.

— טאַקע?! — האָט חיים לייב אויסגערופן מיט פאַרוווּנדערונג — אַ שאַד וואָס איך האָב נישט געוווּסט אַז דודטשע דעם רבינס וווינט אין ניו יאָרק. איך וואָלט געוואָלט געגאַנגען זיך זען מיט אים פאַר מיין אָוועקפאָרן. עס שטייט מיר נאָך איצט פאַר די אויגן יענער מאָמענט, ווי מיר האָבן זיך אַזוי האַרציק־חבריש געזעגנט, פאַר מיין אָפּפאָרן אויף שטענדיק פון נאָוווימינסק. ביידע האָבן מיר זיך דאַמאָלסט צעוויינט. מיר האָבן זיך נשמהדיק ליב געהאַט איינער דעם צווייטן און שרעקלעך שווער איז געווען דאַמאָלסט אונדזער צעשיידן זיך.

— איך וואָלט אויך נאָך געוואָלט זיך זען מיט דודטשען — האָט בערטאַ צוגעגעבן — ער איז דאָך דאַמאָלסט געווען די נשמה פון אייער גרופּע. ער האָט אייך געמוטיקט, געשטאַרקט און צוגעגעבן קוראַזש אַרויסצורייסן זיך פון דער ישיבה־ענגשאַפט און פון דער גמרא־פאַרשטיקטקייט און אַרויס אויף דער פרייער לופט פון דער ברייטער ציוויליזירטער וועלט. איך האָב דודטשען ליב געהאַט. ווען ער פלעגט רעדן האָבן זיך געשאָטן פּערל פון זיין מויל; ער פלעגט רעדן מיט לאָגיק און איבערצייגונג; בלויז דער אימפּאָזאַנטער אויסזען זיינער האָט געהאַט אַ ווירקונג, אַז מ'האָט זיך געמוזט צו זיינע ווערטער צוהערן.

חיים לייב האָט, איראָניש־שמייכלענדיק, געקוקט אויף בערטאַן, ווי זי האָט זיך צערעדט וועגן דודטשען.

— וואָס קוקסט מיר אַזוי אָן, מחותן? — האָט בערטאַ געפרעגט שפּאַסיק — דו מיינסט, איך ווייס נישט אַז דו ביסט געווען אויף דודטשען שטאַרק אייפערזיכטיק!

— אַבי היינט נישט.

# פארלוירענע וועגן

— ווער ווייסט, אפשר היינט אויך.

— ווער אויף וועמען?

— אזוי, מיין ליבער מחותן, ביסט אין כעס זע איך. עס פאסט נישט פאר דיר צו ווערן אין כעס. און אויף מיר — אוודאי נישט... צי בין איך דען שולדיק, אז דו פארשטייסט זיך נישט אויף א שפאס?

— שאט, קריגט אייך נישט קינדער — האט שמואל גאלין זיך אנגערופן, אין זיין געוויינלעכן רויק־פלעגמאטישן טאן — לאזט מיר בעסער אייך דערציילן וועגן דודטשען היינט צו טאג.

— איך וויים, אז איר וועט נישט וועלן גלייבן — האט שמואל גענומען דערציילן — אבער עס איז אן אמת. דודטשע איז אין ניו יארק געווארן, נו טרעפט וואס ער איז געווארן.

— שמואל קריכער — האט בערטא זיך אויפגערעגט און ארויסגעבאפט זיך — אדער דערצייל אדער דערצייל נישט. צעלייג נישט די מעשה אויף טויזנט טעלערלעך.

— ברכה! — האט חיים לייב אויף איר אנגעשריגן — פארגעס נישט, אז דו ביסט נישט אין אמאליקן נאווימינסק. נאר דו פארסט אויף א שיף קיין ארץ ישראל חתונה מאכן א טאכטער. די אויסדרוקן וואס האבן געפאסט אמאל פאר יענער יונגער שטיפעריין ברכה, פאסט נישט פאר דער היינטיקער!

בערטא האט זיך פארשעמט, האט ארופגעלאזט דעם קאפ און געשוויגן.

שמואל גאלין, ווי נישט אים זאל מען מיינען און ווי נישט צוליב אים האט חיים לייב געמאכט א פארוואורף ברכהן, האט געלאסן ווייטער דערציילט:

— דודטשע איז געווארן אין ניו יארק א חסידישער רבי. ווייבער ווארטן אין דער ריי, אנצוקומען צום הייליקן צדיק, מיט זייערע צעבראכענע הערצער, מיט קוויטלעך און פדיונות. אין די שבתים פירט ער טיש, פונקט ווי זיין זיידע און זיין פעטער ז"ל אמאל אין נאווימינסק: מיט צוועלף חלות, מיט פארגלאצטע אויגן, מיט די אלע רבישע צערעמאניעס און מיט רבישע תורות. ער פארדרייט און

פאַרקריפּלט אַזוי די פּסוקים, אין דער סדרה פון דער וואָך, און ער פאַרטייטשט זיי אַזוי, אַז איין וואָרט קלעפּט זיך נישט צום צווייטן. דערביי פּלעכט ער אַריין מעשה'ס מיט כאַסדעס, וואָס נישט געשטויגן און נישט געפלויגן. און ביים טיש זיצן חסידים און שלינגען מיט התלהבות יעדעס וואָרט וואָס גייט אַרויס פון פּה קדוש, פון הייליקן צדיק.

— איך דערמאָן זיך — האָט ווייטער שמואל דערציילט — ווי ער, דודטשע דעם רבינס, פּלעגט ביי ברכהן אין שטוב, דונערן קעגן דער שוואַרצער, קלעריקאַלער, יידישער קליקע, רבנים און רביים, „וועלכע זויגן אויס דעם מאַרך פון פאָלק, פאַרסמען יידישע נשמות; פּענטען הענט און פיס פון יידישן מענטש, פון קינדווייז אָן; לאָזן נישט אַריין קיין טראָפּן ליכט אינם פינצטערן יידישן לעבן; זיי דערציען גאַנצע דורות מיט קריפּלען און קאַליקעס" און נאָך אַזוי ווייטער. און ער, דודטשע, האָט געלאַרעמט, אַז מ'מוז מיט אַלע כוחות באַקעמפן אָט דער שוואַרצער באַנדע, אַרויסראַטעווען דער יידישער יוגנט פון אונטערגאַנג און אַריינברענגען ליכט און וויסן אין די פינצטערע ווינקלען פון יידישער עלנד.

— אַז מ'וויל מאַכן אַ לייכט לעבן — האָט בערטאַ זיך אָנגערופן — ווערט מען אַליין „אַ שוואַרצער קלעריקאַל" — אַ חסידישער רבי. און מ'לאַכט פון דער וועלט! אַזאַ צבועק! אַזאַ היפּאָקריט!

— דאַרפסט אַזוי נישט רעדן, ברכה — האָט חיים לייב איר אָפּגעענטפערט — אַ מענטש האָט רעכט צו בייטן זיינע מיינונגען און קומען צו דער איבערצייגונג, אַז ער האָט פריער געבלאָנדזשעט.

— יאָ, ס'איז אמת — האָט שמואל באַמערקט — אָבער נישט צו מאַכן פון זיינע „נייע איבערצייגונגען" אַ ביזנעס־צירק...

— איינמאָל, אין אַ מיטנוואָך, — האָט שמואל דערציילט — בין איך אַריין צו דודטשען אין זיין „יחוד־שטיבל", ווו ער נעמט אויף זיינע חסידעסטעם מיט פּידיונות. ער האָט זיך מיט מיר זייער דערפרייט און איך מיט אים, טאַקע ווי אַמאָליקע האַרציקע יוגנט־חברים. מיר האָבן זיך אויסגעפרעגט און אויסדערציילט איינער דעם אַנדערן, ווי מיר האָבן דורכגעלעבט אַזאַ צייט ביז אַמעריקע און שוין אין אַמעריקע. אינמיטן — האָט ער מיר מיטאַמאָל אַ פרעג

געגעבן „און וואָס איז ביי דיר, שמואל, מיט יראת שמים?" איך האָב אים אָנגעקוקט, איך האָב געוואָלט דערגיין פון זיין פּנים און פון זיינע אויגן, צי מיינט ער דאָס ערנסט אָדער אין שפּאָס. דערנאָך האָב איך געענטפערט: „איך מיין, אַז אַזוי פיל יראת שמים וויפל דו, דודטשע, האָסט, האָב איך נאָך אויך". „אָבער דעם עיקר זאָג מיר נאָר, דודטשע, האָב איך אים געפרעגט, צו ווערן טאַקע די ווייבער געהאָלפן פון דיינע ברכות?" האָט ער מיר געענטפערט ציניש: „צי זיי ווערן געהאָלפן פון מיר ווייס איך נישט, אָבער איך פון זיי ווער זיכער געהאָלפן".

— פונדעסטוועגן — האָט חיים לייב געזאָגט — נאָך אַלעמען, בין איך נישט מסכים מיט אייך, ברכה און שמואל, חושד צו זיין דודטשען אין צבוע'ם און היפּאָקריטסטווע. עס טרעפט, ווען אַ מענטש גייט אין אַ וועג און ער קומט צו ביז צו אַ פאַרמאַכטער וואַנט און ער קען נישט גיין ווייטער. שטייען פאַר אים דאַמאָלסט צוויי ברירה'ס: אָדער ער זאָל האַקן מיטן קאָפּ אין דער וואַנט, דערביי קען ער זיכער זיין, אַז פריער וועט דער קאָפּ צעבראָכן ווערן איידער די וואַנט; אָדער ער זאָל גיין צוריק. נו, קען זיין, אַז דודטשע איז צוגעקומען ביז צו אַזאַ פאַרמאַכטער וואַנט, האָט ער זיך פאַרנומען אויף צוריק. ווי האָט הלל הזקן געזאָגט „אל תדין את חברך עד שתגיע למקומו".

— מיר דאַכט זיך, חיים לייב — האָט שמואל אים באַמערקט — אַז דו פאַרנעמסט זיך אויך אויפן וועג צוריק.

— יאָ, עס קען זיין — האָט חיים לייב געענטפערט — און נישט עס קען זיין, נאָר עס איז טאַקע אַזוי.

— הער זשע זיך איין, חיים לייב, צו די ווערטער פון דיינעם אַן אַלטן חבר און פון אַ מענטש וואָס האָט אַ סך פּראַקטיק און דערפאַרונג אין לעבן: אַ וועג אויף צוריק איז נישטאָ! אַזאַ וועג קען אפשר עקזיסטירן און גוט זיין פאַר אַזעלכע טיפּן, ווי דודטשע דעם רבינס, וועלכע טראָגן שטענדיק קאַפּאָטעס מיט צוויי זייטן. איין זייט איז פון רבנישן אַטלאַס און די צווייטע זייט איז פון פּויערישער סערמיגע. אַזוי אַז מ'זאָל קענען דרייען די קאַפּאָטע אויף יענער זייט, וואָס עס לוינט זיך אין געגעבענעם מאָמענט. אָבער פאַר ערלעכע, אָרנטלעכע און אָנשטענדיקע מענטשן איז אַזאַ וועג, פון צוריק, נישטאָ. יאָ, עס טרעפט, און גאַנץ אָפט, מענטשן גייען זייער וועג

זיגזאַגיק, זיי פאַרקריכן אין זייטיקע ווענעלעך און אין קרומע סטעשזקעס. עס טרעפט. נישט שטענדיק ווילט זיך גיין אויף אַ גלייכן אָנגעצויגענעם שטריק. אָבער אינגאַנצן אויף צוריק — דאָס איז אַן אַבסאָלוטער, פאַלשער גאַנג, ווייל קיין וועג אויף צוריק איז בכלל נישט פאַראַן. און טאָמער מיינט ווער, אַז ער איז בכוח, להכעיס יעדער לאָגיק, יאָ צו גיין אויף צוריק און נישט געשעדיקט צו ווערן, וועט די צייט אים ווייזן, אַז ער האָט געמאַכט אַ קאַרדינאַלן טעות.

— איי, לאָזט שוין אָפּ מיט אייערע, שטענדיקע, מאַנסביל־שע דיסקוסיעס — איז בערטאַ אַרוים מיט פאַרוואורף — שטענדיק, ווען מענער קומען זיך צוזאַמען, הייבן זיי באַלד אָן מיט דיסקוסיעס. הערט בעסער וואָס איך וועל אייך דערציילן. איך האָב זיך איצט דערמאָנט אין אַ קאָמישן עפּיזאָד, פון יענע יאָרן, וואָס איז פאָרגעקומען ביי אונדז אין שטוב.

— איינמאָל, אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט, איך בין געווען איינע אַליין אין שטוב, איז אַריינגעקומען אפרים, דעם רבינס משמש. איר געדענקט דאָך אים, מיט זיין שטענדיקער רויטער נאָז און שיכורע אויגן. ער איז אַריין מיט אַ ירגזון און מיט אַ געוואַלט:

— ווו איז דודטשע דעם רבינס? שוין זאָלסטו מיר זאָגן, ווו איז דודטשע דעם רבינס?

— דודטשע האָט דאָ נישט וואָס צו טאָן ביי אונדז אין שטוב
— האָב איך אים געענטפערט מיט כעס — ער קומט נישט אַהער און ער האָט נישט נאָכוואָס צו קומען אַהער!

— זאָגסט אַ ליגנט, חצופה! — האָט ער אַ געשריי געגעבן — לאָמיר אַריינגיין אים זוכן אין צווייטן צימער.

— איר קענט אים אפילו זוכן אונטער די בעטן — האָב איך אים געזאָגט — דודטשען וועט איר ביי אונדז אין שטוב נישט געפינען, ווייל ער קומט נישט אַהער.

אין יענעם מאָמענט האָב איך זיך באַטראַכט, אַז מ׳דאַרף אָט דעם שיכורן, רבישן שפּיאָן אָנלערנען, אַז אים זאָל פאַרגיין דער אַפּעטיט אַריינצושמעקן נאָכאַמאָל צו אונדז אין שטוב אַריין. וואָרן מ׳דאַרף באַוואָרענען. טאָמער אַ צווייטן מאָל פאַלט אַריין אָט דער

# פארלוירענע וועגן

אפרים אין שטוב אריין, פונקט ווען דודטשע איז יא דא און ער טרעפט אייך אלע... איז אזוי ווי ער, אפרים, איז אריין אין צווייטן צימער זוכן דודטשען, בין איך שנעל ארויסגעלאפן אויף די טרעפ, מיט אן אלארם און א געוואלט.

באלד איז מיין פאטער, א דערשראקענער, ארויפגעלאפן פון דער בעקעריי און נאך א סך מענטשן זענען זיך אנגעלאפן אויף מיין געשריי. איך האב זיך היסטעריש צעבליפעט און דערציילט, אז אפרים, דעם רבינס משמש, איז אריינגעקומען שיכורערהייט, ער האט מיך ארומגעכאפט און געוואלט אנגרייפן און איך האב זיך קוים ארויסגעריסן פון זיינע הענט.

מיין פאטער האט אים גוט צעפליאסקעט די מארדעס און אראפגעוואָרפן אים פון אלע טרעפ. ווען ער האט זיך שוין דערקייקלט אויף אונטן האט ער דארטן ערשט רעכט געקריגן אנגעבויקערט, שיר צום טויט, פון די מענטשן וואס זענען געשטאנען אונטן און אויף אים געוואַרט.

פון דאמאלסט אן האט דער שיכורער אפרים געציטערט פארבייציוגיין אפילו דער גאס פאר אונדזער הויז. און דאס איז געווען אויך אן אנזאג פאר די אנדערע רבישע שפיאנען, אז זיי דארפן זיך היטן די ביינער.

— יא, איך געדענק גוט די מעשה — האט שמואל זיך אנגערופן.

— און איך געדענק עס נישט — האט חיים לייב געזאגט — עס האט שוין געמוזט פאסירן נאך מיין אוועקפארן. אבער דער עיקר איז, אז דו, ברכה, ביסט שטענדיק געווען א חכמה. נאך אין יאנאווע, ביים מילנער, האב איך עס געזען. ביסט נאך דאמאלסט געווען א קליינער פימפאנאטער האסטו שוין שכל געהאט מיך צו פרעגן אזוי כיטרע: „חיים לייב, דו פארשטייסט וואס געגנדז רעדן?"

דערביי האט חיים לייב ארומגענומען בערטאן און איר אפגעפרעסט אן אמאליקן קוש.

בערטא האט זיך געפילט אויפן זיבעטן הימל, און איר גליקלעכקייט פונם דאזיקן קוש; האט זי, שטיפעריש־שפאסיק געפרעגט:

— ווילסטו, חיים לייב, אז איך זאל דא אויך מאכן אזא געוואלט,

# מאיר קאראַנאַ

אַז דו האָסט מיך ארומגעכאַפּט, געגעבן אַ קוש און געוואָלט אַנגרייפן?

— דאָ, זעסטו, מענסטו שרייען. כאָטש דו האָסט שמואלן פאַר אַן עדות, וועט דיר פונדעסטוועגן קיינער נישט גלייבן. קיינער וועט מיך נישט האַלטן פאַר אַזאַ שוטה, אַז איך זאָל וועלן אָנגרייפן אַן אַלטע אידענע.

— פונדעסטוועגן ביסטו, חיים ליב, נאָך אַלץ פאַרליבט אין אַט דער אַלטער אידענע!

— ווייל איז דיר, ברכה, וואָס דו קענסט זיך איינרעדן.

זי איז צו גאָר נאָענט צו חיים לייבן, האָט האַרט־נאָענט ביי זיין פּנים אים אַריינגעקוקט קאָקעטיש אין די אויגן אַריין און, מיט אַ צעצויגענעם, אימיטירטן קינדערישן טאָן, האָט זי אויסגעשריגן:

— חיים ליב, דו פאַרשטייסט וואָס גענדז רעדן?

צוזעענדיק אָט די דאָזיקע סצענע האָט שמואל גאָלין צוגעגעבן אַן ערנסטע, באַלאַבאַטיש־מיושבדיקע באַמערקונג;

— זעט נאָר, ווי אַלטע מענטשן מאַכן זיך נאַריש און שפּילן זיך ווי קליינע קינדער! פאַרגעסט נישט אָבער, מיינע טייערע, אַז קיין וועג אויף צוריק איז נישטאָ. דאָס וואָס איז אוועק וועט איר שוין קיינמאָל אין לעבן נישט קענען אָניאָגן!

בערטאַן האָט פאַרדראָסן שמואלס פּעסימיסטישע באַמערקונג. זי האָט געזען אין דעם אַן אָנפאַל אויף איר פּיצעלע גליק, וואָס זי האָט קוים געפונען; האָט זי דעריבער מיט כעס אַ געשריי געגעבן:

— שמואל ק.

שיר האָט זי שוין געהאַט אַרויסגעזאָגט „שמואל קריכער!" עס איז אָבער געגנוג געווען דער פּלוצלינגדיקער שאַרף־טאַדלענדיקער בליק פון חיים לייבן, וועלכן זי האָט דערפילט אויף זיך, שטעכעדיק ווי אַ שאַרפע שפּיז, אַז די ווערטער זאָלן איר בלייבן שטעקן אין האַלדז און זאָלן נישט קענען אַרויסקומען.

## דאָקטאָר גאָרדאָן (פּראָפ. פּעטראָוו) ביי זיין מוטער אין ירושלים, צוזאַמען מיט חתן-כלה און מחותנים

„היינט איז אָנגעקומען אין חיפה׳ר פּאָרט דער באַרימטער אַמעריקאַנער מעדיקער, פּראָפעסאָר פון פילאַדעלפיער אוניווער־סיטעט, דאָקטאָר חיים לייב גאָרדאָן. ער איז געקומען אַהער מיט זיין פאַמיליע, כדי צו פראַווען אין ירושלים די חתונה פונם זון, אינזשעניר גרשון גאָרדאָן. צוזאַמען מיט זיי זענען אויך געקומען: די כלה מיט אירע עלטערן און נאָך מחותנים. ביים פּאָרט האָבן דעם פּראָפעסאָר מקבל פּנים געווען: פאָרשטייער פון דער רעגירונג, פון דער חיפה׳ר עיריה און פון „אגודת הרופאים". פּראָפ׳ גאָרדאָן און פרוי, אויך דאָס יונגע פּאָרפאָלק, בלייבן וווינען אין ישראל. פּראָפ׳ גאָרדאָן איז אַן אייניקל פונם באַרימטן גאון ר׳ שלמה קאַצענעלענבויגן ז״ל, וועמענס ספרים זענען גוט באַקאַנט אין דער גאַנצער לומדישער וועלט. פּראָפ׳ גאָרדאָן איז אויך אַ גרויסער למדן און אַ טראַדיציאָנעל־רעליגיעזער ייד".

(פון די ישראלדיקע צייטונגען)

די חשוון־טעג אין חיפה זענען געווען פאַרוואָלקנטע, האַרבסטיקע; דער אויסגעקוקטער יורה־רעגן האָט זיך אָראָפּגעלאָזט מיט זיין פולן פאַרנעם; גאַנצע טשאַטעס פייגל, אָנגעקומענע פון ערגעץ ווו, האָבן מיט געפּילדער זיך געצויגן דורך ישראל קיין אפריקע;

# מ א י ר  ק אָ ר אָ נ אַ

ברייט־פאַנאַנדערגעשפּרייטע, פּילפּאַרביקע, האַרבסט־בלימלעך האָבן צעשמייכלטע אַראָפּגעוואונגען פון די אַרומיקע מאַיעסטעטישע כּרמל־בערג; פון יעדן ווינקעלע, אינם גאַנצן אַרום, האָט זיך געהויבן פרישקייט, מונטערקייט, דערוואַכונג און רייץ פון אויפלעבונג; און די פאָלגן פון יונגע, מיזאַמע, ייִדישע אַרבעט־כּוחות האָבן זיך געשפּרייט אויף ווייט, ווייט, ביז וואַנען דאָס אויג האָט נאָר געקענט דערגרייכן.

עטלעכע טעג האָבן די מחותנים־פאַמיליעס פאַרבראַכט אין חיפה און אומגעגנט. זיי האָבן זיך גאָרנישט געקענט אָפּרייסן פון דער צויבער־פּראַכט, מיט וועלכער חיפה־געגנט פאַרכישופט יעדערן וואָס פאַלט אַריין אין אירע אָרעמס. אָבער זיי האָבן דאָך נישט געקענט אַרויסלאָזן פון געדאַנק זייער ציל. און זייער ציל איז געווען ירושלים.

---

אין אַ קליין, ניי הייזקעלע, אין דער שכונה „מחנה יהודה" אין ירושלים, האָבן זיי געוווינט — דער אַלטער רב ר' ישראל מאיר סירקין און די רביצין רבקה. אין גאַנץ ירושלים זיינען זיי ביידע באַרימט געווען מיט זייער גוטסקייט, ליבשאַפט, צוגעלאָזנקייט און הילפגרייטקייט פאַר יעדן מענטש, וואָס איז געקומען מיט זיי אין באַרירונג.

אין אַ קילן חשוונדיקן פרימאָרגן האָבן זיך אַריינגעשטעלט צום רב סירקין אין הויז זיבן געסט פון די פּאַר. שטאַטן און מעקסיקע. דער רב איז אין הויז נישט געווען און די רביצין האָט געהאַלטן אינמיטן דאַווענען. נישט מפסיק צו זיין אינמיטן דאַווענען, האָט די רביצין רבקה מיט די הענט אָנגעוויזן די געסט, אַז זיי זאָלן זיך דערווייל זעצן ביז זי וועט באַלד ענדיקן דאָס דאַווענען. אינם גרויסן בית־דין־צימער, ווו אַלע ווענט זענען פאַרשטעלט געווען מיט פאָליצעס ספרים, האָבן די געסט, שווייגנדיק, זיך אַוועקגעזעצט און אַלעמענס אויגן זענען אָנגעשפּיצט געווען אויף דער דאַרער אַלטעטשקער רביצין מיטן גערונצלטן פּנים און מיט ליכטיקע, גוטמוטיקע, קלוגע אויגן.

שפּרינצע מיט חיים לייבן האָבן זיך געווישט די אויגן און מיט אַלע כּוחות האָבן זיי זיך איינגעהאַלטן נישט אַרויסצוקומען מיט אַ הויכן געוויין, וואָס האָט זיך פון זיי געריסן. ווען די רביצין איז

# פאַרלוירענע וועגן

פּאַרטיק געוואָרן מיטן דאַווענען האָט זי זיך געווענדעט צו די געסט, מיט אַ שטילער, זיידענער, איידעלער שטים:

— גוט מאָרגן אייך, יידן. וואָס וועט איר זאָגן עפּעס גוטס?

איז די ערשטע צוגעלאָפן צו איר, שפּרינצע. וויינענדיק האָט זי אַרומגעכאַפּט רבקהן און זי האָט קוים געקענט אַרויסהעשען די דריי ווערטער:

— רבקה, מיין שוועסטער!

רויק, געלאַסן, האָט רבקה אויפגעהויבן שפּרינצעס קאָפּ, מיט צאַרטקייט און ליבשאַפט האָט זי איר געגלעט איבערן קאָפּ, מיט מוטערלעכער טריישאַפט האָט זי איר געקוקט אין די פאַרוויינטע אויגן און מיט באַזאָכטקייט האָט רבקה צו איר גערעדט:

— דאָס ביסטו מיין שוועסטער שפּרינצע. געלויבט זאָל זיין דער הימל, וואָס מיר זעען זיך ווידער; אַז מ'לעבט דערלעבט מען אַלץ. און ווי פיין דו רעדסט שוין, שפּרינצע, אָן עין הרע, אַ לויב, און אַ דאַנק דעם וואָס לעבט אייביק. געזונט און שטאַרק זאָלסטו מיר זיין. און אָט די ליט זענען אוודאי די מחותנים. איך האָב דערהלאָטן דיין בריוו, אַז דו קומסט אַהער אויף אַ חתונה. איך האָב זיך דערמיט זייער שטאַרק דערפרייט און איך האָב שוין געוואַרט אויף דיר, שפּרינצע.

— יאָ, שוועסטער טייערע, דאָס זענען די מחותנים. און איך האָב דיר געבראַכט זייער אַ טייערן גאַסט, דיינעם גאָר אַ נאָענטן קרוב.

שפּרינצע האָט אָנגענומען חיים לייבן ביי דער האַנט, אים צוגעפירט צו רבקהן און געזאָגט:

— דאָס איז דאָקטאָר גאָרדאָן, דעם חתנס פאָטער.

פון צערודערונג איז חיים לייב געבליבן שטיין, קעגנאיבער זיין מוטער, אַ פאַרשטיינערטער און ער האָט קיין וואָרט נישט געקענט אַרויסברענגען. ביידע, מוטער און זון, האָבן זיך שאַרף אָנגעקוקט אַ וויילע, ביז חיים לייב האָט פּלוצלינג אויסגעבראָכן אין אַ ספּאַזמישן געוויין, איז געפאַלן דער מוטער אויפן האַלדז און אַ הילכדיקן געשריי געגעבן:

# מ א י ר   ק אָ ר אָ נ אָ

— מ־אַ־מ־ע !

רבקה האָט אָנגענומען חיים לייבס ביידע הענט און, מיט אַן אויסערגעווייגלעכער רויקייט, האָט זי גערעדט צו אים:

— חיים לייב, מיין זון, איך האָב דיך באַלד דערקענט. איך האָב לאַנג געוואַרט אויף דיר. איך האָב געוווסט, אַז פריער־שפּעטער, איידער מיין נשמה וועט זיך באַהעפטן מיט די הייליקע נשמות פון מיינע עלטערן, זייער זכות זאָל אונדז ביישטיין, וועסטו צוריק קומען צו דיין מאַמען. אַ דאַנק דעם בורא יתברך דערפאַר.

— מאַמע טייערע — האָט חיים לייב אַרויסגערעדט נאָך אַלץ מיט אַ ווייגענדיק־ציטערנדיקער שטים — ווי אַזוי האָסטו מיך געקענט דערקענען, איך בין דאָך אַוועק פון דיר אַ יונג יינגל און היינט בין איך שוין אַן אַלטער, און פון וואַנען האָסטו געוווסט אַז איך לעב און כ'וועל צו דיר צוריקקומען?

— אויף אַ מאַמעס האַרץ זאָלסטו קיין קשיות נישט פרעגן, מיין זון. אַז דו לעבסט האָב איך געוווסט, כאָטש אַלע האָבן געמיינט אַז דו ביסט חלילה אומגעקומען. און אַז דו וועסט, סוף כל סוף, צו מיר קומען האָב איך אויך געוווסט. דיין טאַטע זכרונו לברכה איז מיר עטלעכע מאָל געקומען צו חלום און ער האָט מיר געזאָגט: „זאָלסט זיך גאַרנישט זאָרגן, רבקה, אונדזער בן יחיד חיים לייב לעבט און איז געזונט, ער וועט נאָך צו דיר זיך אומקערן”. בין איך זיכער געווען, איך האָב געגלויבט באמונה שלימה, אַז אַזוי איז עס און אַזוי וועט עס זיין. לאָמיר דיך נאָר גוט אָנקוקן, מיין זון.

חיים לייב האָט פאַר זיין מוטער פאָרגעשטעלט דער פרוי, דעם זון, דער כלה און די מחותנים:

— מיינע מחותנים — האָט חיים לייב געזאָגט — זענען ווילע, האַרציקע, מענטשן און די כלה אונדזערע איז אַ גרויסע מלומדת, זי קען פיין העברעיש.

רבקה האָט איר אַרומגענומען, איר אַ קוש געגעבן און געפרעגט:
און ווי הייסטו, מיין קינד?

מיט דרייסטקייט און מיט אַ ווילן אויסצונעמען ביי דער אַלטער האָט די כלה געענטפערט:

# פאַרלוירענע ווענן

— פון דער היים היים איך פערל, אָבער דאָ, אין ישראל, וועל איך זיך רופן פנינה.

— א שיינע יידישע טאָכטער ביסטו, מיין קינד — האָט רבקה געזאָגט — זאָלסט מיר געזונט און שטאַרק זיין, און מיין מיינונג איז, אויב דו הייסט פערל דאַרפסטו נישט בייטן דיין נאָמען, א נאָמען בייט מען נישט, א נאָמען איז דער מענטש און א מענטש דאַרף זיין דאָס וואָס ער איז, ער דאַרף זיך נישט בייטן. דיין מחותן זאָגט, אַז דו קענסט לשון הקודש, זייער פיין. מן הסתם אַז מיין זון זאָגט ווייסט ער וואָס ער זאָגט, וואָרן מיין זון, דאַרפסטו וויסן, איז א גרויסער למדן און א גוטער לשון הקודש קענער, און אים צו לאַנגע יאָר זיין פאָטער און זיין זיידע זכרונם לברכה זענען אויך געווען גוטע לשון הקודש קענער. איצט זאָג מיר נאָר מיין קינד, פערל לעבן, צי קענסטו אויך דאָס וואָס איז אויף לשון הקודש געשריבן?

— יאָ, באָבעשי — האָט פערל געענטפערט מיט שטאָלץ — איך קען גוט תנ״ך.

— אזוי, טאָקע, — האָט רבקה געזאָגט מיט צופרידנקייט — אָט דאָס איז פיין. וואָרן וויסן זאָלסטו, מיין קינד, א שפראַך מאַכט באַלערנט דעם מענטש נאָר דאַמאָלסט, ווען ער ווייסט וואָס עס איז געשריבן אין דער שפראַך. בלויז סתם קענען א שפראַך, דאָס קען דאָך יעדער פויער און יעדער עם הארץ. דאָס איז חל אויף יעדער שפראַך, בפרט אויף לשון הקודש, די שפראַך וואָס די מלאכי השרת באַניצן זיך מיט איר. זאָג זשע מיר, טאָכטערשי, אויב דו קענסט יאָ תנ״ך, אפשר קענסטו מיר זאָגן א פסוק פון דער תורה הקדושה, צי פון די נביאים, ועסט דערמיט דערפרייען דאָס הארץ פון דיין אַלטער באָבען.

— יאָ, באָבעשי, איך וועל אייך זאָגן: ירמיהו זאָגט אין קאַפּיטל ל״ג אזוי: „כה אמר ה׳, עוד ישמע במקום הזה, אשר אתם אומרים חרב הוא, בערי יהודה ובחוצות ירושלים הנשמות, מאין אדם ומאין יושב ומאין בהמה: קול ששון וקול שמחה, קול חתן וקול כלה, קול אומרים הודו את ה׳ צבאות, כי טוב ה׳, כי לעולם חסדו״. דאָס מיינט אויף יידיש אזוי צו זאָגן: אזוי האָט גאָט געזאָגט, עס וועט נאָך געהערט ווערן אויפן דאָזיקן אָרט, וואָס מען מיינט, אַז עס איז שוין אינגאַנצן פוסט, אין די שטעט פון יהודה און אין די וויסטע

גאַסן פון ירושלים, ווו מ׳זעט נישט קיין מענטש, קיין באַוווינער און קיין בהמה, וועט נאָכאַמאָל ווידער געהערט ווערן אַ שטים פון אויפגעהייטערקייט און פרייד, גליקלעכע שטימען פון חתן־כלה און שטימען וואָס וועלן אָפּגעבן אַ לויב און אַ דאַנק צו גאָט.

חיים לייב איז צו צו פּערלען, האָט איר אַרומגעכאַפּט, געקושט און מיט באַגייסטערונג אויסגערופן:

— מיר זענען שטאָלץ מיט דיר, פּערל טייערע!

— איך זע, טאָכטערשי — האָט רבקה געזאָגט — אַז מיין זון איז גערעכט; דו ביסט ווערט צו ווערן אַ קינד פון אונדזער רבינישער משפחה. איצט וועל איך דיר בעטן, מיין קינד, זאָג מיר אויך אַ פּסוק פון דער תורה.

— יאָ, באָבעשי, — האָט פּערל געענטפערט מיט צופרידנקייט, וואָס זי האָט אַזוי שטאַרק אויסגענומען ביי דער אַלטער און ביים מחותן — איך וועל אייך זאָגן אַ פּסוק, וואָס וועט זיין צוגעפּאַסט צום איצטיקן מאָמענט. אין פּרשת ויחי, ווען יוסף האָט זיך געוויזן פאַר זיין פאָטער, נאָך לאַנגע יאָרן ווי זיי האָבן זיך נישט געזען, שטייט אַזוי: „ויאמר ישראל אל יוסף, ראוה פניך לא פּיללתי והנה הראה אותי אלוהים גם את זרעך” — יעקב האָט געזאָגט צו יוספן, צו זען דיין פּנים האָב איך שוין נישט געדענקט און אָט האָט מיר גאָט געוויזן אויך דיינע קינדער.

די אַלטע רבקה האָט צוגעדריקט פּערלען צו זיך און מיט צעשטראַלטער פרייד האָט זי געזאָגט:

— טאָכטערשי, דו ביסט נישט נאָר אַ מלומדת, דו ביסט אויך אַ קלוגע, דו ווייסט און פאַרשטייסט ווען און ווו צו זאָגן וואָס מ׳דאַרף.

אינדעם איז אַריינגעקומען אַ הויכער מאַן, מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד און מיט אַ צאַרט, אויסגעאיידלט פּנים, פון וועלכן עס האָט אַראָפּגעשיינט יחוס, תורה און מידות. דאָס איז געווען רבקהס מאַן, דער רב ר׳ ישראל מאיר סירקין. ער איז אַריין מיט אַ ברייטן און ליבלעכן „גוט מאָרגן”. און איידער ער האָט נאָך באַוויזן עפּעס צו פרעגן האָט רבקה, די רביצן, פאַר אים פאָרגעשטעלט די געסט:

## פאַרלוירענע וועגן

— מיר האָבן, ישראל מאיר, טייערע און ליבע געסט, וועלכע האָבן דערפרייט מיין האַרץ אויף די עלטערן יאָרן. אַזוי זאָל דער אייבערשטער דערפרייען זייערע הערצער. אָט איז מיין צוריקגעקומענער איינציקער זון, חיים לייב און מיין איינציקער שוועסטער, שפרינצע. אָט איז חיים ליבס ווייב און זייער זון גרשון, דער חתן. אָט איז די כלה, פערל, מיט אירע עלטערן. זיי זענען געקומען קיין ירושלים, דאָ צו פראווען די חתונה פון זייערע קינדער. דאָס האָט מיין זון געוואָלט פארשאפן נחת זיין אַלטער מאַמען, אַז פאַר אַלע אירע צרות זאָל זי זוכה זיין צו פרייען זיך אויף דער חתונה פון איר איינציקן אייניקל. און דו האָסט באַדאַרפט הערן, ישראל מאיר, וואָס פאַר אַ מלומדת די כלה איז. זי איז קלאָר אין תנ"ך און קען גוט לשון הקודש. ווען דו וואָלסט געהערט, ווי זי האָט פון אויסנווייניק געזאָגט פסוקים פון דער תורה און פון די נביאים, וואָלסטו שטאַרק הנאה געהאַט.

דער רב האָט זיי אַלעמען האַרציק־וואַרעם באַגריסט און זיי געווונטשן „מזל טוב". באַזונדערס האָט ער שטאַרק געדריקט די האַנט חיים לייבן. ער האָט מיט פאַרוווּנדערונג אים געקוקט אין די אויגן אַריין און עטלעכע מאָל איבערגעחזרט:

— זענט איר חיים לייב. זענט איר חיים לייב. דעם גאון ר' גרשון גאָרדאָנס ז"ל אַ זון, דעם גאון ר' שלמה קאַצענעלענבויגנס ז"ל אַן אייניקל. אַך, וואָס פאַרא טייערע יידן צדיקים זיי זענען געווען! אייער יחוס איז דאָך אין לשער! מיר האָבן שוין אויף אייך זיך נישט געריכט. מסתם ווייסט איר, מ'האָט שוין געמיינט, אַז איר זענט חלילה אומגעקומען. גדולים חסדי ה'!

— און וואָס מיינט איר, רבי, — האָט חיים לייב געענטפערט — שיר, שיר, עס האָט קיין ספק נישט געפעלט, אַז איך זאָל טאַקע חלילה אינגאַנצן פאַרלוירן גיין, נאָר זכות אבות איז מיר בייגעשטאַנען און איך האָב זיך אַרויסגעראַטעוועט פון געפאַר.

דאָ האָט דער רב זיך געווענדעט צו אַלע:

— און אַ זמן־חתונה האָט איר שוין אָפּגעשטעלט?

— דאָס ווילן מיר אָפּשטעלן צוזאַמען מיט אייך. — האָט חיים לייב געענטפערט.

# מאיר קאַראַנאַ

— איצט מיינע טייערע געסט — האָט רבקה פאַרבעטן — וועלן מיר צוזאַמען עסן אָנבייסן.

— ניין, מאַמע, האָב נישט פאַראיבל — האָט חיים לייב זיך געבעטן — מיר האָבן נאָכנישט געדאַוונט. מיר וועלן איצט אַוועקגיין, דאַוונען און עפּעס עסן אין האָטעל, מיר וועלן זיך נאָך היינט זען.

— און איך בלייב דאָ — האָט שפּרינצע געזאָגט — איך האָב אַ סך צו רעדן מיט אייך מיינע טייערע, שוועסטער און שוואָגער, נאָך אַזוי פיל יאָרן ווי מיר האָבן זיך נישט געזען. מילא חיים לייב מיט דער פרוי און דאָס יונגע פּאָרפאָלק, זיי בלייבן דאָך דאָ ווינען, אין ארץ ישראל, וועט איר נאָך האָבן צייט מיט זיי צו רעדן און רעדן, אָבער איך בין דאָך נאָר געקומען אויף דער חתונה, באַלד וועל איך דאַרפן צוריקפאָרן, איז מיר יעדע מינוט אַ שאָד אָפּצורייסן זיך פון אייך, וואָרן דער אייבערשטער ווייסט ווען מיר וועלן זיך שוין נאָכאַמאָל זען.

אַלע זענען אַוועק און שפּרינצע איז געבליבן.

נאָך זייער אַוועקגיין האָט שפּרינצע געזאָגט:

— צי ווייסט איר, מיינע טייערע, ווער אונדזער חיים לייב איז היינט? ער איז דאָך איינער פון די באַרימטסטע דאָקטוירים אין אַמעריקע. ביז זיין אַוועקפאָרן איז ער יאָרן לאַנג געווען אַ פּראָפעסאָר אין פילאַדעלפיער אוניווערסיטעט. ווען ער איז אָפּגעפאָרן פון אַמעריקע האָט מען פאַר אים געמאַכט אַ געזעגענונגס באַנקעט, ווו עס האָבן אָנטייל גענומען די גרעסטע פּראָפעסאָרן פון אַמעריקע, די גרעסטע געלערנטע מענטשן און הויכע רעגירונגס לייט. און איך האָט באַדאַרפט זען, ווען מיר זענען אַראָפּ פון שיף אין חיפה זענען אַרויסגעקומען אים מקבל פּנים זיין, פאָרשטייער פון דער היגער רעגירונג, פאָרשטייער פון דער שטאָט חיפה, פאָרשטייער פון דעם דאָקטוירים־פאַריין און נאָך אַ סך גרויסע לייט. און ווי איך האָב געהערט וועט חיים לייב ווערן דאָ אַ פּראָפעסאָר אין ירושלימער אוניווערסיטעט פון מעדיצינישן פאַקולטעט.

— טאַקע, שפּרינצע, אויף אַן אמתן?! — האָט רבקה געפרעגט מיט פאַרוואונדערונג — טאַקע?! און זע נאָר ווי ער האַלט זיך אַזוי פּשוט, פּונקט ווי יעדער פּראָסטער מענטש.

# פאַרלוירענע וועגן

— וואָס האָסטו געוואָלט רבקה — האָט שפּרינצע געענטפערט
— אנטקעגן אַ מאַמען זאָל ער זיך האַלטן גרויס. יוסף הצדיק, וואָס
איז געווען אַ שני למלך, ווען ער האָט זיך געוויזן פאַר יעקבן האָט
ער זיך דען נישט געהאַלטן מיט דרך־ארץ, ווי אַ זון קעגן אַ טאַטן!
און דער רב האָט זיך אָנגערופן:

— וואָס וווּנדערסטו זיך אַזוי, רבקה, אויף חיים לייבן. אַ זון,
אַן אייניקל און אַן אוראייניקל פון אַזעלכע גרויסע גאונים, אייזערנע
מוחות, וואָס זשע איז דאָ דער ווונדער וואָס ער אַליין איז אויך אַ
גאון און ער איז אַזוי געאַכטעט אין דער וויסנשאַפטלעכער וועלט.

— און נאָך — האָט שפּרינצע צוגעגעבן — חיים לייב איז אַ
גרויסער למדן אויך. ער גייט איצט אָפּדרוקן אין ירושלים אַ ספר
מיט זיינע חידושי תורה. מיין מאַן זאָל געזונט זיין איז דאָך אַ
באַרימטער למדן, ער איז ראש הישיבה אין דער „מתיבתא", ווו עס
לערנען בחורים לומדים, האָט מיין מאַן געזען חיים לייבס ספר האָט
ער געזאָגט, אַז דער חיבור איז אַ גאונישער, ער וועט מאַכן אַ
געוואַלטיקן רושם אין דער לומדישער וועלט.

— אַזוי, אַזוי — האָט רבקה אַרויסגעמורמלט מיט איינגעהאַלטענע
טרערן — אַ לויב צו דיר, האַרציקער פאָטער אין הימל, וואָס כ'האָב
זוכה געווען דאָס צו דערלעבן.

נאָכן אָפּעסן פרישטיק איז דער רב אַוועק צו זיך אין בית־דין־
שטוב און שפּריצע האָט גענומען ווייטער דערציילן:

— דו ווייסט, רבקה, אַז די מחותנתטע, דער כלה'ס מוטער,
האָט דאָך אַמאָל געזאָלט ווערן חיים לייבס כלה, ווען ער האָט
געלערנט אין נאָווימינסקער ישיבה, זי איז פון יענער שטאָט. ווען
חיים לייב האָט דאָס דערציילט דעם טאַטן זכרונו לברכה, האָט ער
דערלאַנגט חיים לייבן צוויי פּעטש. עס איז דעם טאַטן נישט
אָנגעשטאַנען דער כלה'ס יחוס. חיים לייב איז דאַמאָלסט אַוועק פון
דער היים אַ ברוגזער און ער איז שוין מער צוריק נישט געקומען.

— יאָ, שפּרינצע לעבן, איך געדענק עס זייער גוט, פּונקט ווי
נעכטן זאָל דאָס האָבן געשען. און דעם אמת דיר זאָגן, האָב איך
אַלע יאָרן דערפאַר געהאַט שטאַרקע תרעומות אויפן טאַטן זכרונו
לברכה. ער האָט נישט געטאָרט האַנדלען קעגן חיים לייבן מיט אַזאַ

רוגזה. אָבער מילא, וואָס איז איצט דאָ צו רעדן וועגן דעם. מסתמא האָט אַזוי באַדאַרפט זיין... און דו ווייסט, שפּרינצע, אַז די מחותנתטע איז נאָך היינט אויך זייער אַ שיינע פרוי. עס ליגט אויף איר אַ סך חן און איידלקייט. יונגערהייט האָט זי געמוזט זיין גאָר אַ יפת תואר.

— חיים לייב זאָגט, אַז פּונקט ווי די כלה איז היינט אַזוי האָט די מוטער אויסגעזען מיידלווייז.

— היינט זע, שפּרינצע, ווי „נסתרים דרכי ה׳". גיי פאַרשטיי דעם אייבערשטנס דרכים. ווייזט אויס אַז דאָס וואָס עס איז נישט באַשערט געווען, אַז עס זאָל צוּשטאַנדקומען צווישן די עלטערן, דאַרף זיך מאַכן אַזוי, אַז נאָך אַזוי פיל יאָרן זאָל עס צושטאַנדקומען צווישן זייערע קינדער. אַלץ איז מן השמים. מיר מענטשן מיינען, אַז מיר זענען קלוג און מיר רעדן זיך איין, אַז מיר פאַרשטייען אַלץ. אָבער אין דער אמתן פאַרשטייען מיר גאָרנישט. אַלץ ווערט געפירט פון אויבן מיט אַ סדר און מיט אַ חשבון, וואָס אונדזער באַגרענעצטער מענטשלעכער שכל איז גאָרנישט אומשטאַנד משיג צו זיין.

— עס איז אַ הייליקער אמת — האָט שפּרינצע מסכים געווען — אין מיין לעבן האָב איך נישט איין מאָל געזען און געפילט די געהיימע פירנדיקע האַנט פון דער השגחה. אָט טיילמאָל דאַכט זיך דיר, מיטן פּשוטן שכל, אַז דו דאַרפסט גיין רעכטס און עס פירט דיך גאָר לינקס. ערשט שפּעטער האָסטו אויסגעפונען, אַז דאָ איז טאַקע געווען דיין אמתער וועג וווהין דו האָסט באַדאַרפט גיין, אַז אָט אויף דעם וועג האָסטו געפונען דיין באַשערטקייט און געטראָפן דיין מזל.

— דערצייל מיר טאַקע, שפּרינצע טייערע, פון דיין לעבן. ווי עס זענען דיר אַדורך אָט די אַלע יאָרן וואָס איך האָב דיך נישט געזען.

— איך האָב דיר זייער אַ סך צו דערציילן, שוועסטער לעבן. איך האָב דורכגעמאַכט שטורמישע יאָרן. גלויב מיר, אַז אין אַמאָליקע יאָרן האָבן מענטשן געקענט אָפּלעבן הונדערטער יאָרן און האָבן נישט דורכגעמאַכט קיין טויזנט חלק פון דעם וואָס איך האָב שוין דורכגעלעבט אין מיין ביסל יאָרן. אָבער איך וועל דיר זאָגן דעם אמת רבקה: נעכטן זענען מיר אָנגעקומען שפּעט ביינאַכט אין ירושלים.

# פאַרלוירענע וועגן

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך נישט געקענט שלאָפן. זינט מיינע פיס האָבן זוכה געווען צו באַטרעטן די הייליקע ערד פון אונדזער ארץ אבותינו בין איך אַזוי צעטראָגן, פונם גרויסן גליק וואָס מיר איז באַשערט געווען צו האָבן אין מיין לעבן, צו זען מיט מיינע אויגן די ערד פון אונדזער הייליקן לאַנד, אַז איך קען אַזש נישט שלאָפן אין די נעכט פון דער איבערגעלאָדענער פרייד. באַזונדערס נעכטן ביינאַכט, בין איך אַ גאַנצע נאַכט געווען אומרויק. מיט אומגעדולד האָב איך געוואַרט, אַז עס זאָל שוין נעמען טאָגן און איך זאָל דיך שוין קענען זען. איצט בין איך שטאַרק מיד און די אויגן קלעפּן זיך מיר צום שלאָפן. וועסטו מיר דערלויבן, רבקה, דאָ ביי דיר זיך אַביסל צושפּאַרן. דערנאָך וועל איך דיר אַלצדינג דערציילן.

— מיר פאַרגעניגן, שפּרינצע, גיי טאַקע לייג זיך צו אַביסל אין מיין בעט.

⁂

איינמאָל אין אַן אָוונט זענען אַלע מחותנים געזעסן אַרום טיש, ביים רב ר׳ ישראל מאיר סירקין, און מען האָט גערעדט וועגן באַשטימען אַ זמן חתונה. חתן־כלה זענען דערביי נישט געווען. זיי זענען אַוועק אויף אַ שפּאַציר איבערן לאַנד.

הערנדיק ווי מ׳רעדט שוין ערנסט וועגן דער נאָענטער צייט פון איר איינקלס חתונה האָט די רביצן, רבקה, זיך צעשטראַלט פון פרייד און מיט התלהבות האָט זי זיך צערעדט:

— איי קינדער, ווען דאָס זיין אַ חתונה, אַז גאָט און לייט וועלן זיך מיט אונדז מיטפרייען. אַ חתונה — שוין איינמאָל אַ חתונה! מיר וועלן פאַרבעטן אַלע אונדזערע פריינד פון ירושלים, אַז זיי זאָלן קומען משמח זיין חתן וכלה. עס איז דאָך ביי אונדז איינע פון די גרעסטע מצוות. און כלי זמרים וועלן שפּילן און אַ בדחן וועט באַזינגען די כלה צום באַדעקנס און איך וועל טאַנצן מיט אַ חופּה־קוילעטש אַנטקעגן חתן־כלה נאָך דער חופּה און מען וועט גיין מיט דער כלה אַ כשר־טאַנץ און מ׳וועט האָפּקען אַ גאַנצע נאַכט, אַפילו נאָך צומאָרגנס אויך. איי קינדער, וועט דאָס זיין אַ חתונה, כדת וכדין, פּונקט ווי אַמאָל ביי אונדז אין יאַנאָווע. אַ לויב צו דעם וואָס לעבט אייביק, וואָס איך האָב עס דערלעבט אויף מיינע עלטערע יאָרן.

## מ א י ר   ק אָ ר אָ נ אָ

דאָ האָט נאַסטאַסיאַ, חיים לייבס ווייב, אָפּגעשטעלט דער רביצין אינמיטן איר צעוואָרעמטקייט:

— אָבער שוויגער, איך מוז אייך, ליידער, צעשטערן אַן אילוזיע. מיר און אונדזערע מחותנים האָבן טאַקע אַזוי גערעכנט, ווי איר האָט זיך פאָרגעשטעלט, צו פּראַווען אַ גרויסאַרטיקע חתונה, אויפן אַלטן יידישן שטייגער. אָבער די קינדער האָבן זיך פאַרעקשנט, אַז זיי ווילן נישט מער ווי נאָר שטעלן אַ חופה און דערנאָך מאַכן אַ חופּה־וועטשערע, בלויז פאַר דער פאַמיליע, אָן כלי זמרים און אָן בדחנים.

— אוי וויי צו מיר — איז די רביצין מיטאַמאָל אַראָפּגעפאַלן פון איר פריערדיקער, פרייידיקער התלהבות — וואָס זענען דאָס פאַרא ווערטער, פּונקט חלילה ווי ביי אַן אַלמן מיט אַן אַלמנה, זיי זיך מרחם פּאָטער אין הימל! און וואָס הייסט עפּעס „די קינדער ווילן נישט!" און די עלטערן האָבן שוין גאָרנישט וואָס צו זאָגן?!

דאָ האָט בערטאַ קיזעלשטיין געזאָגט צו די רביצין:

— וואָס מיינט איר, מחותנתטע, אַז מיר לעבן היינט אין אַמאָליקע צייטן, ווען די עלטערן האָבן באַפוילן און האָבן אַרויפגעצוווּנגען אויף די קינדער, און צי מען האָט יאָ געוואָלט צי מ'האָט נישט געוואָלט האָבן די קינדער געמוזט פאָלגן?!

און בערטאַ האָט זיך געווענדעט צו חיים לייבן כלומרשט מיט אַ פראַגע, אָבער מיט אַן אָנדייטנדיקן שטאָך:

— אמת חיים לייב, אַז אַזוי איז עס געווען?

חיים לייב האָט שווייגנדיק זיך צעשמייכלט.

— איך ווייס, טאָכטערשי, — האָט די רביצין געענטפערט מיט אַ שטילן תחנונימדיקן טאָן — איך ווייס אַנטקעגן ווען דיינע ווערטער־פייגלן זענען אָנגעשטעלט. יאָ, איך געדענק עס נאָך זייער גוט. אָבער, מיין קינד, מ'טאָר נישט מתרעם זיין און מ'דאַרף נישט פאַראיבל האָבן אויף קיינעם. מסתמא איז מן השמים אַזוי באַשערט געווען. אונדזערע הייליקע ספרים זאָגן, אַז אַ מענטש טוט נישט קיין ריר מיט אַ פינגער אונטן ווען ס'איז נישט אָנגעצייכנט פון אויבן.

— און איך האַלט — האָט דער רב זיך אָנגערופן — אַז חתן־כלה זענען גערעכט.

# פאַרלוירענע וועגן

אַלע האָבן מיט פאַרוווּנדערונג געקוקט אויפן רב. קיינער האָט זיך נישט געריכט, אַז דער רב זאָל אַזוי זאָגן. און די רביצן האָט געפרעגט מיט פּאַראיבל:

— פאַרוואָס מיינסטו אַזוי, ישראל מאיר, אפשר מעג איך דאָס אויך וויסן?

— נישט אַלצדינג קען מען דערקלערן פאַרוואָס — האָט דער רב געענטפערט רויק, בנעימותדיק — איך האָב זיך מיין טעם דערביי.

— נו, מן הסתם אַז דו, מיין מאַן, זאָגסט — האָט די רביצן מיט אומצופרידנקייט צוגעגעבן — ווייסטו דאָס זיכער בעסער פון מיר. נו מילא, זאָל זיין אַזוי.

אַנשטאָט צו ענטפערן דער רביצן האָט דער רב זיך געווענדעט צו חיים לייבן:

— איר, ר׳ חיים לייב, געדענקט דאָך אוודאי וואָס די גמרא זאָגט אין ראש השנה דף כ״ה, ווען רבי יהושוע איז געקומען צום נשיא רבן גמליאל אין דעם טאָג, וואָס לויט רבי יהושועס חשבון האָט אין דעם טאָג באַדאַרפט זיין יום כפור, איז ער געקומען צו רבן גמליאלן מיט זיין שטעקן און געלט־ביטל, ווייל לויט רבן גמליאלס חשבון איז דער דאָזיקער טאָג געווען אַ וואָכעדיקער טאָג, נישט יום כפור. ווען רבי יהושוע איז אַזוי אַריינגעקומען אין יבנה צו רבן גמליאלן, האָט רבן גמליאל אים געקושט אין קאָפּ און ער האָט געזאָגט: „אשרי הדור שהגדולים נשמעים לקטנים״, ווייל איז דעם דור ווען די עלטערע הערן זיך אַמאָל צו צו די יינגערע. וואָרן עס זענען פאַראַן צייטן ווען די עלטערע מוזן מודה זיין, אַז די יינגערע זענען גערעכט.

אַלע זענען געווען באַגייסטערט פונם רבס קלוגע ווערטער און פון זיין לאָגישן באַנעמען דעם ענין. און דאָס איז גענוג געווען, אַז אַזוי זאָל עס בלייבן, ווי חתן־כלה האָבן געוואָלט.

# פּראָפעסאָר ה. ל. גאָרדאָן און זיין פרוי אין זייער גייעם ווין-אָרט — אין ירושלים

פּראָפעסאָר גאָרדאָנס א וואָכעדיקער טאָג אין ירושלים איז באַלאָדן געווען, פון באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט, מיט אינטענסיווער און אָנגעשטרענגטער אַרבעט.

זיין סדר היום איז געווען אַזעלכער:

זעקס אינדערפרי איז ער געגאַנגען דאַווענען. נאָכן דאַווענען איז ער אַוועק צו זיין מוטער, זאָגן איר „גוט מאָרגן". ביז אַכט האָט ער געגעסן פרישטיק און דורכגעקוקט די פרימאָרגן־צייטונגען. פון אַכט ביז איינס נ. מ. איז ער פאַרנומען געווען, אין בלאָכס שפּיטאָל, מיט אָפּעראַציעס און אונטערזוכן זיינע פּאַציענטן אינם שפּיטאָל. איינס אַ זייגער האָט ער געגעסן מיטאָג. פון צוויי ביז פינף פאַרנאַכט האָט ער אויפגענומען פּאַציענטן ביי זיך אין קאָנסולטאָריע. און געפירט האָט זיך פּראָפעסאָר גאָרדאָן, פון ערשטן טאָג אָן אין ירושלים, אַז קיין באַצאָלט האָט ער, פאַר די וויזיטן אין קאָנסולטאָריע, נישט גענומען, אָן אונטערשייד פון אָרעם און רייך. ער האָט נאָר געבעטן, אַז מ'זאָל אַריינוואַרפן, וויפל איינער קען, אין די צוויי פּושקעס וואָס זענען ביי אים געשטאַנען, איינע — פאַרן רויטן מגן דוד און אַ צווייטע — פאַרן קרן קימת. פון פינף ביז זיבן האָט ער געגעבן לעקציעס אין ירושלימער אוניווערסיטעט. פון זיבן ביז אַכט אין אָוונט האָט ער אין דער חברה ש"ס געלערנט

## פאַרלוירענע וועגן

דעם טעגלעכן בלאַט גמרא. דערנאָך האָט ער, ביז שפּעט אין דער נאַכט, געאַרבעט איבער זיין פאָרשונג, „וועגן דער מעדיצין אין תּלמוד און דעם רמב״מס שיטה אין מעדיצין״.

⁂

פון זינט פּראָפעסאָר גאָרדאָן האָט זיך באַזעצט אין ירושלים איז זיין פרוי, נאַסטאַסיאַ, (זי האָט אויף קיין פאַל נישט געוואָלט אָננעמען דעם נייעם נאָמען „נחמה״, ווי איר מאַן האָט זי געוואָלט רופן) ארומגעגאַנגען אַן אומצופרידענע און אַן אָנגעכמורעטע. עס איז נישט געווען קיין זאַך, אין איר נייעם לעבן, וואָס זאָל איר באַפרידיקן און וואָס זאָל איר געפעלן ווערן.

קודם, איז זי אומצופרידן געווען פון דעם געביטענעם פאַמיליע־נאָמען. פון אָנהייב האָט זי נישט ארויסגעוויזן קיין שום קעגנערשאַפט צו דער נאָמען־ענדערונג, פון פּעטראָוו אויף גאָרדאָן; מען האָט געקענט מיינען, אַז זי איז גאַנץ גלייכגילטיק צו דעם. ערשט ווען זיי האָבן זיך באַזעצט אין ירושלים האָט נאַסטאַסיאַ זיך ארומגעזען, אַז דער נייער נאָמען „גאָרדאָן״ האָט ווי געמינערט פון איר פּערזענלעכקייט. עס האָט זיך איר געדוכט אַז מען האָט איר באַרויבט פון אַן אייגנטום, וואָס זי האָט יאָרן לאַנג געפּלעגט מיט ליבשאַפט און געהאַלטן זייער טייער. זי האָט געפילט, ווי איר „איך״ איז אראָפּגענידערט געוואָרן פון זיין דערהויבנקייט און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צווייטער פּערזאָן פון אַ נידעריקערער מדרגה. איר שטאָלץ, האָט זיך איר געדאַכט, איז געוואָרן אָנגעגריפן און באַליידיקט.

אין די פאַרייניקטע שטאַטן איז זי, נאַסטאַסיאַ, דאָך געווען די אָנגעזעענע פרוי פונם באַרימטן פּראָפעסאָר פּעטראָוו, פּראָפעסאָר פון פילאַדעלפיער אוניווערסיטעט; אָבער אין ירושלים איז זי נישט מער ווי די פרוי פון איינעם אַ דאָקטאָר גאָרדאָן, אַ דאָקטאָר ווי אַ סך אַנדערע, איינפאַכע דאָקטוירים. און אַז ער איז שוין אַ לערער אין עפּעס אַ ירושלימער מעדיצינישער שולע, וואָס איז דאָס אַ פאַרגלייך מיט דאָרטן!

נאַסטאַסיאַ האָט אויך שטאַרק געליטן פון איר מאַנס פּלוצלינגדיקן איבערקערן זיך. זי האָט נישט געקענט פאַרטראָגן זיינע „כניאָקישע״

שטיק, מיט וועלכע ער האָט זיך ארומגעוויקלט און ער האָט נאָך איר געצוווּנגען, אַז זי מוז דווקא מיטהאַלטן מיט אים און נאָכקומען זיינע פאַנאַטישע קאַפּריזן: „דאָס טאָר מען נישט, דאָס דאַרף מען נישט, דאָס איז טריף, דאָס איז נישט כשר, דאָס איז פאַרבאָטן, דאָס מוז מען מאַכן אַזוי און דאָס טאָר נישט אַריינקומען אין שטוב אַריין". און אינם שבתדיקן טאָג איז דאָך שוין גאָרנישט פון אים אויסצוהאַלטן. זי איז קיינמאָל, פון קינדווייז אָן, נישט געוווינט געווען צו אַזעלכע „נאַרישע און אומגעלומפּערטע" פירעכצן.

נאַסטאַסיאַ, וואָס האָט, אין די אַלע יאָרן פון זייער צוזאַמענלעבן, גוט פאַרשטאַנען איר מאַן און זי האָט זיך שטענדיק באַמיט, מיט אַלע מעגלעכקייטן, נאָכצוקומען זיינע אַלע קאַפּריזן, האָט אין ירושלים בשום אופן אים נישט געקענט פאַרשטיין. זיינע נייע פירעכצן, האָט זי געטראַכט, פּאַסטן פאַר אָפּגעשטאַנענע, פאַרווילדעטע פאַנאַטיקער, אָבער נישט פאַר אַזאַ הויכגעבילדעטן און אינטעליגענטן מענטש ווי איר מאַן איז. נישט אַנדערש — דער מענטש איז חלילה אַראָפּ פון זינען. ווייזט אויס, אַז מיטן בייטן דעם נאָמען האָט זיך ביי אים געביטן אויך זיין לאָגישער און קלאָרער פאַרשטאַנד.

היינט די געזעלשאַפט, מיט וועלכער איר מאַן האָט זיך אַרומגערינגלט! נאַסטאַסיאַ האָט אָפּגעדריגעט ביים טראַכטן וועגן דעם. עפּעס מאָדנע, ווילדע מענטשן, אַזוי ווי זיי וואָלטן פאַרוואָגלט געוואָרן אַהער פון די מדבריות ערגעץ, פון פאַר צוויייהונדערט יאָר צוריק.

— ניין — האָט נאַסטאַסיאַ באַשטימט — קיינמאָל אין לעבן וועל איך צו אַזאַ צוריקגעשטאַנער געזעלשאַפט זיך נישט צופּאַסן.

וואָס אַ טאָג ווייטער אַלץ מער איז נאַסטאַסיאַ געוואָרן פאַרביטערט און געערגערט.

ביז איינמאָל, נאָך עטלעכע חדשים זיין אין ירושלים, האָט נאַסטאַסיאַ איבערגעלאָזט איר מאַן און זי איז אַוועק צום זון קיין חיפה.

אין חיפה האָט ערשט נאַסטאַסיאַ פרייער אָפּגעאָטעמט.

# אינזשעניר גרשון גאָרדאָן און זיין פּרוי — אין חיפה

באַלד ביי זיין אָנקומען אין ירושלים איז אינזשעניר גרשון גאָרדאָן אויפגענומען געוואָרן, אַלס אינזשעניר־מעכאַניק, אין דער צעמענט־פאַבריק, וואָס געהערט צו דער „הסתדרות", אין חיפה. ער איז אַריין אַרבעטן אויף פּרובע. אין די ערשטע עטלעכע טעג האָט גאָרדאָן, מיט טיפן פאַכמענישן אינטערעס, זיך צוגעקוקט צום גאַנג פון די מאַשינען און צום פּראָצעס פון דער אַרבעט, און גלייך איז ער אַרויסגעקומען מיט אַ פּלאַן פון אַ גאַנצער רעוואָלוציע, וואָס איז נויטיק דורכצופירן אין דער פאַבריק.

אין אָנהייב האָבן די אָנפירערס און די טעכניקער פון פאַבריק געקוקט אויף גאָרדאָנען מיט נישט קיין איבעריקן צוטרוי. עס איז זיי נישט אָנגעשטאַנען, וואָס איינער, אַ ניי־אָנגעקומענער, אינגאַנצן ערשט עטלעכע טעג אין לאַנד, זאָל זיי גאָר לערנען ווי אַזוי מ׳דאַרף פירן די אַרבעט. זייער סנאָבישער ענגאָ האָט זיך געפילט דערפון געטראָפן. זיי, וואָס שטייען שוין יאָרן לאַנג אין דער פאַבריק, קענען יעדעס שרייפעלע פון יעדער מאַשין און זענען אויסגעבונדן מיט יעדער קלייניקייט פון דעם אַרבעט־פּראָצעס, זאָלן זיך איצט גאָר נעמען לערנען און זיך צוהערן צו דעם וואָס דעם נייעם פאַלט איין איינצופירן! אָבער גאָרדאָן האָט אַזוי פיל אַריינגערעדט אין זיי, געגעבן צו פאַרשטיין און אויפגעוויזן שוואַרץ אויף ווייס, אַז ווען מ׳וועט אַנדערש איינשטעלן די מאַשינען, אַנדערש צוגרייטן דעם רוי־מאַטעריאַל און אַנדערש איינאָרדענען די אַרבעט, וועט דאַמאָלסט

די פּראָדוקציע שטייגן אויף זייער אַ סך. ערשט דאַמאָלסט האָבן זיי ענדלעך געמוזט זיך לאָזן איבעררעדן.

עס איז גאָרדאָנען אויך בייגעשטאַנען דער זכות, וואָס ער איז דאָך פאָרט אַן אַמעריקאַנער אינזשעניר. אויך דאָס וואָס ער איז דעם באַרימטן פּראָפעסאָר גאָרדאָנס אַ זון, האָט נישט ווינציק צוגעהאָלפן, אַז מ'זאָל אים ענדלעך שענקען דעם געהעריקן צוטרוי און אים געבן אַ מעגלעכקייט צו ווייזן, וואָס ער קען אויפטאָן.

דער רעזולטאַט איז געווען אַ קאָלאָסאַלער. נאָך דעם ווי מ'האָט, לויט דער אָנווייזונג פון אינזשעניר גאָרדאָן, אַנדערש איינגעשטעלט די מאַשינען און אַנדערש איינגעאָרדנט די אַרבעט, איז באַלד די פּראָדוקציע געשטיגן אויף פינף און צוואַנציק פּראָצענט. דאָס האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם און עס איז אויפגעהויבן געוואָרן גאָרדאָנס פּרעסטיזש. די גאַנצע ישראלדיקע פּרעסע האָט וועגן דעם געשריבן; ביי דער פירערשאַפט פון דער „הסתדרות" און אויך אין די רעגירונגס קרייזן האָט זיך וועגן דעם געטומלט.

צוליב גאָרדאָנס אויפטו איז ווידער אויפגעשווומען אין לאַנד די אַלטע אָנגעווייטיקטע פראַגע:

— ווי אַזוי קריגט מען אריין אין ישראל יונגע אַמעריקאַנער אינזשענירן, טעכניקער און אַזוי גוטע פאַכלייט, וועלכע וואָלטן געקענט פּערפעקציאָנירן און אויפהייבן די פּראָדוקציע פון לאַנד, אויף אַלע געביטן?

איינמאָל זענען, אין דער צעמענט־פאַבריק פון חיפה, ספּעציעל אָראָפּגעקומען: דער פּרעמיער־מיניסטער מיט אַנדערע הויכע רעגירונג באַאַמטע און אויך פאָרשטייער פון דער „הסתדרות", כדי צו באַטראַכטן אויפן אָרט אין וואָס עס באַשטייט דער אויפטו פון דעם יונגן אַמעריקאַנעם אינזשעניר, גרשון גאָרדאָן, און גלייכצייטיק אויסצודריקן אים אָנערקענונג און אַ דאַנק פאַר זיין דערגרייכונג.

גרשון גאָרדאָן איז, איז זיין נאַטור, געווען אַ שטילער און באַשיידענער יונגערמאַן. די אַלע שבחים, וואָס מ'האָט אים צוגעטיילט, האָט ער געהאַלטן פאַר איבערגעטריבן. ער האָט געקוקט אויף דער איינגעפירטער ענדערונג אין פאַבריק, ווי אויף אַ נאַטירלעכקייט,

# פאַרלוירענע וועגן

וואָס יעדער אַנדערער אויף זיין פּלאַץ וואָלט עס אויך געווען געטאָן.

פנינה אָבער, גאָרדאָנס פרוי, איז שוין געווען פון אַן אַנדער טעג געקנאָטן. זי איז געווען אינגאַנצן געראָטן אין איר מוטער, בערטאַ קיזעלשטיין. פּונקט ווי איר מוטער האָט פנינה פאַרשטאַנען, אַז אַ געלעגנהייט דאַרף מען אויסניצן, וואָרן נישט אָפט מאַכט זיך אַ גינסטיקע געלעגנהייט.

ווען מ׳האָט זיך דערוווסט, אַז אין דער צעמענט־פאַבריק דאַרפן קומען הויכע געסט פון דער רעגירונג און פון דער „הסתדרות״, איז אין יענעם טאָג פנינה אויך געקומען אין פאַבריק אַריין, אויף יעדן פאַל, טאָמער דאַרף זי קומען צוהילף איר צו באַשיידענעם און שוויינגנדיקן מאַן, אין אַ מאָמענט פון פאַרלעגנהייט.

אינזשעניר גאָרדאָן האָט געצייגט צו די אַלע געקומענע געסט, מיטן פרעמיער בראש, אין וואָס עס באַשטייט די ענדערונג וואָס ער האָט אַריינגעבראַכט אינם אַרבעט־פּראָצעס פון דער פאַבריק. ער האָט פאַר זיי אויפגעקלערט, מיט אַלע דעטאַלן, פאַרוואָס עס איז טעכניש נויטיק געווען איינצופירן אַזאַ ענדערונג און פאַרוואָס האָט דורך דעם די פּראָדוקציע געמוזט שטייגן.

אַלע האָבן אויסגעדריקט גאָרדאָנען גרויסע אָנערקענונג און דער פרעמיער־מיניסטער האָט אים וואַרעם געדריקט די האַנט. דערביי האָט ער געזאָגט:

— הלוואי קענען מיר אַריינבאַקומען פון אַמעריקע אַ סך אַזעלכע אינזשענירן וואָלט עס געווען דער גרעסטער קאַפּיטל, וואָס אונדזער לאַנד קען אַריינקריגן.

גאָרדאָן, אין זיין באַשיידנקייט, איז רויט געוואָרן ווי אַ חדר־יינגל, ווען ער האָט אויסגעהערט די אַלע שבחים וואָס זענען געזאָגט געוואָרן אויף זיין חשבון. ער האָט געענטפערט מיט עטלעכע ווערטער, אַז צו דאַנקען אים איז נישטאָ פאַרוואָס, וויפל ער וועט קענען וועט ער זיך באַמיען צו פערפעקציאָנירן די טעכניק פון פאַבריק און ער וועט זען, אַז די פּראָדוקציע זאָל נאָכמער שטייגן.

דאָ האָט פנינה געבעטן אַ וואָרט.

אַ שלאַנקע, מיט אַ שיין, ליכטיק, פריידיק פנים און מיט בלויע,

שאַרפע, קלוגע אויגן, האָט פנינה, בלויז מיט איר אויסערלעכן אויסזען געצויגן אויף זיך אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט און אַלע האָבן געוואַרט מיט געשפּאַנטקייט צו הערן וואָס זי האָט צו זאָגן.

— הויכגעשעצטער פּרעמיער און זייער ווירדיקע חברים — האָט פנינה אָנגעהויבן אין אַ קאָרעקטן און געשליפענעם העברעיש — אין מיין מאַנס, אינזשעניר גאָרדאָנס, אויפטו איז באמת נישטאָ קיין שום אויסערגעוויינלעכקייט. עס איז גאַנץ נאַטירלעך פון זיין זייט. ער האָט דאָס געמוזט טאָן, ווי אַ פליכט, צוליב דריי פשוטע טעמים: ערשטנס, לערנט מען אונדז אין די פּאַרייניקטע שטאַטן, אַז יעדער פּראָפעסיאָנאַל און יעדער פאַכמאַן מוז אויסניצן די מאַקסימום־קענטשאַפט פון זיין פאַך, כדי אַריינצוברענגען וואָס מער פּערפעקציאָנירונג אין זיין אַרבעט און אַרויסציען פון איר וואָס אַ גרעסערע פּראָדוקציע, אַנדערש — איז ער נישט קיין פאַכמאַן, נאָר אַ פשוטער אַרבעטער. צווייטנס, האָט מיין מאַן דערפילט זיין חוב ווי אַ סאָלדאַט פאַר זיין היימלאַנד. אַזאַ חוב ליגט אויף יעדן ייד, צי ער איז אויפן פראָנט צי ער איז הינטערן פראָנט. יעדער ייד, אין ישראל און אויסער ישראל, מוז שטענדיק אינזינען האָבן וואָס דער אויפבוי פון לאַנד פאָדערט פון אים און מיט וואָס ער קען ברענגען נוצן פאַר דער אַנטוויקלונג פון לאַנד. דריטנס, האָט מיין מאַן דערמיט דערפילט אַ פליכט אויך צו זיך אַליין און צו זיין פאַמיליע. מיר זענען געקומען אַהער צו בויען דאָ אונדזער פּערזענלעכע צוקונפט און מיר האַלטן, אַז מיט בלויזן אידעאַל, אָן אייגענעם פּערזענלעכן נוצן דערביי, קען מען קיין לאַנד נישט אויפבויען. בלויזער אידעאַל איז געגליכן צו צדקה וואָס מען גיט, סיי דער געבער און סיי דער נעמער ווערן זיך, סוף כל סוף, פאַרמיאוסט איינער דעם אַנדערן און עס איז נישטאָ דערביי קיין קיומדיקע דויערהאַפטיקייט. אָבער ווען צוזאַמען מיטן אידעאַל איז פאַרבונדן אויך דער פּערזענלעכער אינטערעס, דאַמאָלסט איז דאָס געגליכן צו קעגנזייטיקע הילף, וואָס איז דויערהאַפטיק און נוצנברענגענדיק פאַרביידע.

פנינהס ווערטער זענען פון אַלע שטאַרק אַפּלאָדירט געוואָרן. דער פּרעמיער האָט איר געדריקט די האַנט און ער האָט ענטוזיאַסטיש אויסגערופן:

— תרבנה כמותך בישראל! זאָלן אַ סך אַזעלכע ווי דו זיין אין ישראל.

# פארלוירענע וועגן

דערנאָך האָט פנינה פאַרבעטן אַלע געסט צו זיך אַהיים אויף מיטאָג, וואָס אַלע האָבן עס גערן אָנגענומען.

⁂

א דאַנק פנינהס לאָגישן און קלוגן קאָפּ און אַ דאַנק איר געבענטשטער אייגנשאַפט צו קענען זיך מאַכן באַליבט ביי מענטשן און צו קענען גרופּירן אַרום זיך מענטשן, איז דאָס הויז פון די גאָרדאָנס אין חיפה געוואָרן אַ באַליבט היים־ווינקל פאַר חברים און פריינד. די פריידיקע געמיטלעכקייט און די פרייע, אויפריכטיקע צוגעלאָזנקייט פון די יונגע גאָרדאָנס, האָבן געצויגן מענטשן צו וועלן זיך געפינען אין זייער סביבה.

אין די שבתים, יומטובים און אַזוי ווען נאָר אין אַ פרייער צייט איז דאָס הויז פון די גאָרדאָנס אין חיפה פול געווען מיט טומל און מיט יוגנטלעכער צעברויזטקייט און יעדער איינער האָט זיך דאָרטן געפילט ווי ביי זיך אין דער היים. צוזאַמען האָט מען דאָרטן דיסקוטירט איבער פאַרשידענע פּראָבלעמען. צוזאַמען האָט מען דאָרטן געזונגען און געטאַנצט. צוזאַמען האָט מען דאָרטן געשטיפט. צוזאַמען האָט מען דאָרטן אויסגעלאָדן פון זיך דעם אָקומולירטן יוגנט־ברען, צוזאַמען האָט מען דאָרטן צוגעגרייט אויספלוגן און צוזאַמען האָט מען דאָרטן זיך באַמיט צו פאַרשרייען די זאָרגן און די אינדיווידועלע, שווערע, מאַטעריעלע פּראָבלעמען, וועלכע האָבן געהויערט כמעט אויף יעדן איינעם פון זיי.

דאָס הויז פון די יונגע גאָרדאָנס איז געוואָרן אַ שם דבר אין חיפה, און יעדער יונגער מענטש האָט געזוכט אַ געלעגנהייט ווי אַזוי אַריינצוקריגן זיך אינם קרייז פון די גאָרדאָן־געסט.

אין אַזאַ טומלדיקער, לעבעדיקער און פרייִלעכער אַטמאָספערע איז צו איר זון און שנור אָנגעקומען נאַסטאַסיאַ, דעם באַרימטן פּראָפעסאָר ה. ל. גאָרדאָנס פרוי פון ירושלים.

מער נאָך ווי איר אייגענער זון האָט פנינה זיך דערפרייט מיט איר שוויגערס אָנקומען. פנינה האָט איר אויפגענומען מיט ליבשאַפט, מיט האַרציקער וואַרעמקייט און מיט טאָכטער־צערטלעכקייט.

פנינה האָט גאָרנישט געוווּסט, פאַר ליבשאַפט, וואָס צו טאָן מיט

# מאיר קאַראָנאַ

איר שווינגער. פאַר אַלע וואָס האָבן זיך געחברט אין איר הויז האָט פנינה פאַרגעשטעלט איר שווינגער מיט אַ מאַסע אַדיעקטיווע שבחים און זי האָט זיך באַמיט אַריינצופירן די שווינגער אין דער יוגנט־פרייליכקייט פון איר הויז.

נאַסטאַסיאַ האָט זיך דערפילט אין חיפה, ביי איר זון און שנור, ווי איינער וואָס איז אַרויס פון אַן ענגער תפיסה און האָט זיך מיטאַמאָל דערזען אין דער פרייער רחבות פון גרינעם פעלד, געדיכטן וואַלד און רוישיקן טייך.

פון אָנהייב האָט זיך נאַסטאַסיאַ געפילט אַביסל נישט באַקוועם מיט דעם, וואָס די גאַנצע יוגנט האָט גערעדט נאָר העברעיש, אַ שפּראַך פון וועלכער זי האָט קיין איין וואָרט נישט פאַרשטאַנען.

אָבער ווען זי האָט דערהערט, אַז עטלעכע פאַרלעך פון איר זונס שטאָם־געסט רעדן אויך רוסיש, האָט נאַסטאַסיאַ גאָר אויפגעלעבט. מיט רוסיש, ענגליש און אַביסל יידיש האָט זי שוין גוט געקענט זיך אַריינפּאַסן אין דער סביבה, אין וועלכער זי האָט פריי אָפּגעאָטעמט.

באַלד ווי נאַסטאַסיאַ איז אָנגעקומען קיין חיפה האָט פנינה, מיט איר קלוגן קוק, באַמערקט אַז איר שווינגער טראָגט עפּעס אַ שווערקייט אויפן האַרצן. פנינה האָט אָבער געהאַט גענוג טאַקט, נישט צו געבן פילן איר שווינגער, אַז זי פאַרדעכטיקט עפּעס. זי האָט נאָר געזוכט אַ וועג ווי אַזוי, אויף אַן אומדירעקטן און דעליקאַטן אופן, דאָס צו דערגיין פון איר שווינגער. עטלעכע מאָל האָט פנינה געפּרוווט פאַרפירן אַ שמועס מיט דער שווינגער וועגן איר לעבן אין ירושלים. אָבער נאַסטאַסיאַ האָט יעדעס מאָל זיך אַרויסגעדרייט פון אַזאַ שמועס. דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט פנינהס פאַרדאַכט, אַז אין איר שווינגערס קעגנוואַרטיקן לעבן אין ירושלים איז נישט אַלץ אין געהעריקער אָרדנונג.

איינמאָל אין אַן אָוונט האָט פנינה אַרויסגענומען איר שווינגער אויף אַ שפּאַציר. גייענדיק אַזוי האָט פון זיך אַליין זיך אויסגעוויקלט צווישן נאַסטאַסיאַן און פנינהן אַזאַ דיאַלאָג:

— אַך ווי שיין חיפה איז! — האָט נאַסטאַסיאַ אויסגערופן מיט באַגייסטערונג — איך קען זיך גאָרנישט אָנזעטיקן מיט חיפהס שיינקייט! אַפילו די מענטשן דאָ זענען גאָר אַנדערע, נישט קיין

## פאַרלוירענע ווענן

פאַרצייטיקע טויטע נפשות, נאָר לעבעדיקע, היינטוועלטיקע מענטשן.

— וואָלט איר, שוויגער, געוואָלט וווינען אין חיפה?

— צי איך וואָלט געוואָלט, אַ פראַגע אַביסל, איך וואָלט אוועקגעגעבן אַלץ וואָס איך פאַרמאָג אַבי איך זאָל קענען וווינען אין חיפה.

— און מיר דאַכט, אַז ירושלים איז זייער אַ שיינע שטאָט. עס ליגט אויף איר אַ באַזונדערער, אייגנאַרטיקער חן.

— אוי טאָכטערשי — האָט נאַסטאַסיאַ אויסגעקרעכצט — איך האָב שוין ירושלים איבערן האַלדז. איך קען שוין מער נישט פאַרטראָגן, נישט דער שטאָט און נישט די מענטשן דאָרט.

— און איר מיינט, שוויגער, אַז אין חיפה זענען אַלע מענטשן די זעלביקע ווי די וואָס קומען אַריין צו אונדז? דאָ זענען אויך פאַראַן געגנוג מענטשן, וואָס איך וואָלט אין זייערע דלד אמות נישט געוואָלט שטיין. אָבער יעדער איינער פּאַסט זיך צו צו אַזאַ קרייז וואָס אים איז נאָענט און אָנגענעם. אין ירושלים איז אויך אַזוי. איך ווייס, אַז אין ירושלים וווינען אַ סך אינטעליגענטע פאַמיליעס. זוכט מען באַקאַנטשאַפט מיט אַזעלכע פאַמיליעס וואָס זאָלן אייך זיין פּאַסיק.

— יאָ טאָכטערשי, ביסט זייער גערעכט. ווען אָבער איז דאָס אַלץ געזאָגט געוואָרן, ווען צווישן מאַן און ווייב הערשט אַן איינשטימיקע מיינונג, אַזוי ווי ביי דיר, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, אַזוי ווי אין דער גאַנצער וועלט און אַזוי ווי עס איז געווען ביי אונדז אַלע יאָרן. אָבער איך פאַרשטיי נישט און איך קען נישט באַגרייפן, וואָס פון מיין מאַן איז דאָ געוואָרן. אַזאַ הויכגעבילדערטער און אינטעליגענטער מענטש, מיט אַזאַ וועלט־באַרימטן נאָמען, האָט זיך אַריינגענודעט אין אַ קרייז פון ווילדע לאַפּאַצוטן און צעקוועטשטע כניאָקעס און ער וויל דווקא זיך פירן ווי זיי און נאָכמאַכן אַלע זייערע משוגענע שטיק. אין שטוב ביי אונדז איז אַ שרעק. טאָג און נאַכט הער איך די זעלביקע מעשה׳ס: „דאָס טאָר מען נישט, דאָס איז טריף, דעם טאָג מעג מען יאָ קאָכן און יענעם טאָג טאָר מען נישט קאָכן, דאָ טאָר מען נישט ליגן און דאָרט טאָר מען נישט שטעלן". איך וועל משוגע ווערן. איך וועל עס נישט איבערטראָגן. איך בין קיינמאָל נישט געוווינט געווען צו אַזעלכע ווילדע פירעכצן. איך וועל

# מאיר קאַראַנאַ

עס נישט אויסהאַלטן. אָדער עס וועלן פּלאַצן מיינע נערוון, אָדער דאָס האַרץ וועט מיר פּלאַצן. איך קען נישט! איך קען נישט! איך קען מער אַזאַ לעבן נישט דולדן! היינט ווו זשע זאָל איך קומען און וווהין זאָל איך גיין? צו זיינע באַרבאַרישע לאַפּאַצוטן וויל איך נישט קומען. ווידער צו אַזעלכע פאַמיליעס, וואָס איך וואָלט געהאַלטן פאַר פּאַסיק, וועט ער נישט גיין. איז וואָס זשע קען דערפון אַרויסקומען און וואָס קען דאָ פון מיר זיין דער תכלית? מיר איז ביטער, טאַכטערשו, שרעקלעך ביטער!

און נאַסטאַסיאַ האָט זיך צעוויינט.

דאָ האָבן זיך געביטן די ראָלן: נאַסטאַסיאַ האָט זיך געפילט ווי אַן אומבאַהאָלפן פאַרלוירן קינד און פנינה איז אַריבער אין דער ראָל פון אַ מוטער, וואָס וויל איינגעמען און טרייסטן איר אומגליקלעך קינד.

פנינה האָט נאַסטאַסיאַן אַרומגענומען, האַרציק איר געקושט און צו איר אַזוי געזאָגט:

— האָט נישט פאַראיבל, שוויגער, וואָס איך וועל אייך זאָגן. איר זענט עלטער פאַר מיר, איר פאַרשטייט בעסער פון מיר און איר האָט לעבנס דערפאַרונג אוודאי מער פון מיר, פונדעסטוועגן נעם איך זיך די רעכט אייך צו באַמערקן עפּעס וועגן פאַמיליע־לעבן, לויט ווי איך פאַרשטיי דאָס. איך מיין, אַז איינשטימיקייט צווישן מאַן און ווייב איז נישט דער הויפּט־פאַקטאָר פאַר אַ גליקלעכן פאַמיליע־לעבן. איך גלויב קוים, אַז ביי וועלכן פאָרפאָלק, יונגע צי עלטערע, איז פאַראַן איינשטימיקייט. אפשר נאָר ביי צוויי נאַראָנים קען דאָס טרעפן. אָבער ביי צוויי באַוווסטזיניקע און פאַרשטענדיקע מענטשן האָט יעדער איינער זיין כאַראַקטער, זיין אייגענעם שכל, זיין אייגענעם צוגאַנג צו פּראָבלעמען, און צו פאַרלאַנגען איינשטימיקייט איז פשוט אַן אומזין. דער אמתער הויפּט־פאַקטאָר פאַר אַ גליקלעכן פאַמיליע־לעבן איז געמיינזאַמע פאַרשטענדעניש. איינער דעם צווייטן דאַרף וועלן פאַרשטיין. דאָס איז דער עיקר און ווען איינער דעם אַנדערן איז פעיק צו פאַרשטיין איז דאָס גליק פון געמיינזאַמען פאַמיליע־לעבן שוין געזיכערט. איצט לאָמיר זען, ווער עס איז מיין שווער, דער באַרימטער פּראָפעסאָר גאָרדאָן, און לאָמיר אים וועלן פאַרשטיין.

# פאַרלוירענע וועגן

ער איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין א רבנישער פאַמיליע. זיינע עלטערן און עלטערנס עלטערן, דורות לאַנג, זענען געווען רבנים, גאונים און באַרימטע תורה־קענער. ביז זיינע צוואַנציק יאָר איז לערנען תורה און פירן זיך יידיש, לויטן אַלטן יידיש־רעליגיעזן שטייגער, געווען דער אינהאַלט און דער אידעאַל פון שווערס לעבן.

שפּעטער האָט ער אַ סך יאָרן, ווי ער זאָגט, אַראָפּגעבלאָנדזשעט פון ריכטיקן וועג, פון זיינע עלטערנס וועג, און ער האָט זיין אמתן לעבנס וועג פאַרלוירן. איצט, דענקט דער שווער און ער איז איבערציייגט אין דעם, האָט ער זיין ריכטיקן וועג צוריקגעפונען. אין עס דאָס זעלביקע, ווי אַ רייכער מענטש וואָס האָט פאַרלוירן זיין פאַרמעגן, איז געוואָרן פאַראָרעמט און דערנאָך, שפּעטער מיט יאָרן, האָט ער זיין פאַרמעגן צוריק געפונען. איז די אויפגאַבע פון דער פרוי, וועלכע דאַרף זיין דעם מאַנס לעבנס באַגלייטערין, אין אָרעמקייט ווי אין רייכקייט, צו צופּאַסן זיך צום מאַן אין אַלע אומשטענדן, אין פאַרשידענע מאַטעריעלע אומשטענדן און אויך אין פאַרשידענע גייסטיקע אומשטענדן. מ׳דאַרף דעם מאַן וועלן פאַרשטיין און אַריינדרינגען אין זיינע געפילן. אַ פרוי דאַרף שטענדיק זיין דעם מאַנס באַגלייטערין און לעבנס חברטע ביי אַלע סיטואַציעס.

פנינה האָט זיך איינגעקוקט אין נאַסטאַסיאַן צו זען וואָס פאַר אַן איינדרוק אירע ווערטער מאַכן אויף איר און זי האָט ווייטער פאָרגעזעצט:

— איר ביידע האָט דאָך צוזאַמען דורכגעמאַכט אייער געמיינזאַמען לעבנס וועג אין פאַרשידענע, שלעכטע און גוטע, צייטן. מוזט איר ווייטער גיין צוזאַמען און נישט בלייבן שטיין אינמיטן וועג. איר האָט דאָך, שוויגער, אַ בריליאַנטענעם כאַראַקטער און איר זענט דאָך זייער אַ קלוגע און אינטעליגענטע פרוי, זאָל אייך אייער גוטסקייט און אייער קלוגשאַפט ביישטיין אין אַ קריזיס־צייט. איך גלויב, אַז איר האָט מיך פאַרשטאַנען. דער שווער איז אַ גרויסער געלערנטער מענטש, צו דעם איז ער אויך אַ הויך־אינטעליגענטער מאַן, ווינציק מענטשן קענען זיך פאַרגלייכן צו אים. ווען אַזאַ מענטש מוזן מיר זאָגן: „מסתם ווייסט ער וואָס ער טוט". און גליקלעך דאַרף זיך שעצן די פרוי וואָס האָט אַזאַ מענטש פאַר אַ מאַן. איך רעד צו אייך, שוויגער, ווי אַן אייגענע טאָכטער. לאָזט דעם שווער אָנגיין

מיטן לעבן ווי ער פאַרשטייט און איר זייט צו אים, ווי איז אַלע יאָרן, אַ טרייע חברטע. אַ מענטש טאָר נישט זאָגן „איך בין צו דעם קיינמאָל נישט געווינט געוועז". אַזוי קען נאָר זאָגן אַ פּראָסטער, אומגעבילדעטער מענטש. אָבער אַן אינטעליגענטער און געבילדעטער מענטש, ווי איר זענט, דאַרף זאָגן: „מען מוז זיך צופּאַסן". האָט נישט פּאַראיבל, שוויגער, וואָס כ'האָב צו אייך גערעדט אין אַזאַ טאָן.

נאַסטאַסיאַ האָט פּנינהן אַרומגעכאַפּט, שטאַרק זי צוגעדריקט צו זיך און שטיל, מיט איינגעהאַלטענע טרערן, האָט זי געזאָגט:

— נישט אומזיסט זאָגט מיין מאַן, אַז דו ביסט אַ חכמה, אַ געזונט דיר אין דיין קלוגן קאָפּ אריין!

⁂

נאַסטאַסיאַ האָט געפירט איר לעבן אין צוויי שטעט, אין ירושלים און אין חיפה. נאָך יעדע עטלעכע וואָכן פון איר פאַרשטיקטער איינזאַמקייט אין ירושלים, איז זי אַוועק אויף אַ אַכט טעג אָפּצואָטעמען אין דער פרייער רחבות פון איר זונס היים אין חיפה.

אינם לעצטן חודש, ווען פּנינה האָט זיך געריכט אין קימפּעט אַריין, איז נאַסטאַסיאַ שוין דאָרטן פאַרבליבן די גאַנצע צייט אין חיפה, ביז פּנינהס איבערקומען.

# אויפן ברית ביי גרשון און פנינה גאָרדאָן אין חיפה

באַלד נאָך פּורים אין חיפה.

פאַרשווונדן זענען שוין געווען די לעצטע שפּורן פונם ווינטער. דער אָנהייב פרילינג, מיט זיין גאַנצער שיינקייט און פּראַכט, מיט וועלכער עס איז געבענטשט דער שומרון אין פרילינג־צייט, האָט זיך שוין גענומען שפּרייטן, איבער באַרג און טאָל, מיט בליונג און פריידיקער אויפגעהייטערטקייט, פון די שפּיצן כרמל־בערג ביז צו ברעגן פון מיטללענדישן ים.

אונטערן הימל האָבן געזשומעט גאַנצע הורבעס מיט צפון־פייגל, וואָס זענען צוריקגעפלויגן פון אַפריקע, דורך ארץ ישראל, אויף צו זומערן ווידער אין זייערע פאַרלאָזטע היימען. און אויף חיפה׳ר באָדן האָבן געזשומעט און געטומלט טויזנטער טוריסטן, וואָס זענען אָנגעקומען אין ישראל, צו פייערן דאָרט דעם פרייהייטס יום טוב פּסח, איינצוזאַפּן אין זיך דעם מיט שיינקייט־באַלאָדענעם ישראל־פרילינג, צו דערקוויקן זיך מיט דעם יידישן פרייהייט־גייסט פון דער זעלבסטשטענדיקער מדינת ישראל, איינצולעבן זיך מיט דעם פריידיקן שאַפונגס פּראָצעס פון פאָלק ישראל אין זיין באַנייטן היימלאַנד און אָנצולאָדן זיך מיט אַ גרויסן באַגאַזש פון יידישן פאָלקס מוט און יידישן פאָלקס שטאָלץ, כדי מיטצונעמען דאָס מיט זיך אין זייערע גלות־היימען אויף צו גענוגענען אָנצוגיין דאָרטן ווייטער מיטן יידישן אייגנאַרטיקן פאָלקס לעבן, ביז די צייט וועט קומען און זיי וועלן

# מ א י ר   ק אָ ר אָ נ אַ

קענען ווערן אַליין מיטבויער און מיטבירגער פונם אייגענעם לאַנד.

אין אַט אַזאַ נאָך פּורים, אַנדערהאַלבן יאָר נאָך דער חתונה פון אינזשעניר גרשון און פנינה גאָרדאָן, זענען קיין חיפה אָנגעקומען זייער חשובע געסט.

עס זענען געקומען: דער באַרימטער גאון, ירושלימער רב, ר׳ ישראל מאיר סירקין מיט דער רביצן רבקה; עס איז געקומען דער באַרימטער מעדיקער, פּראָפעסאָר פון ירושלימער אוניווערסיטעט, דאָקטאָר חיים לייב גאָרדאָן (זיין פרוי, נחמה, איז שוין געווען אין חיפה נאָך פון פריער); עס זענען אויך אָנגעקומען פון מעקסיקע: דער רייכער פאַבריקאַנט, לעאָן קיזעלשטיין מיט זיין פרוי.

דאָס זענען זיי אַלע געקומען קיין חיפה צו פייערן דעם ברית פון זייער ניי־געבוירענעם אייניקל, ביי זייערע קינדער, גרשון און פנינה גאָרדאָן.

שוין אין חיפה האָבן די קיזעלשטיינס זיך געטראָפן מיט עטלעכע ייִדישע פאַמיליעס פון מעקסיקע, וואָס זענען געקומען אויף פּסח קיין ישראל, און זיי זענען אויך פאַרבעטן געוואָרן אויף דער ברית־מילה־פייערונג.

ווען מ׳האָט דעם קינד אַ נאָמען געגעבן „שלמה" איז רבקה, די רביצן, אַרויס מיט אַ ברכה:

— הלוואי זאָל דער רך הנולד, שלמה, אויסוואַקסן, מיט לאַנגע און געזונטע יאָרן, אַזאַ גאון און אַזאַ צדיק ווי עס איז געווען זיין עלטער־זיידע, ר׳ שלמה זכרונו לברכה, וועמענס הייליקן נאָמען דאָס קינד האָט נאָר וואָס באַקומען.

אויף דעם האָט דער רב, ר׳ ישראל מאיר, געענטפערט אויפן קול:

— אמן, כן יהי רצון!

ביים דאָקטאָר גאָרדאָן האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן און די יונגע מאַמע, פנינה גאָרדאָן, האָט צוגעגעבן איר ברכה:

— און הלוואי זאָל אונדזער זונעלע, שלמה, אויסוואַקסן אַזאַ טרייער און איבערגעגעבענער בויער פון זיין געבוירנלאַנד, ווי עס איז געווען שלמה המלך בשעתו.

# פאַרלוירענע וועגן

— אויף דעם האָט איר פאָטער, לעאָן קיזעלשטיין, געענטפערט פונקט ווי פריער דער רב:

— אמן, כן יהי רצון!

ביי דער סעודה פון ברית האָט דער רב, ר׳ ישראל מאיר, געזאָגט אַ דרוש וועגן ענין ברית אברהם. ער האָט אַרויסגעבראַכט דעם פאָלגנדיקן געדאַנק:

— איידער דער אייבערשטער האָט פאַרזאָגט אברהם אבינו וועגן ברית מילה האָט ער אים געשאָנקען דריי מתנות: ער האָט אים מיטן ווייב צוגעגעבן אַ „ה״ צו זייערע נעמען, אָנשטאָט „אברם״ זאָל ער הייסן „אברהם״, אָנשטאָט „שרי״ זאָל זי הייסן „שרה״; ער האָט אים און זיינע קינדס קינדער געשאָנקען „את כל ארץ כנען״ דאָס גאַנצע לאַנד כנען (ארץ ישראל) און ער האָט אים געשאָנקען די מתנה פון „והייתי להם לאלוהים״ אַז ער וועט זיין אַ גאָט פאַר זיינע קינדער און קינדס קינדער. ערשט דערנאָך, ווי דער אייבערשטער האָט געשאָנקען אברהמען אָט די דריי מתנות, האָט ער, אַלס סימן פון אייביקער פריינדשאַפט מיט אברהמען, מיט זיינע קינדער און קינדס קינדער, אָנגעזאָגט צו מאַכן דעם פריינדשאַפט־צייכן אויפן יידישן לייב.

— זעען מיר דערפון אַזוי — האָט דער רב געזאָגט — אַז דער ברית־צייכן אַליין מאַכט נאָך נישט דעם געבוירענעם פאַר אַ ייד. דאָס איז נאָר דער צייכן פון אַ ייד, אָבער נישט דער ייד אַליין. אַ ייד דאַרף מען ערשט ווערן. עס איז פונקט דאָס זעלביקע ווי אַ פריינדשאַפט־סימן צווישן צוויי מענטשן. דער סימן איז נאָך נישט די פריינדשאַפט. די אמתע פריינדשאַפט דאַרף ערשט ווערן איינגעוואָרצלט אין האַרצן אַזוי, אַז זי זאָל באַרעכטיקן דעם סימן. וואָרן אָן ערלעכער און אינטימער פריינדשאַפט איז דער סימן אַליין גאָר אַן אָפּגענאַרטער און אַ פאַלשער. און אין וואָס באַשטייט טאַקע די אמתע און ערלעכע פריינדשאַפט צווישן יידן מיטן רבונו של עולם? אָט דאָס זענען די דריי מתנות: „והייתי להם לאלוהים״, דינען דעם אייבערשטן, אָפּהיטן זיין תורה און זיינע מצוות; די „ה״, אָפּהיטן און טייער האַלטן דעם יידישן נאָמען, דורך וועלכן דער ייד ווערט „סגולה מכל העמים״; און „ארץ כנען״, ליבשאַפט צום לאַנד פון די אבות, מיטן באַגריף פון קדושת הארץ. אָבער די אַלע דריי

מוז גיין האַנט ביי האַנט צוזאַמען. בלויז לאַנד, ווי אַנדערע מיינען, צי בלויז יידישער נאָמען, ווי אַנדערע ווילן זיך איינרעדן, אָן עבדות הבורא און אָן תורה ומצוות און מעשים טובים, האָט עס קיין שום באַדייט נישט און פאַרן קיום העם ברענגט עס אַ סך מער שאָדן ווי נוצן.

— אָט די דאָזיקע ווערטער — האָט ר׳ ישראל מאיר צוגעגעבן — זאָג איך בשם אומרו. דאָס האָב איך געהערט פון יאַנאָווער רב, ר׳ שלמה זכרונו לברכה, נאָך ווען מיר האָבן איצט אַ נאָמען געגעבן אונדזער אור־אייניקל, אויף לאַנגע יאָרן.

אַלע האָבן פאַרשטאַנען אַנטקעגן וועמען דער רב האָט געצילט מיט זיין דרוש... אָבער, אַלס דרך ארץ פאַרן רב, האָט קיינער נישט געוואַגט אים איבערצושפּאַרן. בלויז נאָר פנינה, וועלכע האָט נישט געקענט פאַרטראָגן קיין עוולות, האָט געוואָלט ענטפערן דעם רב. אָבער איר מוטער, בערטאַ, האָט געגעבן צו איר אַ ווונק און געמאַכט צו איר אַ צייכן מיט דער האַנט, אַז זי זאָל שווייגן און אויף איר שמחה זאָל זי נישט פאַרפירן קיין דיסקוסיעס.

דאָ האָט איינער פון די מעקסיקאַנער יידן, גדליה מערלאַנד, וואָס איז געווען אַ פאַרבערטענער גאַסט אויפן ברית, דערציילט אַזאַ טשיקאַווע געשיכטע:

— שוין אַ סך יאָרן אין דעם, בערך מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק, בין איך מיט מיין פרוי געפאָרן פון לאַנדאָן קיין ניו־יאָרק. אויף דער זעלביקער שיף איז אויך געפאָרן אַ יונגער רוסישער דאָקטאָר. אויף דער שיף איז מיין פרוי געלעגן געוואָרן און געבוירן אַ יינגל. דער יונגער רוסישער דאָקטאָר, אַן עכטער רוס, זיין נאָמען געדענק איך שוין נישט, ער האָט אָפּגענומען דאָס קינד. ער, דער רוסישער דאָקטאָר, האָט מיט מיר פאַרפירט אַ שמועס וועגן דעם יידישן דין מל צו זיין קינדער. האָט אָט דער רוס מיר געזאָגט, אין רוסיש פאַרשטייט זיך, כמעט די זעלביקער ווערטער, וואָס דער רב, להבדיל, האָט דאָ געזאָגט. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער דאָס געהערט פון איינעם אַ פוילישן רב, פון וועמען געדענק איך שוין נישט.

בערטאַ מיט לעאָנען האָבן זיך איבערגעוווּנקען, וואָס דאָקטאָר גאָרדאָן האָט עס גוט באַמערקט.

## פארלוירענע ווערטער

כדי עס זאָל נישט ווערן געלייגט קיין אויפמערקזאמקייט אויף דער געשיכטע וואָס דער מעקסיקאנער ייד האָט דערציילט און מ׳זאָל מער נישט רעדן וועגן דעם, האָט דאָקטאָר גאָרדאָן פאָרגעלייגט, אַז לכבוד דעם נאָמען „שלמה״, וואָס מ׳האָט נאָרוואָס אַ נאָמען געגעבן זיין אייניקל, זאָל די פאַמיליע און אַלע געסט זינגען „והיא שעמדה לאבותינו ולנו״ מיט זיידנס ניגון, ווי ער פלעגט עס זינגען פסח ביים סדר.

ר׳ ישראל מאיר האָט מיט התלהבות געגעבן צו דעם זיין הסכמה און עטלעכע מאָל איז דאָס איבערגעזונגען געוואָרן פון אַלע אָנטיילנעמער אויף דער שמחה.

נאָכן ברית האָט ר׳ ישראל מאיר פאַרבעטן דער גאַנצער פאַמיליע און דעם גאַנצן עולם־געסט, אויף פסח צום סדר, צו אים אין ירושלים.

אַלע האָבן מיט גרויסער צופרידנקייט אָנגענומען די פאַרבעטונג.

# פּסח ביים סדר ביי דעם רב, ר׳ ישראל מאיר סירקין, אין ירושלים

יענעם פּסח ביים סדר זענען געזעסן ביי דעם רב ר׳ ישראל מאירס טיש אין ירושלים: דאָקטאָר חיים לייב גאָרדאָן מיט דער פרוי; לעאָן קיזעלשטיין מיט דער פרוי; אינזשעניר גרשון גאָרדאָן מיט דער דער פרוי און נאָך אַנדערע פאַרבעטענע געסט.

ווען איינער וואָלט וועלן האָבן פאַר זיך אַ לעבעדיקן בילד, ווי עס האָט געזען דער פאַרהייליקטער ביי יידן, אליהו הנביא, וואָלט גענוג געווען אַ קוק צו געבן אויף ר׳ ישראל מאירן ביים סדר־טיש, צו קענען זאָגן מיט זיכערקייט: „אָט דאָס איז ער, אליהו הנביא״.

אין ווייסן קיטל און אין דער ווייסער יאַרמעלקע, מיט דער לאַנגער ווייסער באָרד, מיט דעם פאַרדבייקעטן פּנים און מיט די פאַרחלומטע, כולו־רוחניותדיקע אויגן, האָט ר׳ ישראל מאיר אויסגעזען ווי אַ מענטש פון גאָר אַן אַנדערער וועלט, ווי איינער פון דעם עולם האצילות, ממש — ווי אַ מלאך אלוהים.

דעם קידוש האָט ר׳ ישראל מאיר אויסגעזונגען מיט אַזאַ הייליק־מיסטישן ניגון, וועלכער האָט אָפּגעקלונגען ווי אַ געזאַנג פון דאָרטן... פון דער מלאכי השרתדיקער שירה.

נאָך קידוש, כרפּס ורחץ און יחץ, האָט די רביצן געפרעגט:

— ווער וועט היינט פרעגן די פיר קשיות?

## פארלוירענע וועגן

אויף דעם האט פנינה געענטפערט שפאסיק:

— ווען מיין זון, ר׳ שלמה, זאל געזונט זיין, וואלט נישט געשלאפן וואלט ער געפרעגט די קשיות. אבער אזוי ווי ער שלאפט וועל איך פאר אים פרעגן די קשיות.

דער רב האט מסכים געווען.

פנינה האט געפרעגט די קשיות מיט א סימולירנדיקן, קינדיש־נאיוון טאן, פונקט ווי א קליין קינד, ווען דער רבי האט קוים אויסגעלערנט נאכצוזאגן די פיר קשיות.

דער דאזיקער אופן פון פרעגן די קשיות האט אויף א וויל אוועקגענומען ביים רב די הייליקע ערנסטקייט פונם מאמענט און אויף זיינע ליפן האט זיך באוויזן א קוים־באמערקטער שמייכל.

דער רב האט פארטייטשט די גאנצע הגדה מיט אייגענע צוגאבן, פירושים, אויסטייטשונגען און דערקלערונגען, און ביים עסן האט ער געזאגט א גאנצן דרוש וועגן „פסח מצרים און פסח לעתיד”. אין דעם איז אויף איידעלעם אופן געזאגט געווארן א סך שטעך־אנדייטונגען קעגן די ציונים, די „דוחקי הקץ”. ער האט זיין לומדישן דרוש געזאגט מיט אזא פשוטער, געוויינלעכער און צוגענגלעכער שפראך, אז אפילו די ווייבער ביים טיש האבן אים גוט פארשטאנען.

פארן בענטשן האט דער רב זיך געווענדעט צו דאקטאר גארדאן:

— ר׳ חיים ליב, פון אייער אפגעדרוקטן ספר און אויך פון מיינע שמועסן מיט אייך האב איך געזען, אז איר זענט, נישט נאר א בארימטער דאקטאר, נאך אויך — א גרויסער למדן. בעט איך אייך, זאגט אונדז עפעס לכבוד דעם סדר.

חיים ליב האט לאנג נישט געלאזט זיך בעטן און האט ער געזאגט א לאנגן לומדישן דרוש, וואס איז באזירט געווען אויף דעם מאמר אין דער גמרא פסחים דף ג׳ ע״ב, וואו עס ווערט דערציילט וועגן „ההוא ארמאה”, דעם גוי וואס האט זיך פארשטעלט פאר א ייד און ער פלעגט קומען עסן פסחים אין ירושלים און ווי אזוי רבי יהודה בן בתירא איז פון זיינע ווערטער דערגאנגען, אז ער איז נישט קיין ייד. און דער דין איז דאך, אז „כל בן נכר לא יאכל בו”, אז א נישט־ייד טאר פון קרבן פסח נישט עסן.

## מ א י ר   ק אָ ר אָ נ אַ

נאָכן ענדיקן דעם דאָזיקן דרוש האָט דער רב געדריקט חיים ליבן די האַנט און צו אים געזאָגט:

— ר׳ חיים ליב, אַ גרויסן דאַנק אייך. איר האָט אונדז מהנה געווען מיט אייערע וווּנדערבאַרע חידושים. איר האָט זוכה געווען לשני שולחנות (צו צוויי גרויסקייטן), וואָס לאו כל אדם זוכה לכך. (נישט יעדער מענטש איז זוכה צו אַזעלעכס). זאָל אייך דער אייבערשטער געבן געזונט און כוח, איר זאָלט האָבן אריכות ימים און שטענדיק קענען אָנגיין מיט ביידע שולחנות, מיט תורה און מיט חכמת הרפואה.

אַלע לומדים, וואָס זענען געזעסן ביים טיש, האָבן מסכים געווען, אַז דאָקטאָר גאָרדאָנס דרוש איז געווען פון גרויסן לומדישן באַדייט.

— איצט בעט איך אַ דערלויבעניש — האָט לעאָן קיזעלשטיין זיך אָנגערופן — איך וויל אויך עפּעס זאָגן.

— מיט פאַרגעניגן, ר׳ ליב, מיט פאַרגעניגן — האָט דער רב געענטפערט.

— פאַרשטייט זיך — האָט קיזעלשטיין אָנגעהויבן — אַז איך קען נישט זאָגן קיין תורה, ווי דער רב און ווי מיין מחותן. איך וויל נאָר ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט אייך זאָגן עפּעס וועגן אַ וואָכעדיקן ענין, אָבער זייער אַ וויכטיקן ענין: איך גיב אייך צו וויסן, מיינע ליבע קינדער און מיינע ליבע מחותנים, אַז מיין פרוי און איך קומען אַהער צו באַזעצן זיך, מיט אייך צוזאַמען, אין מדינת ישראל. איך האָב אָפּגעקויפט ביי מיין שותף זיין העלפט פון אונדזער פאַבריק און אם ירצה השם גאָר אינגיכן וועל איך אַריבערפירן מיין פאַבריק אַהער, אין אונדזער לאַנד. איך האָב שוין פאַר דעם באַקומען אַלע פאָרמעלע דערלויבענישן פון דער היגער רעגירונג.

אַלע האָבן שטאַרק אַפּלאָדירט דער דאָזיקער מעלדונג און דער רב האָט געזאָגט:

— ר׳ ליב קיזעלשטיין, תשרה שכינה במעשה ידיכם (דער הימלעשער גייסט זאָל רוען אויף אייער אונטערנעמונג). זייער גוט טוט איר. זאָלן מיר טאַקע זיין אַלע צוזאַמען, אין גוטער יידישקייט.

דאָקטאָר גאָרדאָן האָט געדריקט קיזעלשטיינען די האַנט און צו אים געזאָגט:

# פאַרלוירענע וועגן

— מחותן, איך בין פולשטענדיק מסכים מיט דער ברכה פון רב און הלוואי קומען א סך יידן צו אזא באַשלום. זאָל אייך גאָט העלפן מיט הצלחה אין אייער דאָזיקן וועג.

ביים סוף פון אַנדערן האַלבן סדר האָט חיים לייב גאָרדאָן געבעטן, אַז די גאַנצע פאַמיליע, צוזאַמען מיט די געסט, זאָלן זינגען „חד גדיא״ מיטן ניגון פון זיין זיידן, יאַנאָווער רב.

אַלע ביים טיש, אויך ר׳ ישראל מאיר און די רביצן רבקה, האָבן מיט התלהבות געזונגען „חד גדיא״ מיטן יאַנאָווער רבס ניגון.

נאָכן אָפזינגען „חד גדיא״ האָט פנינה זיך אויפגעשטעלט און פייערלעך דערקלערט:

— ליבע עלטערן, ליבע שווער און שוויגער, ליבע זיידע באָבע און פריינד: אָט א דאַנק דעם דאָזיקן „חד גדיא״-ניגון, פון מיין מאַנס באַרימטן עלטער-זיידן, זענען פאַרלויערענע וועגן צוריק געפונען געוואָרן. אויך א דאַנק אָט דעם דאָזיקן „חד גדיא״-ניגון איז געשלאָסן געוואָרן דער שידוך צווישן מיין מאַן מיט מיר, ווי לאַנג מיר וועלן לעבן וועט דער דאָזיקער ניגון זיין ביי אונדז הייליק און טייער. אויך צו אונדזערע קינדער וועלן מיר דעם דאָזיקן ניגון לערנען, צוזאַמען מיט אַלע יידישע טראַדיציאָנעלע הייליקייטן און מיר וועלן איינוואָרצלען אין אונדזערע קינדער א פאַרהערלעכונג-באַציונג צום דאָזיקן ניגון... לאָמיר זשע נאָכאַמאָל איבערזינגען אַלע צוזאַמען:

„חד גדיא, חד גדיא!״

## נאַסטאַסיאַס ליידן און איר סוף

חול המועד פּסח איז לעאַן קיזעלשטיין אַפּגעפאָרן קיין מעקסיקע, איינצואָרדענען דאָס איבערפירן פון זיין צעלאָלאָיד־פאַבריק, פון מעקסיקע אין ישראל, און בערטאַ, פנינה'ס מוטער, איז געבליבן אין חיפה. זי האָט באַשטימט שוין נישט צוריק צו פאָרן קיין מעקסיקע, נאָר צו בלייבן דערווייל וווינען מיט איר טאָכטער אין חיפה, ביז וואַנען איר מאַן וועט קומען צוריק פון מעקסיקע. דערווייל, אין דער דאָזיקער צייט, וועט זי זיך אַרומזען וועגן אַ פּלאַץ פאַר דער פאַבריק און וועגן אַ הויז פאַר אַ וווינונג.

אין אַ בריוו וואָס פנינה האָט דערהאַלטן פון איר שוויגער, אַכט טעג נאָך פּסח, איז געשריבן געווען אַזוי:

„מיר, מיין מאַן און איך, פירן אונדזער געמיינזאַמען פאַמיליע־לעבן כמעט שווייגנדיק. עס זעט אויס ווי מיר וואָלטן זיך פילן אין עפּעס שולדיק איינער קעגן צווייטן. מיין מאַן פאַרשיכורט זיין שולדיקייט־געפיל אין אָנגעשטרענגטער אַרבעט. איך ווידער פאַרשיכור מיין שולדיקייט־געפיל אין לייענען ביכער און די רעשט — אין קינאָ'ס. מיר לעבן ביידע צוזאַמען און יעדער איינער אין זיין באַזונדערער איינזאַמקייט. איך — אין מיין אַליין'קייט און ער איז איינזאַם אַפילו אין זיין לאַפּאַצוטן־געזעלשאַפט. אַ ווייב קען מען נישט נאַרן. איך זע עס און פיל עס גאַנץ גוט. איך באַמי זיך מיט אַלע כוחות

## פאַרלוירענע וועגן

צו פאָלגן דיין קלוגע עצה, ליבע טאָכטער, „צו פארשטיין און זיך צו צופאַסן", אָבער מענטשלעכע כוחות זענען באַגרענעצט. ווער ווייסט צי וועלן מיינע כוחות מיר דינען אויף צו קענען איבערטראָגן און אויסהאַלטן. ווער ווייסט! די צייט וועט דאָס ווייזן".

פנינה האָט גאַרנישט דערציילט פאַר איר מוטער וועגן איר שוויגערס אומצופרידענעם לעבן. זי האָט אויך נישט געוויזן איר מוטער דעם בריוו, וואָס זי האָט דערהאַלטן פון איר שוויגער. זי האָט נאָר געזאָגט צו איר מוטער:

— איך שרעק זיך זייער וועגן מיין שוויגער. מיין האַרץ זאָגט מיר פאַר נישט קיין גוטס וועגן איר.

— וואָס איז, פנינה לעבן, איז זי חלילה נישט געזונט?

— איך האָב אַ געפיל, אַז זי איז זייער קראַנק.

— נו, איר מאַן, אַזאַ גרויסער דאָקטאָר, קען איר גאַרנישט העלפן?

— עס זענען פאַראַן אַזעלכע קראַנקהייטן, וואָס דער גרעסטער דאָקטאָר קען שוין נישט העלפן.

— טאַקע, פנינה לעבן, דו מיינסט דאָס אויף אַן אמת? דו שרעקסט מיך איבער. אין איר פנים דערקענט מען דאָס גאַרנישט.

— אַ פנים נאַרט אָפּטמאָל אָפּ. בפרט אַזאַ אינטעליגענטע און קלוגע פרוי, ווי מיין שוויגער איז, קען זיך באַמיען, אַז קיינער זאָל נישט באַמערקן וואָס ביי איר אינערלעך טוט זיך.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער, נאָכדעם ווי פנינה האָט דערהאַלטן דעם בריוו פון נאַסטאַסיאַן, באַלד אינדערפרי איז עס געווען, דאָקטאָר גאָרדאָן האָט זיך געגרייט צו גיין דאַוונען, ווי אין יעדן טאָג, מיטאַמאָל ער גיט אַ קוק צום ווייבס בעט און... אַ שוידער איז אים דורך איבערן גאַנצן לייב. זי איז געלעגן מיט אַן אָפן מויל, מיט פאַרגלעזטע אויגן און דאָס פנים איז געל ווי וואַקס. ער האָט זי גענומען וועקן, מונטערן און רייסן, אָבער — זי איז טויט. אויף אַ מאָמענט איז ער געבליבן צעטומלט, דערשראָקן, פאַרלוירן און אומבאַהאָלפן. די הענט האָבן אים געציטערט, די אויגן האָבן געקוקט

פאַרשטאַרט און ער האָט נישט געקענט באַגרייפן וואָס עס איז דאָ פּלוצלינג געשען. מיטאַמאָל האָט ער דערפילט ווי איינער זאָל אים האָבן געגעבן אַ פעסטן זעץ איבערן קאָפּ מיט אַ שווערן האַמער. ער האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, האָט צוגעמאַכט און אויפגעריסן די אויגן און ערשט דאַמאָלסט האָט ער דערזען אויפסניי, אַז נאַסטאַסיאַ ליגט אין בעט אַ טויטע.

פּונקט ווי אַ שיכורער, ווען ער קריגט אַ שטאַרקן קלאַפּ איבערן קאָפּ און ער ניכטערט זיך אויס, ווייסט ער נישט אויפן ערשטן מאָמענט וווּ ער געפינט זיך, אַזוי האָט גאָרדאָנען, פונם שטאַרקן אומגעריכטן קלאַפּ, אויסגעוויזן נעבן ווייבס טויטן קערפּער, אַז זיין געפינען זיך אין ירושלים איז בלויז אַ וויסטער קאָשמאַר פון אַ שלעכטן חלום.

באַלד האָט גאָרדאָן דערזען, אַז אויף דער שאַפקע, נעבן נאַסטאַסיאַס בעט, שטייט אַ ליידיק פלעשעלע פון ציאַנקאַלי און עס ליגט אַן אָנגעשריבענער בריוו. גאָרדאָן האָט געכאַפּט לייענען דעם בריוו, אָבער פאַר די אויגן האָט אים געשווינדלט, אַז ער האָט נישט געקענט צונויפשפּאַנען אַן אות מיט אַן אות. ער האָט געהאַלטן אין איין רייבן די אויגן, כדי צו קענען ווו עס איז דורכקוקן דעם לעצטן צוואה־בריוו פון נאַסטאַסיאַן.

אינם בריוו, געשריבן אין רוסיש, איז געשטאַנען אַזוי:

„מיין ליבער דאַניעל: צוויי און דרייסיק יאָר בין איך מיטגעגאַנגען מיט דיר אין אַלע דיינע וועגן. איבער שטיינער און גריבער האָבן מיר געשפּאַנט צוזאַמען. ווי אַן אויפריכטיקע און טרייע לעבנס באַגלייטערין בין איך שטענדיק, אין פריידן און ליידן, געשטאַנען ביי דיין זייט. אָבער דאָ, אין ירושלים, אויף דיין נייעם וועג, קען איך מער נישט מיטגיין מיט דיר. עס איז נישט פאַר מיינע כוחות. זיי מיר מוחל וואָס איך לאָז דיך איבער אַליין און איך גיי מיר אַוועק אויף אַ לייכטערן וועג... אָבער וויסן זאָלסטו, דאַניעל, דאָס זענען מיינע לעצטע ווערטער צו דיר, אַז עס איז נישט מער ווי אַ פּוסטע אילוזיע און אַ זעלבסטנאַרעריי ווען מ׳דענקט, אַז מ׳קען צוריק אָפּזוכן אַ פאַרלוירענעם וועג. דו וועסט זיך שפּעטער ארומזען און אָנערקענען, אַז אַ וועג וואָס איז איינמאָל פאַרלוירן געגאַנגען

# פאַרלוירענע וועגן

איז שוין פאַרלוירן אויף אייביק. זיי געזונט און גליקלעך און זייט מיר מוחל, איך האָב אַנדערש נישט געקענט. מיין לעצטן קוש פאַר דיר, פאַר מיין זון, פאַר מיין שנור און פאַר מיין אייניקל, זאָלן זיי מיר אַלע מוחל זיין אויב איך האָב זיי מיט מיין טויט פאַרשאַפט שמערצן. איך האָב אַנדערש נישט געקענט. איך האָב געמוזט צו מיין פּיין און צו מיינע ליידן מאַכן אַן עק".

דיין נאַסטאַסיאַ פּעטראָוו

איבערלייענענדיק דעם בריוו איז גאָרדאָן געבליבן ווי איין שטיק צעפייניקטער שוידער. ער האָט זיך געפילט ווי איינער, קעגן וועמען דאָס געריכט האָט נאָרוואָס אַרויסגעטראָגן אַ טויט־אורטייל, אַלס באַשולדיקטער אין מאָרד. אַזוי איז ער געשטאַנען עטלעכע מינוט, ביז ער האָט מיטאַמאָל אויסגעבראָכן אין אַ יאָמערלעכן געוויין. די פיס זענען אים ווי אונטערגעהאַקט געוואָרן, ער איז צוגעפאַלן מיטן קאָפּ צום טויטן קערפּער און ער האָט זיך היסטעריש צעשריגן:

— מיין טייערע נאַסטאַסיאַ, מיין איינציקע חברטע און טרייע לעבנס באַגלייטערין, דו ביסט געפאַלן אַ קרבן פון מיינע משוגעתן!

ווי דערשלאָגן, דערדריקט און צעבראָכן גאָרדאָן האָט זיך געפילט, שטייענדיק פּנים אל פּנים מיט דער טויטער נאַסטאַסיאַן, האָט ער פונדעסטוועגן קלאָרזיניק זיך געכאַפּט, אַז מ׳דאַרף קודם כל פאַרווישן יעדן שפּור פון זעלבסטמאָרד, כדי עס זאָל נישט קומען צו בזיון המת און מ׳זאָל זיך נישט באַגיין מיט איר ווי מען באַגייט זיך ביי יידן מיט אַ זעלבסט־מערדער. דערנאָך האָט ער אַרויסגעלאָזט אַן אַלאַרם, אַז זיין פרוי איז פּלוצלינג געשטאָרבן פון אַ האַרץ־שלאָג.

⁂

אינזשעניר גרשון גאָרדאָן איז געזעסן שבעה צוזאַמען מיט זיין פאָטער און בערטאַ קיזעלשטיין איז אַרום זיי אַרומגעגאַנגען, מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט, פּונקט ווי אַ געטרייע מומע אַרום קליינע פאַרלאָזטע יתומים. אין דער גאַנצער שבעה־צייט האָט בערטאַ נישט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פון חיים לייבס יעדער באַוועגונג, פון זיין יעדער מינע און פון זיין יעדן קער און ווענד. איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי לייענט אַראָפּ פון זיין צעוויייטיקטן, באַצערטן און

פארמרהשחורהטן פּנים, פון זיינע פארשטארטע אויגן וואָס קוקן אריבער ערגעץ אין דער ווייטקייט אריין און פון זיין פארעקשנטן שוויינן, אז ער טראָגט זיך ארום מיט שלעכטע געדאנקען. און זי האָט באשלאָסן, אז זי טאָר אים נישט איבערלאָזן אליין אין אזא מאָמענט.

נאָך שבעה, ווען גרשון גאָרדאָן האָט זיך געגרייט צו פאָרן צוריק אהיים קיין חיפה, איז בערטאַ צוגעשטאנען צו חיים לייבן, אַז זי וועט מיט אים בלייבן, ווייל זי קען אים נישט לאָזן אליין.

חיים לייב האָט נישט געענטפערט מיטן מויל, נאָר מיטן קאָפּ האָט ער געשאָקלט אויף ניין. וויפל בערטאַ האָט אין אים אריינגערעדט און אויפגעוויזן, אַז ער טאָר נישט בלייבן אליין, אַז קיינער וועט אים נישט אַזוי אָפּהיטן און אויף אים אַזוי אויפפּאסן ווי זי. און זי מוז מיט אים בלייבן, האָט חיים לייב אלץ געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

בערטאַ איז געוואָרן אין כעס און האָט אויסגעשריגן:

— איך האָב נאָך פארדינט ביי דיר, חיים לייב, אַז דו זאָלסט צו מיר רעדן מיטן מויל, נישט בלויז שאָקלען מיטן קאָפּ!

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן, ברכה לעבן, — האָט חיים לייב ערשט דאמאָלסט גענומען רעדן — קיינער אין דער וועלט איז נישט אומשטאנד צו פארהיילן מיין ווונד. דו טאָרסט נישט בלייבן מיט מיר צוליב אַ סך טעמים. דו ביסט אַ קלוגע און דו דארפסט דאָס אליין פארשטיין.

— אונדזער אמאָליקע ליבע — האָט בערטאַ געענטפערט אויפגערעגטערהייט — דארף נאָך האָבן די ווערט אויף אַזוי פיל, אַז דו זאָלסט מיך נישט פארטרייבן פון דיין הויז!

— הער זשע זיך איין, ברכה, וואָס איך וועל דיר זאָגן און דו זאָלסט עס געדענקען: עס איז נישט מער ווי אַ פּוסטע אילוזיע און אַ זעלבסטנארעריי ווען מ׳דערנקט, אַז מ׳קען אָפּזוכן אַ פארלוירענעם וועג. אַ וועג וואָס איז איינמאָל פארלוירן געגאנגען איז שוין פארלוירן אויף אייביק.

חיים לייב האָט געזאָגט אָט די ווערטער, פּונקט ווי ער זאָל זיי ארויסלייענען פון נאסטאסיאס לעצטן בריוו, וואָס זי האָט אים איבערגעלאָזט.

# דער טויט פון דאָקטאָר חיים לייב גאָרדאָן און זיין צוואה

דאָקטאָר חיים לייב גאָרדאָן איז, נאָכן ווייבס טויט, אָנגעגאַנגען ווייטער מיט זיין שטענדיקער טאָג־אָרדנונג, פונקט ווי פריער. דאָך האָבן אַלע דערקענט אין אים די שטאַרקע פאַרענדערונג, וואָס איז אין אים פאָרגעקומען. ער האָט זיך אָפּט פאַרטראַכט און די אויגן האָבן געקוקט שטאַר, אַריבער ערגעץ אין דער ווייטקייט אַריין; אַ מרהשחורה איז פאַרצויגן געווען איבער זיין פּנים און ער האָט אויסגעמיטן צו רעדן מיט מענטשן, סיידן דאָס גאָר נויטיקסטע.

עס זענען אַריבער קוים פיר חדשים נאָך נאַסטאַסיאַס טויט, ווען אינזשעניר גרשון גאָרדאָן האָט באַקומען אַ טעלעגראַמע פון ירושלים, אַז ער זאָל שוין קומען, ווייל זיין פאָטער איז געפערלעך קראַנק.

געקומען זענען אַלע דריי: גרשון, פנינה און בערטאַ און זיי האָבן געטראָפן דעם שטאַרק פאַרעלטערטן, דאָקטאָר גאָרדאָן, אין אַ פאַרקריפּלטן צושטאַנד, וואָס איז אים געקומען פון אַ פּלוצלינגדיקער נערוון־אַטאַקע.

ער איז געלעגן אינגאַנצן פּאַראַליזירט, דאָס מויל אויסגעקרומט און דאָס לשון אָפּגענומען, נאָר וואָס די אויגן זענען געווען אָפן און ער האָט קוים געקענט באַוועגן מיטן קאָפּ. ער איז געווען ביים פולן באַוואוסטזיין, ער האָט אַלץ געהערט וואָס מ׳האָט גערעדט צו אים

און מיט די אויגן און קאָפּ־באַוועגונגען האָט ער געענטפערט „יאָ" צי „ניין".

ווען דער זון מיט דער פרוי און שוויגער זענען אריינגעקומען האָט דער דאָקטאָר, וואָס איז דאָרטן געווען ביים קראַנקן, געגעבן זיי אַ צייכן, אַז זיי זאָלן גאָרנישט רעדן. חיים לייב גאָרדאָן האָט מיט אַ קאָפּ־באַוועגונג צוגערופן פּנינהן. ווען אַלע דריי זענען צוגעקומען האָט ער נאָכאַמאָל מיטן קאָפּ אָנגעוויזן, אַז נאָר פּנינה זאָל בלייבן און די אַנדערע זאָלן אַוועקגיין.

דערנאָך האָט ער פּנינהן אָנגעוויזן מיט די אויגן אויף אַ שיפלאָד פון אַ טישל. פּנינה איז צו צום אָנגעוויזענעם שיפלאָד און זי האָט פון דאָרטן אַרויסגענומען אַ פאַרמאַכטן בריוו. אויפן קאָנווערט איז געווען אָנגעשריבן „צו עפענען באַלד נאָך מיין טויט".

ווען פּנינה האָט זיך אומגעדרייט צוריק מיט פּנים צום קראַנקן זענען שוין די אויגן פון דאָקטאָר חיים לייב גאָרדאָן געווען געשלאָסן אויף אייביק.

דאָס רייכע, פילפאַרביקע לעבן פונם באַרימטן פּראָפעסאָר, דאָקטאָר גאָרדאָן—פּעטראָוו, איז, אין פּלאָנטער צווישן וועגן, גרויזאַם אויסגעלאָשן געוואָרן.

אינמיטן פון די געוויינען, היסטעריקעס און צער־אויסברוכן, פון די אַלע אַרומיקע, האָט פּנינה געעפנט דעם בריוו, אין וועלכן עס איז געווען געשריבן אַ קורצע צוואה, אין העברעיש:

„איך בעט מ'זאָל מיך מקבר זיין נעבן מיין פרוי. מ'זאָל אונדזביידן שטעלן איין מצבה און אויף דער מצבה זאָל אויך זיין אַ צושריפט:

„אל יחפשו דרכים אובדות, כי לעולם לא ימצאון".

(מ'זאָל נישט זוכן פאַרלוירענע וועגן, מ'וועט זיי קיינמאָל נישט געפינען).

חיים לייב גאָרדאָן

(סוף)

יהודה הלוי

## יעדוני בני ימים

יעדוני בני ימים חלומות
ונחמות סתומות וחתומות,
ולי לא נאחז ממועדם רק
חלי לב ורקב בעצמות.

ואראה שבלים טובות, מלאות,
ואמצא שבלי — דקות, צנומות.

ונשארתי לבדי מקרובי —
אחי תוגות ורע המהומות.

---

די צייט האָט מיך אין חלומות פאַרוויגט,
אין אַ שיינעם, פאַנטאַסטישן מאָרגן;
האָבן מיך גאָר צרות באַזיגט,
האָט אַ ווייטיק מיין הארץ דערוואָרגן.

געהאָפט האָב איך אויף תבואות געגאַרטע,
געקומען זענען זאַנגען פאַרדאַרטע.

בין איך אַליין, איינזאַם פאַרבליבן —
אַ ברודער צו זאָרג, צו אומעט אַ טריבן.

יידיש — מאיר קאָראָנאַ

## דערשינענע ביכער פון מאיר קאָראַנאַ:

| | | |
|---|---|---|
| „היימישע מענטשן" | (דערציילונגען) | אין יאָר 1939 |
| „צ ו י ט ן" | (דערציילונגען) | אין יאָר 1943 |
| „אין שטראָם פון לעבן" | (דערציילונגען) | אין יאָר 1951 |
| „פאַרלוירענע וועגן" | ( ר אָ מ אַ ן ) | אין יאָר 1953 |